## אנאַטאָל פראַנס

# אין שאָטן פון דער קירך

(דער אולעם פון מאַרק־פּלאַץ)

פון פראַנצויזיש מ. דהאָלצבלאַט



פאַרלאַג שלמה גאָלדפאַרב, וואַרשע

— 1928 —

דער זאַל, ווו דער קאַרדינאַל-ערצבישאָף פלעגט אויפ-
נעמען זיינע אינטערעסאַנטן, איז געווען אינם סטיל פון
לואי דעם פופצנטן, באַפוצט מיט פיינע האָלץ-שניצערייען
פון העל-גרויער קאָליר, פיגורן פון פרויען, וואָס זענען
געזעסן צווישן טראָפּעען, האָבן באַפוצט די ווינקלען פון די
קאַרניזן. אַ שפּיגל, וואָס איז באַשטאַנען פון צוויי טיילן איז
געהאָנגען איבערן קאַמין; זיין הינטערשטער טייל איז געווען
באַדעקט מיט אַ סאַמעטענער דראַפּעריע פון קאַרמאַזין-קאָליר,
פון וועלכער עס האָט זיך אַרויסגעהויבן אַ הייליקע יונגפרוי
פון לורד, אַ שניי-ווייסע מיט אַ שיינער, בלויער קאָקאַרדע.
לענגאויס די וואַנט, צווישן די זיילן, זענען געווען אויס-
געהאָנגען עמאַליענע אָרדערס אין גרינע פּלושענע ראַמען,
געדרוקטע פאַרביקע בילדער פון די פויפּסטן פּיוס דעם ניינטן
און לעאָן דעם דרייצנטן, און פאַרשידענע האַפּטן, – אַן
אָנדענקונג פון רוים, אָדער אַ מתּנה פון די פרומע דאַמען פון
דער דיעצעזיע. גיפּסענע מאָדעלן פון גאָטישע און ראָמאַנישע
קירכעס זענען געשטאַנען אויף די געגילדעטע קאָנסאָלן: דער
קאַרדינאַל-ערצבישאָף איז געווען אַ ליבהאָבער פון שיינע
בנינים. פונם באַלקן איז אַראָפּגעהאָנגען אַ זשיראַנדאָל אינם
סטיל פון די מעראָווינגן, אויסגעפירט לויט די פּלענער פון
ה' קאַטרבאַרב, דער אַרכיטעקט פון דער דיעצעזיע און
קאַוואַלער פון אָרדן פון הייליקן גרעגואַר.

זיין עמינענץ האָט אַרויפגעשאַרצט זיין סוטאַנע און
געוואַרעמט ביים פייער זיינע קורצע, פעסטגעבויטע פיס אין
פיאָלעטענע זאָקן; ער האָט דיקטירט אַ פּאַסטאָראַלן בריוו צו
די גלחים פון זיין דיעצעזיע, בעת ה' גולע, דער גענעראַל-וויקאַר

איז געזעסן ביים גרויסן טיש פון שילדקרעט און בראָנז, איבער וועלכן עס איז געהאָנגען אַ קרוציפיקס פון העלפאַנטביין, און געשריבן: — און קיין שום זאַך זאָל נישט פאַרטונקלען די פרייד פון כרמל אין אונזערע נשמות...

זיין עמינענץ האָט דיקטירט מיט אַ טרוקענער שטים. אָן איבריקער כוונה. דאָס איז געווען אַ קליין מענטשעלע; ער האָט גלייך געטראָגן זיין גרויסן קאָפּ און פירקאַנטיק פּנים, וואָס האָט מיט די יאָרן פאַרלוירן זיין עלאַסטישקייט. זיין געזיכט האָט זיך אויסגעצייכנט מיט גראָבע און וווּלגאַרע שטריכן, און אויסגעדריקט דורכגעטריבנקייט און אַ געוויסע חשיבות, וואָס קומט פון געוווינהייט און פון דער ליבע צו רעגירן.

— די פרייד פון כרמל... אויף דעם אָרט זאָלט איר אַנטוויקלען די אידעען פון שלום, פון אונטערוואַרפן זיך די באַפעלן פון דער העכערער מאַכט, וועלכע איך האָב שוין אויסגעדריקט אין מיינע פריערדיקע בריוו.

ה' דע גולע האָט אויפגעהויבן זיין לענגלעך, בלאַס און איידל פּנים, וואָס איז געווען אַרומגערינגלט מיט וווּנדערבאַר שיינע געקרייזלטע האָר, ווי אַ פערוק פון לואי דעם פערצנטנס צייטן.

— צי וואָלט אָבער נישט כדאי געווען, — האָט ער זיך אָנגערופן, — באַנייענדיק די דאָזיקע דעקלאַראַציעס, צו פאַרהאַלטן זיך אין רעזערוו, וואָרים דאָס פאָדערט די לאַגע פון דער ציווילער מאַכט, וועלכע וואַקלט זיך אַדאַנק די פסדרדיקע אינערלעכע קריזיסן און איז דעריבער נישט פעיק צו געבן אירע פאַרבינדעטע דאָס, וואָס זי אַליין פאַרמאָגט נישט? כ'וויל דערמיט זאָגן: די קאָנטינויִטעט און די דויערעווּ־דיקייט. וואָרים זיין עמינענץ זעט דאָך בחוש, אַז די ירידה פון פאַרלאַמענטאַריזם...

דער קאַרדינאַל־ערצבישאָף האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— אָן שום באַוואָרענישן, ה'דע גולע, אָן וועלכע עס איז באַוואָרענישן. איר זענט איבערגעפולט מיט וויסן און פרומקייט,

ה׳ דע גולע, אָבער אייער אַלטער מדריך וואָלט אייך געקאָנט נאָך געבן נישט איין לעקציע פון פּאָרזיכטיקייט, איידער ער וועט פאַרן טויט, איבערגעבן אין אייערע יונגע, ענערגישע הענט, די פאַרוואַלטונג מיט דער דיעצעזיע. צי האָבן מיר דעם מינדעסטן גרונט נישט צו זיין צופרידן פונם פּרעפעקט וואָרמס־קלאַוועלען, וועלכער באַציט זיך גינציק צו אונזערע שולן און פונדאַציעס? צי וועלן דען מאָרגן ביי אונז אויף מיטאָג נישט זיין צו גאַסט דער דיוויזיע־גענעראַל און דער פּרעמיער־מיניסטער? וואָס שייך אָבער דעם מיטאָג, ווייזט מיר נאָר די רשימה פון די מאכלים.

דער קאַרדינאַל־ערצבישאָף האָט דורכגעקוקט דעם מעניו, אים אויסגעבעסערט, דערגענצט און צוגעשריבן אַ באַמערקונג, אַז מ׳זאָל קויפן פלייש ביי ריוואַרן, דעם הויפּט־ליפעראַנט פון דער פּרעפעקטור.

דער דינער איז אַריינגעקומען און אים איבערגעגעבן אַ וויזיט־קאַרטע אויף אַ זילבערנער טאַץ.

זיין עמינענץ האָט איבערגעלייענט אויף דער קאַרטע דעם נאָמען פון גלח לאַנטען, דער רעקטאָר פון סעמינאַר, און זיך געווענדעט צו זיין גענעראַל־וויקאַר:

– כ׳גיי אין אַ געוועט, – האָט ער געזאָגט, – אַז ה׳ לאַנטען קומט ווידער זיך באַקלאָגן פאַר מיר אויף דעם ה׳ גיטרעל.

ה׳ דע גולע האָט זיך אויפגעהויבן, האָבנדיק בדעה אַרויסצוגיין פון זאַל. זיין עמינענץ האָט אים אָבער פאַרהאַלטן.

– בלייבט! איך וויל, אַז איר זאָלט צוזאַמען מיט מיר טיילן דאָס פאַרגעניגן צו הערן רעדן דעם ה׳ לאַנטען, וועלכער שמט, ווי איר ווייסט, פאַר דעם ערשטן רעדנער אין דער דיעצעזיע. און אויב מ׳זאָל זיך רעכנען מיט דער עפנטלעכער מיינונג, דרשנט ער פיל בעסער, ווי איר, ה׳ דע גולע. דאָס איז אָבער נישט מיין מיינונג. צווישן אונז גערעדט, האַלט איך נישט שטאַרק, נישט פון זיין אָנגעבלאָזענער שפּראַך און

נישטפון זיין פאַרקריפּלטן וויסן. ער איז אומגעהייער לאַנגווייליק, און איך פאַרהאַלט אייך, כּדי איר זאָלט מיר צוהעלפן אים יוזאָס שנעלער פּטור צו ווערן.

אַ גלח פון הויכן וווקס, זייער אַ דיקער, מיט אַן ערנסט, באַשיידן פּנים און קאָנצענטרירטן בליק, איז אַריין אין זאַל און געגריסט.

ביי זיין אָנבליק האָט זיין עמינענץ פריילעך אויסגערופן:

— אַ! אַ גוטן מאָרגן אייך, גלח לאַנטען. אין דער זעלבער רגע, ווען איר האָט אייך געהייסן אַנאָנסירן, האָבן מיר, דער גענעראַל-וויקאַר און איך, גראָד גערעדט וועגן אייך. מיר האָבן אויסגעדריקט די מיינונג, אַז איר זענט דער אָנגעזעענסטער רעדנער אין דער דיעצעזיע, און אַז אייער דרשה אין דער קירך פון הייליקן עקזופּער, איז דער בעסטער באַווייז פון אייער גרויסן טאַלענט און וויסן.

דער גלח לאַנטען האָט זיך פאַרויטלט. ער איז געווען זייער עמפּפינדלעך פאַר לויברייד, און נאָר אַדאַנק דער גאַווה האָט דער שונא זיך געקענט אַריינקריגן אין זיין נשמה אַריין.

— עמינענץ, — האָט ער געענטפערט, — און זיין געזיכט איז באַלויכטן געוואָרן פון אַ שמייכל, וואָס איז אָבער באַלד פאַרשוווּנדן, — די צושטימונג פון זיין עמינענץ פאַרשאַפט מיר אַ גרויסע פרייד און דערמונטערט מיך אָנצוהויבן אַ געשפּרעך, וואָס מאַכט מיר לגמרי נישט קיין פאַרגעניגן. וואָרים מיט אַן אָנקלאַגע קומט צו אייך צו גיין דער רעקטאָר פון סעמינאַר.

זיין עמינענץ האָט אים איבערגעריסן:

— זאָגט מיר, הער לאַנטען, צי זענען אייערע דרשות שוין ערגעץ-ווו אָפּגעדרוקט געוואָרן?

— ס'איז ווועגן זיי דערמאַנט געוואָרן אין דער „רעליגיעזער וואָך" פון דער דיעצעזיע. איך בין גערירט, עמינענץ, פון די סמנים פון אינטערעס, וואָס איר באַווייזט אַרויסצוווייזן

לגבי מיינע אַפּאָסטאָלישע אַרבעטן. ליידער! אַ לאַנגע צייט איז שוין, ווי איך דרשן דעם אמת פון דער אַמבאָנע. שוין אין יאָר 1880 פלעג איך איבערגעבן אַסך פון מיינע דרשות דעם גלח ראָקעט, וואָס איז אין משך פון דער צייט דערהויבן געוואָרן ביז צו דער מדרגה פון אַ בישאָף.

— אַ! — האָט אויסגערופן זיין עמינענץ, שמייכלענדיק, — דער גוטער ראָקעט! בעת איך האָב פּאַראַיאָרן עולה רגל געווען קיין רוים, האָב איך מיך צום ערשטן מאָל געטראָפן מיטן ה' ראָקעט, וועלכער איז פול מיט שׂמחה געגאַנגען צום וואַטיקאַן. מיט אַכט טעג שפּעטער האָב איך אים ווידער באַגעגנט אין דער באַזיליקע פון הייליקן פּיאָטר, ווו ער האָט געזוכט אַ טרייסט, וואָס איז אים אגב זייער נויטיק געווען, וואָרים דער פּויפּסט האָט אים אָפּגעזאָגט צו שענקען דעם קאַרדינאַל-הוט.

— און פאַרוואָס, — האָט ה' לאַנטען געפרעגט מיט אַ שטים, וואָס איז געווען ענלעך צום פייף פון אַ בייטש, — פאַר וועלכע מעשׂים טובים זאָל דער פּורפּורענער קאַרדינאַל-מאַנטל באַדעקן די פּלייצעס פון דאָזיקן אומבאַדייטנדן מענטשעלע, וואָס צייכנט זיך אויס מיט דורכשניטלעכע מדות, איז זייער ווייניק געבילדעט און איז, דעם אמת געזאָגט, אַ גרויסער עם-הארץ? צי אפשר דערפאַר, וואָס ער האָט אויף אַ באַנקעט פון די פראַנקמאַסאָנען געגעסן קעלבערנס צוזאַמען מיטן פּרעזידענט פון דער רעפּובליק? ווען ראָקעט וואָלט געווען בכּוח זיך אויפצוהויבן איבער זיך גופא, וואָלט ער זיך אַליין געוווּנדערט, וואָס ער איז געוואָרן בישאָף. אין צייטן פון נסיון, בעת מיר שטייען פּנים אל פּנים פאַר אַ צוקונפט, וואָס דאָ לאָקט זי אונז מיט זיסע הבטחות און דאָ שרעקט זי אונז מיט מוראדיקע סכּנות, וואָלט כּדאי געווען צו שאַפן אַ גייסטלעכקייט, וואָס זאָל זיין מעכטיק סיי לויט איר כאַראַקטער, סיי לויט איר וויסן. און טאַקע איצט, עמינענץ, וויל איך מיט אייך איבעררעדן וועגן אַ גלח, וואָס איז נישט פעיִק צו טראָגן אויף זיך די משׂא פון זיינע גרויסע פליכטן, פון אַ צווייטן ראָקעט. דער

פראָפעסאָר פון דער עלאָקווענץ אין סעמינאַר, ה׳ גיטרעל...
זיין עמינענץ האָט אים ווידער איבערגעריסן, מאַכנדיק דעם אָנשטעל פון אַ צעטראָגענעם, און לאַכנדיק געפרעגט, צי ה׳ גיטרעל איז נישט אַמאָל אויך אויפן וועג צו ווערן בישאָף ?
– וואָס פאַר אַ איינפאַל, עמינענץ ! – האָט אויסגערופן דער גלח לאַנטען. – אויב דער מענטש זאָל צופעליק באַקומען דעם עפיסקאָפּאַט, וואָלטן מיר זיך ווידער צוריקגעקערט צו די צייטן פון קאַוטינוס, בעת אַן אומווירדיקער גלח האָט פאַר־אומרייניקט די אַמבאָנע פון הייליקן מאַרטין.
דער קאַרדינאַל־ערצבישאָף, אַן איינגעקורטשעטער אין זיין פאָטעל, האָט גוטמוטיק געזאָגט :
– קאַוטינוס, דער בישאָף קאַוטינוס (ער האָט דאָס ערשטע מאָל געהערט דעם דאָזיקן נאָמען), קאַוטינוס, וועלכער האָט פאַרנומען דעם טראָן פון הייליקן מאַרטין. צי זענט איר באמת זיכער, אַז דער דאָזיקער קאַוטינוס האָט זיך אַזוי שלעכט אויפגעפירט, ווי ס'איז אַלגעמיין אָנגענומען ? דאָס איז אַן אינטערעסאַנטער פאַקט אין דער געשיכטע פון דער גאַלישער קירך. איך וואָלט געוואָלט וועגן דעם הערן די מיינונג פון אַזאַ געלערנטן מאַן, ווי איר זענט עס, ה׳ לאַנטען.
דער רעקטאָר פון סעמינאַר האָט זיך אויסגעגלייכט :
– עמינענץ, דאָס עדות־זאָגן פון גרעגואַר פון טור איז דעצידירנד אין דעם ענין פון בישאָף קאַוטינוס. דער דאָזיקער יורש פון לייטזעליקן מאַרטין האָט זיך אַרומגערינגלט מיט אַזאַ לוקסוס און אויף אַזאַ אופן פאַרשווענדט די אוצרות פון דער באַזיליקע, אַז אין משך פון צוויי יאָר פון זיין הערשאַפט, האָבן זיך אַלע הייליקע קירכלעכע כלים געפונען אין די הענט פון די ייִדן פון טור. און אויב איך האָב דערמאַנט דעם נאָמען פון קאַוטינוס אין צוזאַמענהאַנג מיטן ענין פון גלח גיטרעל, האָב איך עס נישט געטון אָן אַ געוויסן גרונט. ה׳ גיטרעל פאַרכאַפּט פאַר זיך אַלע קונסט־חפצים, האָלצשניצערייען, קינסטלעריש ציזעלירטע וואַזעס, וואָס זענען נאָך פאַראַן אין

די דאָרפישע קירכעס און ווערן אָפּגעהיטן דורך עם-האַרצישע קירכע-שומרים; און די דאָזיקע גזלה ווערט אויסגעפירט לטובת די ייִדן.

— לטובת די ייִדן? — האָט זיין עמינענץ געפרעגט. — וואָס רעדט איר?

— לטובת די ייִדן, — האָט געענטפערט דער גלח לאַנטען, — און כדי צו באַרייכערן די סאַלאָנען פון פּרעפעקט וואָרמס-קלאַוועלען, וועלכער איז אַ ייִד און אַ מאַסאָן. מאַדאַם וואָרמס-קלאַוועלען האָט אַן אינטערעס פאַר אַלטערטימלעכקייטן. אַדאַנק דער פאַרמיטלונג פון ה׳ גיטרעל האָט זי זיך פאַרשאַפט די הייליקע קירכלעכע בגדים, וואָס געפינען זיך זינט דריי הונדערט יאָר אין דער קירך פון ליזאַנסי, און ווי מ׳האָט מיר פאַרציילט, האָט זי געלאָזט מאַכן פון זיי פּאָטעלן, די אַזוי גערופענע „פּופס".

זיין עמינענץ האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— „פּופס"! אויב די דאָזיקע בגדים, וואָס ווערן שוין היינט אינגאַנצן נישט באַנוצט, זענען דערוואָרבן געוואָרן געזעצלעך, זע איך לגמרי נישט איין, מיט וואָס דער בישאָף קאַוטינוס... כ׳וויל זאָגן, דער גלח גיטרעל, האָט זיך פאַרשולדיקט, פאַרמיטלענדיק אין דעם דאָזיקן לעגאַלן ענין. מען דאַרף נישט פאַרערן די בגדים פון די פרומע גלחים אין ליזאַנסי, ווי רעליקוויעס פון הייליקע. דאָס איז לגמרי נישט קיין חלול-השם צו פאַרקויפן זייערע אָפּגענוצטע קליידער אויף צו מאַכן פון זיי פּאָטעלן.

ה׳ דע גולע, וואָס האָט זינט אַ געוויסער צייט נישט אַרויסגעלאָזט פון מויל זיין פעדער, האָט זיך נישט געקענט איינהאַלטן און אַ ברום געטון אונטער דער נאָז. ער האָט שטאַרק באַדויערט, וואָס די אומגלויביקע באַרויבן די קירכעס פון זייער אַרטיסטישער עשירות. דער רעקטאָר פון סעמינאַר האָט ווידער אָנגעהויבן צו רעדן מיט איבערצייגונג:

— לאָמיר לאָזן אין אַ זייט, עמינענץ, אויב ס׳איז אייך ביחא, די שאַכערייען, מיט וועלכע עס גיט זיך אָפּ דער פריינט

פון יִדישן פּרעפעקט וואָרמס-קלאַוועלען. דערלויבט מיר אָבער אַרויסצוטרעטן קעגן דעם פּראָפעסאָר פון עלאָקווענץ אין מיין סעמינאַר מיט אַנדערע פאָרוורפן, וואָס זענען בלי ספק גערעכטע. אָט זענען די צוויי פונקטן פון דער באַשולדיקונג. כ'באַשולדיק: 1) זיין לערע, 2) זיינע מדות. איך זאָג, אַז איך באַשולדיק 1) זיין לערע, און דאָס צוליב פיר מאָטיוון: 1)...

דער קאַרדינאַל-ערצבישאָף האָט אויסגעשטרעקט זיינע אָרעמס, ווי ער וואָלט געוואָלט אָפטרייבן פון זיך אַזאַ גרויסע צאָל אַרטיקלען.

— ה' לאַנטען, כ'זע, ווי דער גענעראַל-וויקאַר בייסט זינט אַ געוויסער צייט כסדר זיין פעדער און מאַכט פאַרצווייפלטע סמנים, כדי צו דערמאַנען מיר, אַז אונזער דרוקער וואַרט אויף אונזער פאַסטאָראַלן בריוו, וואָס דאַרף איבערגעלייענט ווערן זונטיק אין אַלע קירכעס פון אונזער דיעצעזיע. דערלויבט מיר צו ענדיקן דעם דאָזיקן בריוו, וועלכער וועט ברענגען, ווי איך האָף, אַ געוויסע טרייסט אונזערע גלחים און גלויבנדע.

דער גלח לאַנטען האָט זיך פאַרבויגן און איז טרויעריק אַרויסגעגאַנגען. נאָך זיין אַוועק-גיין, האָט זיך דער קאַרדינאַל-ערצבישאָף געווענדעט צו ה' דע גולע:

— איך האָב נישט געוווּסט, אַז ה' גיטרעל איז אַזאַ גוטער פריינט פון פּרעפעקט. און איך בין זייער דאַנקבאַר דעם הער רעקטאָר פון סעמינאַר, וואָס האָט מיר וועגן דעם מודיע געווען. ה' לאַנטען איז די אויפריכטיקייט אַליין; איך ווייס ווי אָפּצושאַצן זיין אָפנהאַרציקייט און יושר. מיט אים ווייס מען, ווו מ'האָט צו גיין...

ער האָט אָבער באַלד פאַרבעסערט:

... ווו מ'וואָלט באַדאַרפט צו גיין.

## II

דער גלח לאַנטען, דער רעקטאָר פון סעמינאר, האָט גע־אַרבעט אין זיין קאַבינעט, וואָס די ווענט זיינע, געקאַלעכטע, זענען פון דריי זייטן געווען פאַרשטעלט מיט פּאָליצעס פון ווייס האָלץ, אויף וועלכע עס זענען געלעגן די וויסנשאַפטלעכע ווערק: מינס געשיכטע פון די קירכלעכע פאָטערס, אַ ביליקע אויסגאַבע פון טאָמאַס אַקווינאָס ווערק, פון באַראָניוסן און פון באָסועטן. אַ בילד פון דער הייליקער יונגפרוי אינם סטיל פון מיניאַר, מיט אַן אַלט פּאַלמע־צווייגל, וואָס האָט אַרויסגעשטאַרט פון דער פאַרגילדעטער ראַם, איז געהאָנגען איבער דער טיר. שטולן, געפלאָכטענע פון פערדהאָר, זענען אומגאָסטפרײַנטלעך אויסגעשטעלט געווען אויפן רויט־געמאָלטן דיל אונטער די פענסטער, דורך וועלכע אַן עפּושדיקער ריח איז אריינגעדרונגען פונם רעפעקטאָריום אין צימער אריין און דורכגעזאַפּט די בייג־וולנע פּוירדאַנגען.

איבערגעבויגן איבער זיין טיש פון ניסהאָלץ, האָט דער רעקטאָר געבלעטערט די רעגיסטערס, וואָס זענען אים פאַר־גיצשטעלט געוואָרן דורכן גלח פעריק, דער סעמינאַר־פאַרוואַלטער, וואָס איז געשטאַנען לעבן אים.

— איך זע, — האָט זיך אָנגערופן ה׳ לאַנטען, — אז מ׳האָט די וואָך ווידער געפונען אַ היפּש ביסל נאַשערייען אינם צימער פון עפּעס אַ שילער. אַזעלכע מעשים חזרן זיך שוין איבער צו אָפט

און אין דער אמתן, די סעמינאַריסטן זענען געווען געהויבט צו באַהאַלטן שאָקאָלאַד צווישן זייערע לערן-ביכער. זיי האָבן עס גערופן די טעלעגיע פון מעניע. זיי פלעגן זיך ביינאַכט פאַרזאַמלען צו צוויי אָדער דריי אין אַ צימער און מכבד זיין איינער דעם אַנדערן מיט זיסיקייטן.

דער גלח לאַנטען האָט אויפגעפאָדערט דעם אויפזעער שטרענג אויסצוראָטן די דאָזיקע עבירות.

— אָט די אומאָרדנונגען זענען געפערלעך צוליב דעם, וואָס זיי קענען גורם זיין פיל גרעסערע הטאים.

ער האָט זיך געהייסן דערלאַנגען דעם רעגיסטער פון קלאַס, ווו מ'האָט געלערנט עלאָקווענץ. אָבער בעת פעריק האָט אים דערלאַנגט דעם רעגיסטער, האָט ער אָפגעווענדט פון אים זיין בליק. ביים בלויזן געדאַנק, אַז דער לימוד פון עלאָקווענץ געפינט זיך אין די הענט פון גלח גיטרעל, וואָס איז אַ מענטש אָן גלויבן און פון שלעכטע מדות, האָט אים אַזש דאָס האַרץ פאַרקלעמט. ער האָט אַ שטילן זיפץ געטון:

— ווען וועלן אַראָפּפאַלן די שערבעלעך פון ערצבישאָף קאַרדינאַלס אויגן, און ער וועט דערזעען, ווי זינדיק עס איז דער דאָזיקער גלח?

ער האָט פאַרטריבן פון זיך דעם דאָזיקן ביטערן געדאַנק, כדי באַהערשט צו ווערן פון אַן אַנדערער, נישט ווייניקער ביטערער מחשבה:

— און פּיעדאַניעל? — האָט ער געפרעגט.

פירמען פּיעדאַניעל איז די לעצטע צוויי יאָר געווען די סיבה פון רעקטאָרס אומאויפהערלעכע דאגות. דער איינציקער זון פון אַ טאַנדייט-שוסטער, וואָס האָט געהאַט זיין בויד צווישן די צוויי באַשטעס פון דער קירך פון הייליקן עקזופער, איז ער אַדאַנק זיין נישטדורכשניטלעכער אינטעליגענץ געווען דער בעסטער און פעיקסטער תלמיד אין סעמינאַר. ער איז פון דער נאַטור געווען אַ רויקער און געהאַט גוטע נאָטן פון אויפפירונג. זיין אומדרייסטער כאַראַקטער און שוואַכער אָרגאַניזם זענען געווען אַ גענוגנדע ראיה פאַר דער ריינקייט פון זיינע מדות.

האָט ער אָבער זיך נישט אויסגעצייכנט מיט קיין באַזונדערע טעאָלאָגישע פעיקייטן, ווי אויך נישט געהאַט קיין נייגונג צו גלחות. אַפילו זיין גלויבן איז געווען אַ וואַקלדיקער. לאַנטען, וועלכער איז געווען אַ גרויסער מענטשן-קענער, האָט זיך נישט איבריק געשראָקן פאַר די שטורעמדיקע, טיילמאָל אויסלייזנדיקע אָנפאַלן פון מרידה, וואָס טרעפן זיך נישט זעלטן ביי יונגע פריסטערס, און ווערן אָבער באַלד איינגעשטילט דורך גאָטס חסד. דערפאַר אָבער האָט ער מורא געהאַט פאַר דער אָנמאַכט פון אַ רויִק אומגעהאָרכזאַמען גייסט. ער פלעגט זיך איינגאַנצן באַאַש זיין פון אַ נשמה, וואָס איז שנעל און לייכט אַריינגעפאַלן אין אַ ספק, וואָס אירע געדאַנקען פלעגן פון זיך אַליין זיין גענייגט צו אַפיקורסות. אַזעלכער איז טאַקע געווען דער שכל־דיקער זון פון שוסטער. דעם גלח לאַנטען איז אנומלט אויס־געריכט, מיט דער הילף פון אַ געשיקטן פאָרטל געלונגען צו אנטפלעקן דעם אמתן תוך פון דער דאָזיקער העפלעך פאַר־מאסקירטער נשמה. ער האָט א פארציטערטער באַמערקט, אז פון די למודים אין סעמינאר האָט פירמען פארהאַלטן פאר זיך די עלעגאַנץ פון לאטייניש סטיל, די געשיקטקייט אינם באַ־גוצן זיך מיט סאָפיזמען און א געוויסן סענטימענטאַלן מיסטיציזם. זינט דעמאָלט האָט ער אים געהאלטן פאר א שוואכע און גע־פערלעכע בריאה, פאר אן אומגליקלעכן און בייזן מענטשן. פונדעסטוועגן האָט ער אָבער ליב געהאט דעם דאָזיקן יונגל און געפילט צו אים א געוויסע שוואכקייט. נישט געקוקט אויפן צער, וואס ער האָט אים פארשאפט, איז ער אָבער געווען צו־פרידן, וואָס ער איז די צירונג, די באשיינונג פון סעמינאר. ער האָט ליב געהאט אין פירמענען די נישט דורכשניטלעכע פעיקייטן פון שכל, די צארטע זיסקייט פון זיין שפראך, און אפילו דעם ווייכן גלאנץ פון זיינע בלאסע, קורצזיכטיקע אויגן, וואָס האָבן ווייטוקפול אַפערגעקוקט פון אונטער די ציטערנדיקע אויגן-לעפלעך. ער פלעגט הנאה האָבן, זעענדיק אין אים א קרבן פון דעם גלח גיטרצל, וואָס זיין אינטעלעקטועלע און מאָראלישע אָרעמקייט האָט געמוזט — ער האָט דערין פעסט

נעגלויבט — באַליידיקן אין פּאַראָמערן אַזאַ אינטעליגענטן און שכלדיקן יונגל, ווי פּירמען. ס׳האָט אים הנאה געטון, אַז פּירמען, — צו שוואַך כדי צו ווערן איינער פון די ענערגישע פּירצה, אין וועלכע די קירך נייטיקט זיך אַזוי שטאַרק, — האָט ביי אַ גוטער השגחה געקאָנט אין דער צוקונפט ווערן פאַר דער אמונה אַ צווייטער פּערעירא אָבער זשערבע, איינער פון יענע גלחים, וואָס גיבן זיך איבער זייער עבודה, ווי אַ יונגע ליבנדע מוטער. מחמת דעם, וואָס ער איז אָבער נישט פעיק געווען זיך לאַנג אָפּצונאַרן, פלעגט ער שנעל אָוועקטרייבן פון זיך די דאָזיקע אומזיכערע האָפענונג און פאָראויסזעען, אַז פונם דאָזיקן יונגל וואָלט ענדער געקאָנט אַרויסקומען א צווייטער גערול, א צווייטער רענאַן. און קאלטע אנגסטן האָבן באַגאַסן זיין שטערן. ער פלעגט אויפצאַפּלען ביים בלויזן געדאַנק, אַז ער דערציט אַזעלכע תלמידים, אַז ער גרייט צו די שרעקלעכסטע שונאים פון אמת.

ער האָט געוווּסט, אַז דווקא אינם טעמפּל זענען געשמידט געוואָרן די האַמערס, וואָס ה׳האָבן צעשטערט דעם מקדש. ער פלעגט אָפט זאָגן: „די מאַכט פון דער טעאָלאָגישער דיסציפּלין איז אומגעהייער גרויס און נאָר זי אַליין איז פעיק צו ברענגען אויף דער וועלט די גרעסטע אפּיקורסים; אַן אפּיקורס, וואָס איז נישט דורכגעגאַנגען דורך אונזערע הענט, איז אָנמעכטיק און שוואַך אַקעגן דעם יצר־הרע, אין אונזערע מויערן לערנט מען זיך אַלץ אויס, אפילו ווי אזוי מחלל שם צו זיין.״ פון דורכשניטלעכע, פּשוטע תלמידים פלעגט ער נאָר פאָדערן געהאָרכזאַמקייט און אָרנטלעכקייט, זייענדיק זיכער, אַז ער וועט פון זיי מאַכן גלויבנדע מענטשן. ביי נישט דורכשניטלעכע תלמידים האָט ער מורא געהאַט פאַר זייער נייגיריקייט, גאווה, דרייסטער איבערגעשפּיצטקייט פון גייסט און אפילו פאַר זייערע מעשים, וואָס האָבן אומגעבראַכט די מלאכים.

— ה׳ פּעריק, — האָט ער זיך פלוצלינג אָפּגערופן — לאָמיר דורכזען די נאָטן פון פּיעדאַניעל.

דער שולן־אויפזעער האָט איינגענעצט זיין גראָבן פינגער

מיט שפייעכץ, אָנגעהויבן צו בלעטערן דעם רעגיסטער און דערנאָך געוויזן מיטן פינגער אויף די באמערקונגען, וואָס זענען אונטערגעשטראָכן געווען מיט שווארצן טינט אויף די מאַר־גינעסן פון העפט:

פיעדאָניעל דריקט זיך אויס מיט אומפּאָרזיכטיקע רייד.

פיעדאָניעל איז גענייגט צו מרה־שחורה.

פיעדאָניעל נעמט נישט קיין אָנטייל אין די פיזישע אי־בונגען.

דער רעקטאָר האָט געלייענט און געשאָקלט מיטן קאָפּ. ער האָט איבערגעמישט אַ צייטל און ווייטער געלייענט:

פיעדאָניעל האָט אָנגעשריבן אַ שלעכטע אַרבעט וועגן דער אחדות פון גלויבן.

דאָ האָט דער גלח לאַנטען אויסגעבראָכן:

— די אחדות האמונה, אָט, וואָס ער וועט שוין קיינמאָל נישט משיג זיין! און דאָס איז דאָך די אידעע, מיט וועלכער יעדער גלח דאַרף זיין דורך און דורכגעדרונגען. איך וואַקל מיך נישט אַפילו איין רגע און איך האַלט, אַז זי איז כּולל־רוהניות, אַז זי איז, אויב מען קען אַזוי זאָגן, דער שטאַרק־סטער אויסדרוק פון גאָט.

ער האָט אויפגעהויבן אויפן גלח פעריק זיין טיפן און טונקעלן בליק:

— די אחדות האמונה, ה׳ פעריק, איז פאַר מיר דער פּראָביר־שטיין אויסצופּראָבירן די מענטשלעכע הערצער. דער בשוטער שכל, אויב ער צייכנט זיך נאָר אויס מיט אָרנטלעכקייט, ציט ער אַרויס פון דער איינקייטס־אידעע לאָגישע קאָנסעק־ווענצן. און די מער פעיקערע מענטשן דרינגען אַרויס פון דעם פּרינציפּ אַ וווּנדערבאַרע פילאָזאָפיע. דריי מאָל האָב איך שוין געדרשנט פון דער אַמבאָנע אַראָפּ, וועגן דער אחדות־האמונה, און די טיפקייט פון דאָזיקן ענין חידושט מיך נאָך ביזן היינטיקן טאָג.

ער האָט ווידער אויפגענומען זיין לעקטור:

פיעדאָניעל האָט זיך געמאַכט אַ העפט, וועלכן מ׳האָט

געפונגען אין זיין קעטל. אין דעם דאָזיקן העפט האָט פּיע־דאַניעל אייגנהענטיק איבערגעשריבן אויסצוגן פון לעקאָנט דע ליל און פּאַל וערלענס עראָטישער פּאָעזיע, ווי אויך פון אַנדערע פריייזיניקע מחברים, און דער אויסוואַל פון די אויסצוגן איז אַ באַווייז פון זיין גרויכער אויסגעלאַסנקייט און תאווה.

ער האָט פאַרמאַכט דעם רעגיסטער און האַסטיק אים אוועקגעוואָרפן.

— וואָס עס פעלט היינטיקע צייטן, — האט ער א זיפץ געטון, — איז נישט קיין וויסן און נישט קיין אינטעליגענץ, נאר דער טעאָלאָגישער גייסט.

— מיין הער, -- האט געזאגט דער גלח פעריק, — דער פארוואַלטער פרעגט זיך, צי איר קענט אים באַלד אויפ־נעמען. דער אפמאך מיטן קצב לאפאלי ענדיקט זיך דעם כּופצנטן פון היינטיקן חודש, און מ׳וואַרט אויף אייער באשלוס, צי מ׳זאל באנייען דעם אפמאך, וואס אונזער אנשטאלט איז פון אים נישט צופרידן. איר האט דאך מסתמא געמוזט בא־מערקן, אז דאס פלייש, וואס ווערט צוגעשטעלט דורכן קצב לאַפאלי איז פון ערגסטן סארט.

— רופט אריין דעם אינטענדענט, — האט געזאגט ה׳ לאנטען.

אז ער איז געבליבן ... יער אליין, האט ער זיך אנגע־כאפט מיט די הענט פארן קאפ און א טיפן זיפץ געטון:

O quando finieris et quando

cessabis, universa vanitas mundi?

ווייט פון דיר, מיין גאט, זענען מיר נישט מער ווי בלאנ־זשענדיקע שאטנס. עס איז נישט פאראן קיין גרעסער פאר־ברעכן, ווי די וואס ווערן באגאנגען קעגן דער אחדות האמונה. הלוואי זאלן די מענטשן זיך אומקערן אויפן דרך הישר!

בעת דער רעקטאר איז נאכן אנבייסן, בשעת דער הפסקה נאך די לימודים, דורכגעגאנגען דעם הויף, האבן די סעמינא־ריסטן געשפילט אין באלעם. אויף א פלאץ, וואָס איז געווען

איסגעשים מיט זאמד, האט געהערשט א שטארקע באוועגונג. מ׳האָט געזעען רויטע פנימער פון סעמינאַריסטן, וואָס האָבן אויסגעזעען אין זייערע סוטאַנעס, ווי שטידלעך פון שוואַרצע מעסערס; זיי זענען ארומגעלאָפן און געמאַכט לצנישע תנועות שרייענדיק און רופענדיק איינער דעם אַנדערן אין פאַרשיי־דענע דיאַלעקטן. דער אויפזעער, גלח פעריק האָט מיט אַ פאַרשאַרצטער סוטאַננע גענומען אַנטייל אין דער שפּיל, און אָפּגעגעבן זיך איר מיטן ברען פון אַ דאָרפס־מאַן, א בארוישטער פון דער לופט און באוועגונג, דהאָט ער מיטן שפּיץ שוך, ווי־צן אַטלעט געשליידערט דעם ריזיקן באַלעם, וואָס איז געווען אויפגעבלאָזן פון שטיקלעך לעדער. ביים אָנקומען פון רעקטאָר, האָבן די סעמינאַריסטן אויפגעהערט צו שפּילן. דער גלח לאַנטען האָט זיי אָבער געגעבן אַ צייכן מיט דער האַנט, אז זיי זאָלן ווייטער קאָנטינוירן זייער שפּיל. ער איז געגאַנגען לענגאויס דער אַקאַציען־אַלעע, וואָס רינגלט ארום דעם הויף פון דער זייט פון די פעלדער און מויערן. אויפן האלבן וועג האָט ער באַגעגנט דריי תּלמידים, וועלכע האָבן זיך גע־האַלטן פאַר די הענט און געפּירט צווישן זיך אַ געשפּרעך, שפּאַ־צירנדיק אַהין און צוריק. מחמת דעם, וואָס זיי פּלעגן אויף אַזא אופן פאַרברענגען די פּויזע, האָט מען זיי גערופן: די פעריפּאַטעטיקער. ה׳ לאַנטען האָט צוגערופן איינעם פון זיי, דעם יונגסטן. דאס איז געווען אַ בלאַסער בחור, עטוואָס איינ־געבויגן, מיט צאַרטע, שפּאָטישע ליפּן און דערשראָקענע אויגן. ער האָט לכתחילה נישט געהערט ווי מען רופט אים, זיין חבר האָט אים ערשט געמוזט א שטויס טון מיטן עלענבויגען אין געזאָגט:

— פיעדאַניעל, דער רעקטאָר רופט דיך.

פיעדאַניעל האָט זיך דערנענטערט צום גלח לאַנטען און געגריסט צו אים אומגעשיקט, הגם אויך מיט אַ געוויסער גראַציע.

מיין קינד, — האָט דער רעקטאָר זיך אָנגערופן צו אים, — דו וועסט מיר מאָרגן משמש זיין ביי דער מעסע.

דער בחור איז רויט געוואָרן. משמש זיין דעם רעקטאָר

ביי דער מעסע איז געווען זייער אַ גרויסער כבוד פאַר די סעמינאַריסטן.

מיטן סידורל אונטערן אָרעם, איז דער גלח לאַנטען אַרויס דורך דעם קליינעם טירל, פאַרקירעוועט אין פעלד אַריין און זיך אַוועקגעלאָזט אויף זיין געווײנלעכן שפּאַציר לענגאויס די מויערן, אויף אַ זייט, אַ פאַרשטויבטן און אַ פאַרוואָקסענעם מיט פּאָקשיוועס און שטעכעדיקע גראָזן.

אויפן וועג האָט ער געטראַכט:

— וואָס וועט ווערן פון דאָזיקן אָרעמען, צאַרטן, נישט דרייסטן, שוואַכן יונגל, וואָס קאָן נישט קיין שום מלאכה, אויב טען וועט אים פּלוצלינג דערווייטערן פון סעמינאַר? און וואָס פאַרא עגמת-נפש פאַר זיין קראַנקן טאַטן!

ער האָט געשפּרייזט איבער די שטיינדלעך פונם פאַר־וואַרלאָזטן וועג. פאַרבייגייענדיק לעבן צלם, האָט ער אַראָפּגע־נומען זיין הוט, אָפּגעווישט מיטן טיכל דעם שווייס פון שטערן און געזאָגט מיט אַ שטיל קול:

— גאָט מיינער, גיב מיר אַריין אַ געדאַנק, כדי איך זאָל קענען האַנדלען לויט דיין ווילן אפילו ווען מיין פאָטער־לעך האָרץ זאָל ליידן דערפון!

אויף צומאָרגנס, האַלב זיבן אַ זייגער אין דער פרי האָט דער גלח לאַנטען געענדיקט די מעסע אין זיין לערער, איינזאַמער קאַפּליצע. אַן אַלטער קירך־דינער האָט פונאַנדערגע־לייגט פּאַפּירענע בלומען אין פאַרצעלאַיענע וואַזעס ביים אַלטאַר צופוסנס פון דער באַגילדעטער סטאַטועּ פון הייליקן יוסף. אַ גרויער אומעטיקער טאָג האָט אַריינגעקוקט אין פענצטער אַריין און אַ דראָבנער רעגן האָט געטריפט איבער די פאַרנעפּלטע שויבן. דער צעלעבראַנט וואָס איז געשטאַנען לינקס פון הויפּט אַלטאַר, האָט געלייענט די לעצטע עוואַנגעליע:

— Et verbum caro factum est —

האָט ער געזאָגט איינבייגנדיק די קני.

פירמען פיעדאַניעל, וואָס האָט משמש געווען ביי דער מעסע, האָט גלייכצייטיק אַנידערגעקניט אויפן טרעפּ, ווו ס'איז

נעוועזן דאס גלעקל, ער האט זיך אויפגעהויבן און נאך די לעצטע ענטפערס פון גלח, איז ער נאך פארן גלח אריין אין דער זאקריסטיע. דער גלח לאנטען האט אוועקגעשטעלט דעם הייליקן כוס און געוואָרט, אז דאָס יונגל, וואָס האָט אים משמש געוועזן ביי דער מעסע, זאָל אים העלפן אויסטון די הייליקע בגדים. פירמען פיעדאניעל איז געוועזן זייער עמפפינד־לעך אויף די מיסטעריעזע איינפלוסן פון רעליגיעזן ריטואל און געפילט דעם כישוף פון דער דאָזיקער פשוטער, אָבער פונ־דעסטוועגן דהייליקער סצענע. זיין נשמה, באהערשט פון א טיף רירנדער פייערלעכקייט, איז מיט א געפיל פון דהימלישן גליק, פארזונקען אין דער דערהויבנקייט פון דער כהונה. נאך קיינמאָל האָט ער נישט געפילט אזא געוואלטיקן באגער צו ווערן א גלח און אליין אָפריכטן די הייליקע צערעמאָניעס. ער האָט א קוש געטון און זאָרגפעלטיק איינגעלייגט דאָס פריסטער־העמד און די סטולע, זיך פארבויגן פאר דה׳ לאנטען, און געהאַט בדעה זיך צו דערווייטערן. דער רעקטאָר, וואָס האָט גראָד אין דער צייט ארויפגעצויגן אויף זיך זיין סוטאנע, האָט אים געגעבן א צייכן צו פארבלייבן, און אים אָנגעקוקט מיט אזא איידעלן און זיסן בליק, אז דער בחור דהאָט עס אָנגענומען פאר א חסד און ברכה. נאָך א לאנגער שטילשווייגעניש:

— מיין קינד- האָט אָנגעהויבן ה׳ לאנטען—בעת איך האָב אָפגעריכט די היינטיקע מעסע, ביי וועלכער דו האָסט מיר משמש געוועזן, האָב איך מתפלל געוועזן צו גאָט, ער זאָל מיר געבן כוח צו דערווייטערן דיך פון סעמינאר. מיין תפילה איז אָנגענומען געוואָרן. דו געדערערסט נישט מער צו אונזער סעמינאר.

הערנדיק די דאָזיקע רייד האָט פירמען אינגאנצן דעם קאָפּ פארלוירן. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אז דער דיל רוקט זיך איב אפער פון אונטער די פיס. מיט אויגן פול מיט טרערן האָט ער נישט קלאָר געזעען אן איינזאמען וועג אין רעגן, א לעבן אין נויט און פון שווערער ארבעט, דעם אומגליקליכן גורל פון א פארבלאָנזשעט קינד, וואָס פילט זיך אָנמעכטיק און נישט

דרייסט. ער האָט אויפגעהויבן די אויגן אויף ה׳ לאַנטען. די אַנטשלאָסענע מילדקייט, די אומדערשיטערלעכע רויקייט פון דאָזיקן מענטש, האָבן אים אַרויסגעבראכט פון די כלים. און מיט־אַמאָל איז אין זיין נשמה געבוירן געוואָרן און אויפגעוואָקסן אַ ניי געפיל, וואָס האָט אים צוגעגעבן כוח׳ות אויסצוהאַלטן און צו קעמפן, עס איז אין אים געבוירן געוואָרן אַ טיפע שנאה צו די גלחים, אַ פרוכטבאַרע שנאה, וואָס ווערט קיינמאָל נישט אויסגעלאָשן און איז פעיק אויסצופילן דאָס גאַנצע לעבן, נישט אויסרעדנדיק קיין וואָרט, איז ער מיט האַסטיקע טריט אַרויס פון דער קירך.

## III

דער גלח ד'אנטען, רעקטאָר פון סעמינאַר אין ***, האָט אָנגעשריבן צו זיין עמינענץ, דעם קאַרדינאַל ערצבישאָף פון *** פאָלגנדן בריוו:

עמינענץ!

„בעת איך האָב דעם 17-טן ד. ח. געהאט דעם כבוד אויפגענומען צו ווערן דורך אייער עמינענץ, האָב איך מוזא גע-האט צו מיסברויכן מיט אייער פאָטערלעכער גוטסקייט און פאַסטאָראַלער מילדקייט און נישט געוואָלט מיט אַלע גענויע פּרטים פאַרשטעלן דעם ענין, צוליב וועלכן איך בין צו אייך געקומען. מחמת דעם אָבער, וואָס דער דאָזיקער ענין געהערט צו אייער הויכער און הייליקער יוריסדיקציע און איז נוגע דער פאַרוואַלטונג פון איינער פון די עלטסטע און שענסטע דיע-צעזיעס אין דער קריסטלעכער גאַליע, האַלט איך פאַר מיין חוב פאַרצושטעלן דער וואכזאַמער גערעכטיקייט פון אייער עמינענץ די אַלע פאַקטן, וועגן וועלכע ער איז באַרופן ארויס-צוגעבן אַן אורטייל, אין הסכם מיט זיין אויטאָריטעט און טיפן גייסט.

„איבערגעבנדיק די דאָזיקע פאַקטן צו דער קענטניש פון אייער עמינענץ, פיר איך אויס אַ פליכט, וועלכע וואָלט מיר פאַרשאַפן פיל יסורים, ווען נישט דאָס, וואָס איך בין איבער-צייגט, אַז דערפילן די פליכט איז פאַר דער נשמה אַן אומאויס-שעפּלעכער קוואַל פון טרייסטונגען, און אַז עס איז נישט גענוג

צו האָרכן גאָטס באַפעלן, נאָר מען מוז זיי אויך אויספירן אין שמחה און אין פרייד.

„די פאַקטן, וועלכע איך מוז אייך פאָרשטעלן זענען נוגע דעם גלח גיטרעל, פראָפעסאָר פון עלאָקוועגץ אין סעמינאַר. איך וועל זיי איבערגעבן ווי ווייט מעגלעך קורץ און געגוי.

„די דאָזיקע פאַקטן זענען נוגע:

„1) דער דאָקטרין;

„2) די מדות פון גלח גיטרעל.

„איך וועל לכתחילה איבערגעבן די פאַקטן, וואָס האָבן אַ שיכות מיט דער דאָקטרין פון גלח גיטרעל.

„לייענענדיק די העפטן, וואָס אויף זייער סמך פירט ער דעם קורס פון דער הייליקער עלאָקווענץ, האָב איך מיך אָנגעשטויסן אויף א ריי מיינונגען, וואָס זענען נישט אין הסכם מיט דער טראַדיציע פון דער קירך.

„ערשטנס. הגם דער גלח גיטרעל, פאַראַנטווארטיילט אין זיינע אויספירן די קאָמענטאַרן צו דער הייליקער שריפט, וואָס זענען פאַרפאַסט געוואָרן דורך אומגלויביקע און רעפאָרמיסטן, טרעט ער אָבער נישט אַרויס קעגן זייער פרינציפ און אָפּשטאַ-מונג, און דעריבער בלאָנזשעט ער טאַקע זייער שטאַרק. וואָרים ס׳איז אַ באַקאַנטע זאַך, אַז אויב די השגחה איבער דער הייליקער שריפט איז פאַרטרויט געוואָרן דער קירכע, איז דאָך נאַטירלעך, אַז נאָר די קירך איז פעיק צו אינטערפרעטירן די הייליקע ספרים, איבער וועלכע זי האָט די השגחה.

„צווייטנס. אויפגעמונטערט דורכן ביישפּיל פון אַ געוויסן גייסטלעכן, וואָס זיל געפינען חן אין די אויגן פון המון, פרוווט דער גלח גיטרעל צו פאַרטייטשן די סצענעס פון דער עוואַנגעליע מיט דער הילף פונעם לאָקאַלן קאָלאָריט און פון דער פאַלשער פסיכאָלאָגיע, מיט וועלכער די דייטשן האָבן זיך לעצטנס אַזוי באַרימט געמאַכט. ער באַמערקט אָבער נישט, אַז לאָזנ-דיק זיך אויפן וועג פון די אומגלויביקע, גייט ער לענגאויס דעם אָפּגרונט, אין וועלכן זיי זענען אַריינגעפאַלן. איך וואָלט פאַרמאַטערט די גנעדיקע אויפמערקזאַמקייט פון זיין עמינענץ,

דעם קארדינאל-ערצבישאָף, חען איך וואָלט געבראַכט פאַר זיי-
נע גאָטס-פּאָרכטיקע אויגן אַלע שטעלן, אין וועלכע דער גלח
גיטרעל פאַרציילט מיט אַ באַדויערונגסווערטער לעכערלעכקייט,
שטיצנדיק זיך כלומרשט אייף די מעשות פון רייזנדער, וועגן
„דער שיף-רייזע אויפן ים-טבריה", אָדער ווי ער באַשרייבט
מיט אַ נישט דערלאָזבאַרער אומאָנשטענדיקייט דאָס וואָס ער
רופט אָן „נשמה-צושטאַנדן" און „פּסיכישע קריזיסן" פון אונזער
האר, ישו הנוצרי.

„די דאָזיקע נאַרישע נייקייטן, וואָס דאַרפן געטאַדלט ווערן
ביי אַ פשוטן בשר-ודם, טאָרן מכל שכן נישט טאלערירט ווערן
ביי אַ גייסטלעכן, וואָס זיין חוב איז צו דערציען יונגע פּריס-
טער. איך בין דעריבער געווען מער פאַראומערט ווי פאַרחידושט
בעת איך בין געוויר געוואָרן, אַז אַ יונגער, אינטעליגענטער
סעמינאַריסט, וואָס איך בין אים געווען געצוואונגען צו דערווײי-
טערן פון סעמינאר צוליב זיין נייגונג צו אפיקורסות, רופט אָן
דעם פּראָפעסאָר פון עלאָקווענץ: דער גלח פון „פען דע
סיעקל". *)

„3) דער גלח גיטרעל ווייזט אַרויס אַ נישט דערלאָזבאַרע
נייגונג צו פאַררופן זיך אויפן אויטאָריטעט פון קלעמענס פון
אַלעקסאַנדריע, וואָס איז נישט קאַנאָניזירט געוואָרן דורך דער
קירך. דער פּראָפעסאָר פון ע־אָקווענץ פאַררעט די שוואַכקייט
פון אַ גייסט, וואָס איז פאַרפירט געוואָרן דורך דעם ביישפיל
פון די כלומרשטע ספּיריטואַליסטן, וועלכע גלויבן צו געפינען
אין די „סטראָמאַטאַ" אַן אויסשליסלעך אַלעגאָרישן קאָמענטאַר
פון די פונדאמענטאַלע מיסטעריען אינם קריסטלעכן גלויבן. און
הגם דער גלח גיטרעל בלאָנזשעט נישט אַנטגילטיק, ווייזט ער

*) „Fin de siecle" (פען דע סיעקל) — באַדייט: סוף פון
יארהונדערט. באַצייכנונג פאַר מידע, ראפינירטע דערשיינונגען אין
דער ליטעראטור, מאָדע און ד. גל. ביים סוף פון 19-טן יאָרהונדערט
וואָס זענען פאַרמשפּט צום אונטערגאַנג. (באַמ. פון איבערזעצער).

זיך סונדעסטוועגן ארויס, ווי א נישט קאָנסעקווענטער און לייכט-זיניקער מענטש.

„4) די פאַרדאָרבנקייט פון געשמאַק איז א רעזולטאַט פון דער שוואַכער דאָקטרין, און דער גייסט, וואָס פילט אן עקל צו שטאַרקע מאכלים, שטעלט זיך צופרידן מיט לייכטע עסנס; אזוי האַנדלט אויך ה׳ גיטרעל, און פאַר זיינע תלמידים ברענגט ער אלס א ביישפיל פון עלאַקווענץ — די רעדעס פון לאַקאָר-דער און די דרשות פון גראַטרי.

איצט וועל איך בקיצור איבערגעבן די פאַקטן, וואָס האָבן א שייכות מיט די שלעכטע מדות פון ה׳ גיטרעל:

„1) דער גלח גיטרעל פאַרברענגט אָפּט און אין געהיים די צייט ביים פּרעפעקט וואָרמס-קלאַוועלען; ער האַלט זיך נישט אין רעזערוו לגבי דער ציווילער מאַכט, ווי עס פּאַסט פאַר א גייסטלעכן פון נידריקערן ראַנג, בפרט נאָך אין די היינטיקע צייטן, און דאָס נאָך לגבי אַ באַאַמטן, א ייד. און דער בלויזער אומשטאַנד, וואָס ה׳ גיטרעל קומט אַריין צום פּרעפעקט דורך א פאַרבאָרגענעם וועג, איז שוין דער בעסטער באַווייז, אז ער גיט זיך אָפּ א געהעריקן דין וחשבון וועגן דער פאַלשער סיטו-אַציע, אין וועלכער ער געפינט זיך.

„עס איז אַלגעמיין באַקאַנט, אז ה׳ גיטרעל קומט אַרויף צו מאַדאַם וואָרמס-קלאַוועלען מער אלס סוחר, ווי גייסטלעכער. די דאָזיקע דאַמע האָט א גרויסן אינטערעס פאַר אַלטערטים-לעכקייטן, און הגם זי איז א יידישקע, אינטערעסירט זי זיך זייער שטאַרק מיט אַלע חפצים, וואָס האָבן א שייכות צום רעליגיעזן קולט, אויב זיי טראָגן נאָר אויף זיך דעם חותם פון קונסט אָדער פון אַלטערטימלעכקייט. עס איז ליידער, צום אומגליק, דערוויזן געוואָרן, אז א דאַנק דער פאַרמיטלונג פון גלח גיטרעל האָט מאַדאַם וואָרמס-קלאַוועלען פאַר א לעכערלעך נידריקן פּרייז אָפּגעקויפט די אַנטיקע כלים פון די דאָרפישע קירכעס, וואָס געפינען זיך אונטער דער השגחה פון נאַרישע שומרים. אויף אזא אופן זענען אייערע דאָרפישע קירכעס, עמינענץ, באַרויבט געוואָרן פון אָן א שיעור ווערטפולע האַלץ-

שוניצערייען, הייליקע בגדים, הייליקע כוסות און אנדערע רעלי־גיעזע הפצים, און באצירן איצט די פריוואטע אפארטאמענטן פון דעם הער און מאדאם וואָרמס־קלאוועלען. און אפילו א קינד אין דער וויג ווייס אויך, אז מאדאם ווארמס-קלאוועלען האט מיט די הערלעכע און ערפּאָרכטיקע קאַפּעס פון דער קירך פון הייליקן פּורשער, נעהייסן איבערציען איר מעבל, וואָס ווערט גערופן „פּופ". איך וויל נישט אָננעמען, אַז ה׳ גיטרעל האָט פון די דאָזיקע קניות געהאַט אַ געוויסן מאַטעריעלן נוצן; אָבער דאָס אַליין איז שוין מסוגל צו פאַרשאַפן געגוג ווייטאָק דעם פּאַטערלעכן האַרץ פון אייער עמינענץ, ווען אַ פּריסטער פון אייער דיעצעזיע האָט צוגעהאָלפן אויסצולייזן אייערע קירכעס פון יענע רייכטימער, וואָס זענען אַפּילו אין די אויגן פון די אומגלויביקע אַ באַווייז פון העכערן ווערט פון דער קריסט־לעכער קונסט אין פאַרגלייך מיט דער נישט געהייליקטער וועלט־לעכער קונסט.

„2) דער גלח גיטרעל דערלויבט, נישט פּראָטעסטירנדיק צומאָל און נישט באַקלאָגנדיק זיך אַפילו, מ׳זאָלן פאַרשפּרייטן פאַלשע קלאַנגען, אַז דער פּרעמיער, יוסטיץ און בילדונגס־מיניסטער זאָל כלומרשט האָבן צרויסגעזאָגט דעם ווונש צו נאָמינירן אים אויפן פּאָסטן פון בישאָף אין טורקוען. די דאָזיקע פּלוידערייען באַליידיקן דעם מיניסטער, וועלכער דאַרף — נישט געקוקט דערויף, וואָס ער איז אַ פריידענקער און מאַסאָן — שטיין אויף דער וואַך פון די אינטערעסן פון דער קירך, מחמת דעם וואָס ער איז איר ציווילער פּאַרטיידיקער; ער דאַרף דעריבער נאַטירלעך נישט דערלאָזן, אַז עפּעס אַ גלח, ווי דער ה׳ גיטרעל, זאָל פאַרנעמען דעם טראָן פון גאָטגעבענטשטן לופּ. א.ז.וו. אויב מען זאָל וועלן זוכן די סיבה פון דער אינטריגע, וואָלט מען באַדאַרפט מורא צו האָבן, אַז ה׳ גיטרעל איז אַליין דער ערשטער און הויפּט-מחבר פון די דאָזיקע מאַכינאַציעס.

„3) דער גלח גיטרעל פּלעגט אַמאָל אין דער פרייער צייט איבערזעצן אויף פראַנצויזיש די „בוקאָליקן" פונם לאַטיי־נישן דיכטער קאַלפּורניוס, בנוגע וועלכע אלע קריטיקער זאָגן

זיך איינשטימיק ארויס, אז זיי זענען נישט מער ווי א פוסטע דעקלאמאציע. איצט האט ער די דאָזיקע ווערק פון זיין יוגנט ארויסגעגעבן אַנאָנים, און איך וויל גלויבן, אַז דאָס איז פון זיין זייט געווען אַ נישט פארזיכטיקע אומבארעכנטקייט. איין עקזעמפלאר פון די „בוקאליקן" איז איבערגעשיקט געוואָרן צום היגן ראדיקאַלן און פריידענקערישן טאָגבלאַט „לאַמטערן" וואָס האָט דערפון פאַרעפנטלעכט אייניקע שטעלן, ווו ס'איז פאַראַן צווישן אַנדערע דער פערז, וועלכער צווינגט מיך רויט צו ווערן, בעת איך לייג אים פאָר פאַר די פאָטערלעכע אויגן פון אייער עמינענץ:

„אונזער הימל איז די שויס פון דער געליבטער".

די דאָזיקע ציטאַטע איז אינם „לאַמטערן" באַגלייט געוואָרן פון גאָר נישט קיין גינסטיקע קאָמענטאַרן בנוגע דעם כאראַקטער און דעם ליטעראַרישן געשמאק פון גלח גיטרעל. און דער רעדאַקטאָר, וואָס זיין בייזוויליקייט איז צו גוט דאַקאַנט אייער עמינענץ, נוצט אויס דעם דאָזיקן אומגליקלעכן טעקסט, כדי צו באשולדיקן אין אויסגעלאַסענע געדאנקען און נישט אָרנטלעכע כוונות אלע פראָפעסאָרן פון סעמינאר און אפילו אלע גייסטלעכע פון דער דיעצעזיע. איך גיי טאקע נישט דעריבער אריין אינם עצם ענין, צי ה' גיטרעל האָט אלס הומאַניסט געהאט ווע׳כן עס איז גרונט איבערצוזעצן קאלפורניוסן: פונדעסטוועגן באדויער איך פון גאנצן הארצן דאס פארעפנטלעכן דאס דאָזיקע ווערק, וואָרים עס האָט גורם געווען א סקאנדאל, וואָס פארביטערט אָן שום ספק אייער בארמהאַרציק הארץ א סך מער, ווי אבסינט און גאל.

„4) ה' גיטרעל פלעגט יעדן טאָג ארום פינף א זייגער נאָכמיטאָג באזוכן די קראם פון פרוי מאגלואר, אייגנטימערין פון א קאָנדיטאריי אויפן פלאץ פון הייליקן עקזופער. און דארט, איבערגעבויגן איבערן בופעט און איבער די טישן שטודירט ער מיט א טיפן אינטערעס און אַרבייטזאמער פלייסיקייט די זיסיקייטן און נאשערייען, וואָס זענען אנגעזאמלט אויף די טעלערס און שיסלען. דערנאָך שטעלט ער זיך אפ פארן אָרט, ווו ס'זענען

אויסגעשטעלט די קיכלעך, וואָס רופן זיך, ווי מ׳האָט מיר דערקלערט, „באָבע״, ער רירט זיך צו מיטן שפיץ פינגער צו איינס און דערנאָך צו א צווייט קיכל, און הייסט איינפּאקן די דאָזיקע באשערייען אין א בויגן פּאפּיר. איך האָב לחלוטין נישט בדעה אים צו באשולדיקן אין תאווהדיקייט, צוליב דעם מינימאלן און לעכערלעכן אויסוואל פון אייניקע קרעם-קיכלעך אָדער אנדערע זיסיקייטן. אויב מען וועט אָבער נעמען אין באטראכט, אז ער קומט צו דער פרוי מאגלואר אין דער שעה, ווען עס באזוכן זי די עלעגאנטע פּערזאָנען פוןביידע געשלעכטער, און אז ער מאכט זיך לעכערלעך אין זייערע אויגן, פרעגט מען זיך נישט ווילנדיק, צי לאָזט דער פּראָפעסאָר פון עלאָקווענץ אין סעמינאַר, נישט איבער א חלק פון זיין כבוד אין דער קאנדיטאריי? און באמת, די קניות פון גלח גיטרעל האָבן טאקע געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאמקייט פון נייגיריקע, און מען פארציילט ריכטיק צי נישט ריכטיק, אז איין קיכל גיט ער אוועק זיין באלעבאסטע און דאס צווייטע באהאלט ער פאר זיך. נאטירלעך האָט ער דאס רעכט נישט פארדינענדיק לחלוטין אויף א פארוורף צו טיילן זיך מיט נאשערייען מיט זיין באלעבאסטע, אָבער נאָר דעמאָלט ווען די דאזיקע פערזאן האָט שוין דערגרייכט די קאַנאָנישע עלטער. ביידע צינגער טייטשן אָבער אויס זיינע פאַרטרוילעכע באַציונגען מיט דער באַלעבאָסטע אויפן ערגסטן אופן, און איך וואָלט קיינמאָל נישט דערוועגט איבערצוגעבן אייער עמינענץ אַלע פלוידערייען, וואָס ווערן פאַרשפרייט אין שטאָט וועגן די באַציונגען צווישן ה׳ גיטרעל און זיין באַלעבאסטע. איך וויל נישט גלויבן אין די דאָזיקע באשולדיקונגען, אייער עמינענץ וועט אָבער פונדעסטוועגן מודה זיין, אז הער גיטרעל פאַרדינט אַ שטרענגן פאָרוורף שוין בלויז דערפאר, וואָס צוליב זיין שלעכטער אויפפירונג באַשטעטיקט ער דערמיט אליין די בלבולים, וואס ווערן אים פאָרגעוואָרפען. איך האָב בלויז איבערגעגעבן די פאַקטן. עס בלייבט מיר איבער נישט מער ווי ארויסציען דערפון די געהעריקע אויספירן.

איך האָב דעם כבוד פאָרצולייגן אייער עמינענץ אָפצו־
רופן דעם גלח יאָאַכים גיטרעל פון זיין אַמט אַלס פּראָפעסאָר
פון דער הייליקער עלאָקווענץ אין סעמינאַר פון * * *, אויפן
סמך פון אייער גייסטלעכער מאַכט, וואָס איז אייך גע־
געבן געוואָרן דורך דער מלוכה (דעקרעט פון 17־טן מערץ
.1808)

כ'וואלט געוואָלט, עמינענץ, אַז איר זאָלט אויך ווייטער
באַוויליקן אַרויסצווייזן אייער פאָטערלעכע גוטסקייט צו דעם,
אויף וועמען עס איז אַרויפגעלייגט געוואָרן די פירונג פון איי־
ער סעמינאַר, וואס ווינשט פון גאַנצן הארצן צו געבן אייך אַ
באַווייז פון פולשטענדיקער מסירות־נפש און טיפן רעספּעקט,
און וויל פאַרבלייבן אויף שטענדיק אייער הכנעהדיקסטער און גע־
האָרכזאַמסטער דינער.

לאַנטען"

נאָכן ענדיקן דעם דאָזיקן בריוו, האָט ה' לאַנטען אים
פאַרחתמעט מיט זייז זיגל.

IV

אמת איז, אַז דער גלח גיטרעל, פּראָפעסאָר פון עלאָקוועניץ אינם סעמינאַר פון * * *, איז געווען אין שטענדיקע באַציונגען מיטן פּרעפעקט ה׳ וואָרמס-קלאַוועלען און מאַדאַם וואָרמס-קלאַוועלען, פון דער היים קאַבלעניץ. ה׳ לאַנטען האָט אָבער געהאַט אַ טעות, גלויבנדיק, אַז ה׳ גיטרעל באַזוכט די סאַלאָנען פון דער פּרעפעקטור, ווי זיין אַנוועזנהייט וואָלט באַאומרויקט דעם ערצבישאָף און די מאַסאָנישע לאָזשעס: דער פּרעפעקט איז געווען וואַן... די סאָל... לעוו... *)... אין דער קאָנדיטאָריי פון פרוי מאַגלואַר אויפן פּלאַץ פון הייליקן עקסופּער, ווו ער פלעגט אַריינקומען יעדן שבת ארום פינף אַ זייגער. כדי צו קויפן צוויי קליינע קיכלעך פאַר דריי סו, איינס פאַר זיין באַלעבאָסטע, דאס צווייטע פאר זיך, האט ער באַגעגנט דעם פּרעפעקטס פרוי, וואס האט געגעסן געבעקס אין דער געזעלשאַפט פון מאַדאַם לאַקאַרעל, דער פרוי פון איר מאַנס פּריוואַטן סעקרעטאר.

מיט זיינע הכנעהדיקע און דיסקרעטע רייד האט ער געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ מענטש, מיט וועלכן מען קאָן אַלץ מאכן, מען דארף אבער פאר אים נישט מורא האבן; און דעריבער טאקע איז ער באַלד אויפן ארט געפאַלן געוואָרן דער מאדאם וואָרמס-קלאַוועלן, וועלכע האט אַנטפּלעקט אין אים די

*) אַ סימבאָלישע צייכן פאר די מיטגלידער פון דער מאַסאָנען-לאָזשע פון „גרויסן מזרח".

נשמה, נעזיכט-שטריכן און אפילו דאס געשלעכט פון יענע קרע־מערינס, וואס זענען איר פריינטלעך בייגעשטאַנען אין די שווע־רע טעג פון איר יוגנט, אין יענע טעג, בעת נעמי קאָבלענץ איז שוין אַלס בוגרות געווען באַשעפטיקט אינם קאנטאר פון איר פאטער איזאַק, אויפן פלאץ קלישי, און פארתּכלעוועט אירע יארן אין קאנפליקטן און מיספארשטייעניש מיט דער פּאָליציי. איינע פון זיי, מאדאַם וואַשערי, וועלכע האט זי ווי געהעריק אפּגעשאַצט, איז איינגיכן געווארן א פארמיטלערין צווישן איר און דעם יונגן ענערגישן יוריסט, טעאָדאָר וואָרמס־קלאַוועלען, צו כענטש מיט אַ צוקונפט. ער האט באלד איינגעזעען, אז זי וועט אים צונוץ קומען אין זיינע געשעפטן: ער האט דעריבער חתונה געהאט מיט איר נאך דעם, ווי זייער טאכטער יאָהאַננע איז געקומען אויף דער וועלט. דערפאר האט אים זיין פרוי געהאלפן שנעלער מאכן אַ קאריערע. דער גלח גיטרעל איז געווען זייער ענלעך צו מאדאם וואַשערי. דער זעלבער בליק, די זעלבע שטים די זעלבע זשעסטן. און די דאָזיקע מזלדיקע ענלעכקייט האט אויסגערופן די אומגעריכטע סימפּאַטיע פון מא־דאם וואָרמס־קלאַוועלען. זי ד'האט איבעריקנס אלעמאל געהאלטן דעם קאַטוילישן קלער פאר א וועלט־מאַכט. זי האט אים דערי־בער באשלאסן צו פּראטעזשירן ביי איר מאן. ה' וואָרמס־קלאַ־וועלען. וועלכער האט שטארק געהאלטן פון זיין פרויס טאקט און שכל, האט זייער פריינדלעך אויפגענומען דעם גלח גיטרעל בעת ער האט אים צום ערשטן מאל באגעגנט ביים גאלד־שמיד ראָנדאָנאָ דעם יונגערן, אויף דער טענטעלערי־גאַס.

ער איז דארט אַהינגעגאנגען אויסצוקלויבן דעם מאדעל פון א בעכער, וואס איז באשטעלט געווארן דורך דער מלוכה. ווי א פּריז אויף די פערד־געיעגן, וואס זענען ארגאניזירט געווארן דורך דער געזעלשאפט אונטערצושטיצן פערדצוכט. פון דעמאָלט אן פלעגט ער גאַנץ אפט באַזוכן דעם גאלדשמיד, צוגעצויגן דורך אַן איינגעבוירענע נייגונג צו די איידעלע מעטאַלן. פון זיין זייט ד'האָט דער גלח גיטרעל געזוכט אָפט אַ געלעגנהייט צו באַזוכן די מאַגאַזינען פון יונגערן ראָנדאָנאָ. וואָס ד'האָט

אויסגעאַרבעט הייליקע כּלים: קאַנדעלאַבּרן, לאָמפּן, בּעכערס, מאָנסטראַנציומס *) און טאַבּערנאַקולומס *). דער פּרעפּעקט און גלח האָבן ליב געהאַט זיך צו טרעפן אין די זאלן אויפן ערשטן שטאָק, ווייט פון אַ נייגיריק אויג, פאַרן טיש, וואָס איז געווען באַוואָרפן מיט שטיקער גאָלד, וואזעס און סטאַטועטלעך, וועלכע ה׳ ווארמס-קלאוועלען האט אנגערופן געטשן. אויסגעצויגן אויפן איינציקן פאָטעל פון יונגערן ראָנדאָנאָ, פלעגט ה׳ וואָרמס-קלאַוועלען איבּערשיקן מיט דער האַנט אַ באַגריסונג דעם ה׳ ניטרעל וועלכער פלעגט זיך שאַרן, אַן אומגעלומפּערטער און שוואַרצער, ווי אַ גראָבער שטשור, לענגאויס די פּאָליצעס.

— גוט מארגן, פּאָטערל! כ׳בין גליקלעך אייך ווידער צו זען!

אַזוי איז געווען אין דער אמתן. ער האָט אומדייטלעך געפילט, אַז לעבן דעם דאָזיקן גלח, וואָס שטאַמט פון איינגעווארצעלטע פויערן און איז אַן אמתער פראַנצויז, סיי לויט זיין גייסטלעכן כאַראקטער, סיי לויט זיין טיפּ, ווי יענע פאַרשווארצטע שטיינער פון דער קירך פון הייליקן עקזופּער און די אלטע ביימער פון דער שפּאַציר-אַלעע — ווערט ער אויך אַ פראנצויז, נאַטוראַליזירט זיך און טרייסלט אָפּ פון זיך די רעשטלעך פון זיין דייטש און אַזיאַטיש בלוט. די גוט-ברודערשאַפט מיט א גלח האָט געהנפעט דער אייגנליבע פון יידישן באַאַמטן. ער האָט געפילט א געוויסן שטאָלץ פון רעוואַנש, און זיך דערפון צומאל נישט אָפּגעגעבן קיין דין וחשבון. פראָטעזשירן, דערבּידריקן איינעם פון די געשוירענע קעפּ **), וואָס זענען אין משך פון אכצן הונדערט יאָר באשטימט געוואָרן פון הימל און

---

*) אזעלכע מינים הייליקע כּלים, וואָס ווערן באנוצט ביי די רעליגיעזע צערעמאָניעס פון קריסטלעכן קלער (באמ. פון איבערזעצער)

**) געשוירענער קאָפּ — צונאָמען פון א קאטוילישן גלח. (באמ. פ. איבערזע.)

פון דער ערד צו לייגן אין חרבֿ אריין און צו פארטיילן די געמלעטע, איז באזונדערס פאר א יידן געווען אן אנגענעמע און פיקאנטע סאטיספאַקציע. חוץ דעם האט די דאָזיקע אויסגעריבענע, שמוציקע און דאָך רעספּעקטפולע סוטאנע, וואס האָט זיך געבוקט פאר איבֿם, געהאַט א פרייען צוטריט צו די פּאַלאצן, ווו דער פרעפעקט וואָלט נישט גערן אויפגענומען געוואָרן די פרויען פון דער אַריסטאָקראַטיע האָבן פארערט די דאָזיקע סוטאנע, וואס האָט זיך איצט הכנעהדיק געבוקט פארן פראַק פון באאמטן. דער פאקט, וואָס א מיטגליד פון קליר האָט אים אָפּגעגעבן כבוד, איז פאר איבֿ געווען כמעט דאס זעלבע, ווי ווען דאָס וואלט געטון יענער פריצישער אדל, וואָס זיין גרינגשעצנדיקע, פאראכטנדיק־קאַלטע באַציונג האט איהם פארשאפן וייער פיל צער, נישט געקוקט דערויף, וואס ער איז פון דער נאטור בעוועזן ווייניק עמפינדלעך. ה׳ גיטרעל האט מיט דורכגעטריבענער הכנעה געוווסט ווי אפּצושאצן די דאָזיקע נאכגיביקייט זיינע.

געאַכט דורכן דאָזיקן קירכע־פּאָליטיקער, ווי א מעכטיקער הערשער, פלעגט דער שעף פון דער אדמיניסטראציע אים אָפּצאלן מיט גינציקייט פאַר זיין רעספּעקט און צווארפן אים פון צייט צו צייט א פאר שלום־ווערטער;

—עס זענען בלי ספק פאראן ארנטלעכע, איבערגעגעבענע און אינטעליגענטע גלחים, אויב דער קלער באגרענעצט זיך נאר מיט זיינע פונקציעס...

דער גלח גיטרעל האט זיך פארבויגן.

ה׳ וואָרמס־קלאַוועלען פלעגט ווייטער רעדן;

— די רעפובליק פירט נישט קיין סיסטעמאטישע מלחמות מיט די גייסטלעכע. און ווען די קאָנגרעגאַציעס וואָלטן זיך געהאלטן אין די ראמען פון געזעץ, וואלטן זיי אויסגעמיטן א סך אומאנגענעמלעכקייטן.

דער גלח גיטרעל האָט פּראָטעסטירט;

— דאס איז א פראגע פון געזעץ. איך וואלט זיך אין דער פראגע אַנטשידן אַרויסגעזאגט לטובת די קאנגרעגאציעס

מען דארף אָבער אויך נעמען אין אַכט די פּאַקטישע זייט, די קאנגרעגאציעס האבן אויפגעטון אַסך גוטס.

דער פּרעפעקט האָט געענדיקט זיינע רייד, אַרויסלאָזנדיק קנוילן רויך פון זיין ציגאַר:

— ס'האט נישט קיין זינען זיך צוריקצוקערן צו דעם, וואס איז אמאָל געווען. זיכער איז אָבער, אַז דער גייסט פון דער נייער צייט איז דער גייסט פון שלום.

און ה' גיטרעל האט זיך ווידער פארנייגט, בעת ראָנדאָנאָ דער יונגערער האָט איינגעבויגן איבער די רעגיסטערס זיין גאָלן קאָפּ, ארום וועלכן פליגן האבן געזשומיעט.

אַ געוויסן טאָג האָט מען זיך געוואונדערט צו מאַדאַם וואָרמס-קלאַוועלען, זי זאָל אַרויסזאָגן איר מיינונג וועגן אַ וואַזע, וועלכע דער פּרעפעקט האָט מיט זיינע אייגענע הענט געזאָלט איבערגעבן דעם זיגער אויף די פערד-געיעגן. זי איז דעריבער אָהינגעגאַנגען צוזאַמען מיט איר מאַן צו ראָנדאָנאָ דעם יונגערן. אינם קאַבינעט פון גאָלדשמיד האָט זי באַגעגנט דעם גלח גיטרעל, וועלכער האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער וויל זיך דערווייטערן. מ'האט אים אָבער געבעטן צו פאַרבלייבן. מ'האָט זיך אַפילו באַראָטן מיט אים בנוגע די נימפעס מיט די איינגעבויגענע בייכער, וואָס זענען געווען אויסגעשניצט אויף די אויערן פון דער וואַזע. דער פּרעפעקט וואָלט ליבער געוואָלט אמאַזאָנקעס.

— אַמאַזאָנקעס. בלי ספק, האט—שטיל אַרויסגעשעפּטשעט דער פּראָפעסאָר פון דער הייליקער עלאָקווענץ.

מאַדאַם וואָרמס קלאַוועלען וואָלט ליבער געוואָלט ווייבלעכע קענטאַוורען.

— ווייבלעכע קענטאַוורען, טאַקע, טאַקע, — האָט גע-זאָגט דער גלח — אָדער גאָר קענטאַוורען.

אין דער זעלבער צייט האָט ראנדאנאָ דער יונגערער גע-האַלטן אין דער האַנט א מאדעל פון וואקס און אנטציקט גע-שמייכלט.

— געערטער פאטער — האט דער פּרעפעקט א פרעג

גטון, — צי איז נאָך אלץ די נאקעטקייט אין דער קירך פארבאָטן ?

ה׳ גיטרעל האט דערויף געענטפערט :

— די קירך האט קיינמאל נישט פארבאטן קיין אקא־דעמישע אקטן ; דערפאר האט זי נישט דערלויבט, מ׳זאל מיט זיי מיסברויכן.

מאדאם ווארמס־קלאוועלען האט א קוק געטון אויפן גלח און געטראכט ביי זיך, אז ער איז אויסערגעוויינלעך ענלעך צו מאדאם וואשערי. זי האט זיך פארטרויט פאר אים, אז זי האָט ליידנשאפטלעך ליב קליינע ארטיסטישע חפצים, אז זי האט ליב ביז צו משוגעת בראקאטן, געפרעסטע סאמעטן, גאלדענע עטרות, האפטן און שפיצן. זי האט זיך פאר אים מודה געווען אין איר גיריקייט, וועלכע האט זיך אנגעזאמלט אין איר הארצן נאך פון די צייטן פון איר יוגנט. בעת זי האט זיך געמוזט צופרידנ־שטעלן בלויז מיטן באוואונדערן די צירונג, וואס איז געווען אויסגעשטעלט אין די מאגאזינען פון ברעדא־קווארטאל. זי האט אים פארציילט, אז זי חלומט וועגן א סאלאן, וואס זאל זיין פול מיט אלטע קירכלעכע קליידער און גלחישע העמדער, און אז זי זוכט אויך אלטע צירונג.

ער האט איר געענטפערט, אז די קירכלעכע ארנאמענטן שטעלן מיט זיך פאר באמת ווערטפולע מאדעלן פאר די קינסט־לער, און דאס איז א באווייז, אז די קירך איז לחלוטין נישט קיין שונא פון דער קונסט.

פון יענעם־טאג אן האט דער גלח גיטרעל אנגעהויבן צו גישטערן איבער אלע דאַרפישע קירכעס און אויסצוזוכן אלטע בראכטפולע ארנאמענטן, און ס׳איז נישט אוועק קיין וואך, אז ער זאל נישט האבן געבראכט אונטער דער סוטאנע, אן אַלט בגד אָדער א קאַפּע, וועלכע ער פלעגט אויף אַ דורכגע־טריבענעם אופן אויסנאַרן פון אַ נאַיוון גלח. דער גלח גיטרעל איז איבעריקנס געווען גענוג פינקטלעך און פלעגט צוריקקערן דער באגזלטער קירך הונדערט כו, מיט וועלכע דער פרעפעקט פלעגט צאָלן פאַר זיידנצייג, בראָקאַטן, וועלורן און גאַלאָנען.

אין זעקס חדשים אַרום איז דער סאַלאָן פון מאַדאַם וואָרמכ-קלאַווועלען ענלעך געווען צו אַ קאַטעדראַלן אוצר און אין דער לופטן האָט זיך געטראָגן אַ זיסלעכער רויך פון קטורת.

דעם זעלבן יאָר, אין אַ זומער-טאָג, איז דער גלח גיטרעל ווי געוויינלעך געקומען צום גאָלדשמיד, און געטראָפן אין מאַגאַזין דעם ה' וואָרמס-קלאַווועלען, וואָס האָט פריילעך געערויכערט אַ ציגאַר. מיט אַ טאָג פריער האָט דער פּרעפעקט דורכגעפירט בעת די וואַלן זיינעם אַ קאַנדידאַט, אַ פערד-ליבהאָבער, אַ פרישגעבאַקענעם רעפּובליקאַנער. ער האָט גערעכנט אויף דער צושטימונג פון מיניסטער, וועלכער איז שטילערהייט געווען אַ אָנהענגער פון נייע פריש-געבאַקענע רעפּובליקאַנער, וואָס האָבן נישט קיין סך פאָדערונגען און ווינציק חוצפה. באַהערשט פון שטאָלץ און פרייד, האָט ער מעשה גוטער ברודער געקלאַפּט דעם גלח אין דער פּלייצע:

— ה' גיטרעל, הלוואי וואָלטן אַלע גלחים געווען, ווי איר, געבילדעטע, טאָלעראַנטע, אָן שום פאָראורטיילן, — וואָרים איר זענט דאָך פריי פון פאָראורטיילן, — און ווי איר, זיך אָפּגעגעבן אַ דין וחשבון וועגן די נויטווענדיקייטן פון דער איצטיקער צייט און באַדערפענישן פון דעך דעמאָקראַטישער געזעלשאַפט. ווען דער עפּיסקאָפּאַט, דער פראַנצויזישע קלער, וואָלט זיך גלייכצייטיקע איבע גענומען מיט די פּראָגרעסיווע און קאָנסערוואַטיווע אידעען פון דער רעפּובליק, וואָלט ער נאָך געקאָנט שפּילן אַ וויכטיקע ראָל אין אונזער לעבן.

און אַרויסלאָזנדיק דיקע קנוילן רויך פון זיין ציגאַר, האָט ער אַרויסגעזאָגט געדאנקען, וואָס האָבן עדות געזאָגט וועגן אזא פולשטענדיקער עם הארצות אין די ענינים פון רעליגיע, אז דער גלח גיטרעל איז געווען ממש פארחידושט. דער פּרעפעקט האט זיך אבער געהאלטן פאר מער קריסט, ווי פילאנדערע קריסטן, און אין א שפראך, וועלכע ער האָט זיך אויסגעלערנט אין די מאַסאָנישע לאָזשעס, האָט ער געלויבט די לערע פון יעזוסן; דערפאר אבער האט ער נישט געהאלטן פון די לאקאלע זאבאבאנ׳ס און פּרינציפּיעלע דאגמעס, — ווי למשל

דעם מנהג פון נאדלען, ווי יונגע כלה־מיידלעך ווארטן אריין אינם טויפבעקן פון הייליקן פאל. ער האט אויך נישט געהאלטן פון דער ווירקלעכער קעגנווארט פונם האר אין דער עאוכאריסטיע. דער גלח גיטרעל, וואס איז פון דער נאטור א נאכגיביקער, האט אבער בשום אופן נישט געקענט נאכגעבן דעמאלט, ווען עס האט זיך געהאנדלט וועגן די דאגמעס פון דער קירך. ער האט שטיל געשעפטשעט:

— מען דארף אונטערשיידן, מיין הער, מען דארף קענען אונטערשיידן.

כדי צו ענדערן די טעמע, האט ער ארויסגעצויגן פון דער קעשענע א פארמעטענע מגילה און זי צעלייגט אויפן טיש. דאס איז געווען א גרויס בלאט פון א גרעגאריאנישן הימן מיט א גאָטישן טעקסט אונטער די פירליניקע מוזיק-נאָטן, מיט רויטע אין פארצירטע ראשי־תבות.

דער פרעפעקט האָט אָנגעשטעלט אויפן פארמעט זיינע אויגן, גרויס ווי א לאָמפּן־אבאזשור. ראָנדאָנאָ דער יונגערער האָט אויסגעשטרעקט זיין ראָזן, גלאַטן שארבן.

— די מיניאַטור פון דאָזיקן איניציאַל איז זייער פיין אויסגעארבעט, — האט ער געזאגט — דאס איז די הייליקע אַגאַטע, אמת?

— דאס מארטירערטום פון דער הייליקער אַגאַטע, — האט געענטפערט ה׳ גיטרעל. — מען זעט, ווי די תליונים רייסן שטיקער פלייש פון דער הייליקער.

און ער האט צוגעגעבן מיט א שטים, וואס איז געפלאסן ווי האניק:

— אזוי איז געווען באמת, לויט אויטענטישע דאָקומענטן, די מארטירערשאפט, צו וועלכע דער פראקאנסול האט פארמשפט די גאטספארכטיקע אגאטע. א בלעטל פון אן אנטיפאנער, מיין הער, א קליניקייט, א פשוטע קליניקייט, וועלכע וואלט אפשר געקאנט געפינען א קליין ארט צווישן די קאלעקציעס פון מאדאם ווארמס־קלאוועלען, וואס איז אזוי ציגעבונדן צו קריסטלעכע

אַלטערטימלעכקייטן. דער דאָזיקער בלאַט איז אַ פראַגמענט פון דער הייליקער געשיכטע.

און שטעלנדיק דעם טראָפּ דאָרט, ווו מען דאַרף, האָט ער איבערגעלייענט דעם לאַטיינישן טעקסט:

„Dum torqueretur beata Agata in mamilla graviter dixit ad judicem;" Impie, crudelis et dire tyranne, non est confusus amputare in femina quod ipse in matre suxisti? Ego habeo mamillas integra intus in anima quas Domino consecravi. *)

דער פּרעפעקט, וועלכער האָט אַפילו געענדיקט אַ הומאַניסטישע שולע, האָט אָבער זייער ווייניק דערפון פאַרשטאַנען, און כדי זיך אַרויסצווייזן פאַר אַן אמתן גאַליער, האָט ער פאַרזיכערט, אַז דאָס איז זייער פּיקאַנט.

— נאַיוו, — האָט שטיל געענטפערט הער גיטרעל, — נאַיוו.

ה׳ ווארמס-קלאָוועלען האָט מודה געווען, אַז די שפּראַך פון מיטלאַלטער איז באמת געווען אַ נאַיווע.

— זי איז אָבער גלייכצייטיק דערהויבן, — האָט צוגעגעבן דער גלח גיטרעל.

דער פּרעפעקט האָט זיך אָבער אומבאַדינגט געהאַלטן ביי דאָס ווייניקע און געזען אין דער דאָזיקער קירכע־שפּראַך אַ שפּאַר ביסעל לוסטיקייט, ער האָט מיט אַן עקשנותדיקן שמייכל אַריינגערוקט דעם פאַרמעט אין קעשענע אַריין, דאַנקענדיק דעם טייערן גירטעל פאַר זיין אַנטדעקונג.

---

*) אַ שטערבלעך פאַרוווּנדעטע אין דער ברוסט, האָט די הייליקע אַגאַטע זיך געווענדעט צום ריכטער: „אכזר, טיראַן, וואָס האָסט נישט גאָט אין האַרצן, ווי שעמסטו דיך נישט צו שניידן ביי אַ פרוי איר ברוסט — דאָס, וואָס דו האָסט ביי דיין מוטער אַליין געזויגן? איך האָב פון גאַנצן האַרצן געהייליקט מיינע בריסטן צו גאָט.

און נעמענדיק דעם גלח אין א זייט, נענטער צום פענ-
סטער, האָט ער אים איינגערוימט און אויער אריין.

— מיין טייערער גיטרעק, ווי נאר עס וועט זיך מאַכן
אַ געלעגנהייט, וועל איך וועגן אייך געדענקען.

## V

אין שטאט איז געווען א פארטיי, וועלכע האט געהאלטן, אז דער גלח לאַנטען, דער רעקטאר פון סעמינאר, איז דער איינציקער קאַנדידאט וואס איז ווערט צו פארנעמען די בישאף-שטול אין טור־קוען. דארט האט ער געזאלט ווארטן אויפן טויט פון זיין עמינענץ דעם ערצבישאף שארלא, וואס וועט אים דערלויבן, אינם בישאפס־הוט אויפן קאפ, מיטן פאסטאראל אין האנט, און דעם אמעטיסטן-רינג אויפן פינגער, ארייַנצוטרעטן אין דער הויפט-שטאט, וועלכע איז געווען אן עדות פון זיינע מצוות און מעשים טובים. דאס איז געווען דער פּלאַן פון גאטספארכטיקן ה׳ קאסיניאל, געוועזענער פרעמיער־מיניסטער, וועלכער איז שוין פינף און צוואנציק יאָר געווען אין עמעריטור. צו זיינע פראיעקטן האָבן זיך פאראייניקט ה׳ לעראָן, אַ דעמיסיאָנירטער וויצע־פּראָקוראָר אין דער עפּאָכע פון די דעקרעטן, איצט אַן אַדוואָקאַט ביים געריכט אין * * * און דער גלח דע לאַלאָנד, אַ געוועזענער מיליטער-גייסטלעכער, איצט דער ראש פון אָרדן: „דאַמען פון דער אויסלייזונג". די דריי פארשוינען, וואָס זענען זייער געאַכט געווען אין שטאָט, אָבער נישט געהאַט קיין איבריק גרויסן איינפלוס, זענען עס געווען די גאַנצע פארטיי פון גלח לאַנטען. דער רעקטאָר פון סעמינאַר איז פאַרבעטן געוואָרן אויף מיטאָג צום פרעזעס קאַסיניאָל, וועלכער האָט זיך געווענדט צו אים מיט פאָלגנדער רעדע, ביי דער אָנוועזנהייט פון די ה׳ ה׳ לאַלאָנד און לעראָן:

— געערטעסטער פּאַטער, שטעלט אייך אין אונזערע רייען.

בעת אונז וועט אויסקומען אויסצוקלויבן צווישן גלח לאַנטען, וועלכער האָט מיט אזא יוירדע געדינט דער רעליגיע און דער קריסטלעכער פראַנצויזישער אומה סיי מיט זיין וואָרט און סיי מיט זיין שריפט, וועלכער האָט אדאנק דער אויטאָריטעט פון זיין טאַלענט און כאַראַקטער פארטיידיקט די רעכט פון דער פראַנצויזישער קירך, וואָס זענען אזוי פיל מאָל פאראטן געוואָרן, ווען מיר יועלן דארפן אויסקלויבן צווישן אים און דעם גלח גיטרעל, וועט קיינער נישט דערוועגן זיך צו וואַקלען. און ווי עס קומט אונז פאר, וועט דאָס מאָל אונזער שטאָט האָבן דעם כבוד ארויסצוגעבן פון זיך אַ בישאָף פאר דער שטאָט טורקוען. און די גלח יענעס פון דער דיעצעזיע זענען מסכים נאר אויף דער־ווייל צו צעשיידן זיך מיט אייך, ווארים עס האַנדלט זיך וועגן דער טובה פון עפּיסקאָפּאַט און דעם קריסטלעכן פּאַטער־לאנד.

און דער גאָטספּאָרכטיקער קאַסיניאָל, וועלכער איז שוין געשטאַנען אויפן שוועל פון זיין זעקס און צוואַנציקסטן עמעריטור־יאר, האט צוגעגעבן מיט אַ שמייכל:

— מיר יועלן זיך נאָך ווידער זען, איך בין דערין פולשטענדיק איבערצייגט. איר וועט נאָך צוריקקומען צו אונז פון טורקוען, געערטער רעקטאָר.

דער גלח לאַנטען האָט דערויף געענטפערט:

— הער פּרעזעס, הגם איך שטרעב נישט צו כבוד, וועל איך מיך אָבער נישט אָפּזאָגן פון אויספירן מיינע פליכטן.

ער האָט געוואָלט און געהאָפּט צו פארנעמען דעם עפּיסקאָפּאַלן טראָן נאָכן טויט פון זיין עמינענץ דיקלו. זיין שטאָלץ איז אָבער געווען ביי אים פיל שטארקער פון דער אַמביציע. און ער האָט געוואַרט, מען זאָל אים אליין אונטערטראָגן דעם בישאָפס־הוט.

אַ געוויסן מאָרגן האָט אים ה׳ לערען באַזוכט אין סעמינאַר און איז מיטגעטיילט וועגן די פאָרשריטן, וועלכע ס׳האָט

געמאַכט די קאַנדידאַטור פון גלח גיטרעל אין בילדונגס-מיניס-טעריום. ס׳איז געווען אַ חשד, אַז דער פּרעפעקט וואָרמס-קלאַוועלען פירט אָן אַן ענערגישע אַגיטאַציע לטובת דעם ה׳ גיטרעל אין די ביוראָס פון מיניסטעריום, ווי אַלע מאַסאָנען האָבן שוין באַקומען דעם אויפטראַג איס צו העלפן. אַזוי האָט מען אים פאַרציילט אין דער רעדאַקציע פון „ליבעראַל,“ אַ רעליגיעזע און מעסיקע טאָג-צייטונג אין דער פּראָווינץ. וואָס שייך דער מיינונג פון קאַרדינאַל ערצבישאָף, איז לחלוטין גאָרנישט באַקאַנט געווען.

דעם אמת געזאָגט, האָט דער קאַרדינאַל נאָך נישט געהאַט דעם מוט סיי צו באַקעמפן, סיי אונטערצושטיצן וועלכע עס איז קאַנדידאַטור. זיין נאַטירלעכע פאָרזיכטיקייט איז מיט די יאָרן גרעסער געוואָרן. אויב ער האָט אַפילו עמיצן געגעבן די בכורה, האָט ער עס קיינמאָל פאַר קיינעם נישט אויסגעזאָגט, שוין זינט אַ לאַנגער צייט פלעגט עס אים אָנקומען לייכט און פאַרשאַפן פאַרגעניגן צו מאַסקירן זיינע געפילן, ווי ער פלעגט עס אויך טון, שפּילנדיק יעדן אָוונט אַ פּאַרטיע בעזיק מיטן ה׳ גולע. אין דער אמתן האָט אים זייער ווייניק געאַרט דאָס דערהויבן אַ גלח פון זיין דיעצעזיע צום בישאָפס-טראָן פון אַ שטאָט, וואָס אונטערליגט נישט זיין מאַכט. מ׳האָט זיך אָבער באַמיט אים דערמיט צו פאַראינטערעסירן. דער פּרעפעקט וואָרמס-קלאַוועלן, וועלכן ער האָט נישט געקענט דערצאָרנען, האָט געהייסן אים שטילערהייט אויספאָרשן; זיין מיינונג איז מסתמא געווען באַקאַנט דער שאַרפער שכל און די מילדקייט פון גלח גיטרעל, וועלכער האָט שוין נישט איינמאָל געגעבן אַ באַווייז פון זיינע פעיקייטן. פון דער אַנדערער זייט ווידער איז ער געווען איבערצייגט, אַז דער גלח גיטרעל איז פעיק אויף אַלץ. „ווער ווייסט, האָט ער געטראַכט, אפשר אַנשטאָט צוהינצוגיין אין דער קליינער, פאַרחושכטער מעטראָפּאָליע פון צפון-גאַליע, האָט ער גאָר בדעה צו ווערן מיין געהילף. און אויב איך זאָל מיך אַרויסזאָגן פאַר זיין קאַנדידאַטור אויפן עפּיסקאָפּאַלן טראָן, צי וועט מען נישט אָננעמען, אַז איך בין

מספים צו טיילן מיט אים דעם טראָן פון ערצבישאף ? די
מורא, אז מ׳זאל איט אמאל נישט געבן א געהילף, האט אים
פארסמט זיינע עלמערע יאָרן. וואס שייך דעם געלט לאַנטען,
האט ער געהאט א סך סיבות צו שווייגן און זיך צו האלטן
אין רעזערוו. ער וואלט קיינמאָל ניט אונטערגעשטיצט די קאַנ־
דידאטור פונם דאזיקן גלח, שוין צוליב דעם, וואס זי האט נישט
געהאט די מינדעסטע שאנסן דורכצוגיין. זיין עמינענץ, קארדי־
נאל-ערצבישאף שאַרלאָ, האט זיך מיטן גוטן ווילן נישט בע־
שטעלט אויף דער זייט פון די באזיגטע. נאָך מער, ער האט
פיינד געהאט דעם רעקטאר פון סעמינאר. דעם אמת געזאגט,
איז די דאזיקע שנאה, ביי זיין מילדער און גוטהארציקער
נשמה, נישט געווען געפערלעך פאר די אַמביציעס פון ה׳ לאַנ־
טען. זיין עמינענץ שאַרלאָ וואלט מסכים געווען, ער זאל ווערן
בישאָף און אפילו פויפסט, אבי נאר פטור צו ווערן פון אים.
ה׳ לאַנטען האט געשמט פאר א מענטש, וואס צייכנט זיך
אויס מיט א סך וויסן, מעשים טובים און מיט א גרויסן רעדנער־
טאלענט, ס׳וואלט געווען א געוויסע חוצפה זיך פלוצלינג ארויס־
צוזאגן קעגן אים. און זיין עמינענץ, א מענטש א פאפולערער,
וואס האט געוואלט לעבן בשלום מיט אלעמען האט נישט אוועק־
געמאכט מיט דער האנט אפילו די מיינונג פון ארנטלעכע מענטשן.

דעם ה׳ לעראן זענען נישט באקאנט געווען די געהיימע
געדאנקען פון זיין עמינענץ, ער האט אָבער געוווּסט, אז דער
ערצבישאָף האט זיך נאך נישט ארויסגעזאָגט אין דער פראַגע.
ער איז געקומען צו דער איבערצייגונג, אז מ׳דאַרף אָנהויבן צו
ווירקן אויף די געפילן פון דעם זקן, און אז אַן אפעל צו זיינע
פאסטאראלע מעשים־טובים וואלט נישט פארבליבן אָן ווירקונג.
ער האט דעריבער אָנגעהויבן איינצוטענען מיטן ה׳ לאַנטען. ער
זאל זיך שוין מעלדן ביים ערצבישאָף.

— איר וועט זיך בארַאָטן מיט זיין עמינענץ, ווי עס
פאַסט פאַר אַ טרייען זון, וואָס איר האט צו טון אין דעם פאַל
ווען מען זאל אייך פארלייגן דעם עפיסקאפאַלן טראָן אין טור־

קען. דאָס איז זייער אַ פּאַסיקער שריט, און ער וועט מאַכן אַ גוטן איינדרוק.

ה׳ לאַנטען האָט געפּרוּווט צו אָפּאָנירן:

— איך וואָלט אָבער באַדאַרפט צו וואַרטן אויף א מער פייערלעכע איינלאַדונג.

— צי קאָן דען זיין אַ מער פייערלעכע איינלאדונג, ווי די ווינשן פון אזוי פיל פרומע קריסטן, וואָס זאגן זיך איינשטימיק ארויס פאַר אייך און דערמאָנען מיט זייער האַנדלונג די באַגייסטערטע אויסרופן, מיט וועלכע די פאָלקס-מאַסן פלעגן אין אַלטערטום באַגריסן די מעדארס און רעמיס? *)

— אָבער, מיין הער, — האָט דער אָרנטלעכער לאַנטען געענטפערט, —די יעניקע אויסרופן, אויב איר דערמאָנט שוין יאַ דעם דאָזיקן פאַרגעסענעם מנהג, האָבן געשטאַמט פון די בלויביקע אין דער דיעצעזיע, וואָס יענע הייליקע מענער זענען געווען באַרופן צו פאַרוואַלטן מיט איר. און איך ווייס גאָרנישט וועגן דעם, אַז די קאַטאָליקן אין טורקוען זאָלן זיך האָבן אַרויסגעזאָגט לטובת מיר.

דעמאָלט האָט דער אַדוואָקאַט געענטפערט דאָס, וואָס יעדער אויף זיין אָרט וואָלט געענטפערט:

— אויב איר וועט זיך נישט שטעלן אים אויפן וועג, וועט ה׳ גיטרעל יוערן בישאָף.

אויפצומאָרגנס האָט ה׳ לאַנטען ארויפגעצויגן אויף זיך דעם צערעמאָניע-מאַנטל, וואָס זיינע פּליסירטע פליגל האָבן געפלאַטערט אויף זיינע מעכטיקע פּלייצעס, און גייענדיק אויפן וועג צום ערצבישאָף האָט ער מתפּלל געווען צו גאָט, ער זאָל פאַרשפּאָרן דער פראַנצויזישער קירך אן אומזיסטע נישט פאַרדינטע חרפּה.

אין דער זעלבער צייט, בעת ה׳ לאַנטען האָט זיך געבוקט פאַר זיין עקסעלענץ, האָט דער לעצטער גראָד באַקומען

---

*) צוויי קריסטלעכע הייליקע, געלעבט אין פינפטן יאָרהונדערט. (גאַמ. פּ. איבערזעצער).

אַ פּאַרטרוילעכן בריוו פון דער נונציאַטור, ווו מ'האָט אים אָנ־געפרעגט וועגן ה' גיטרעל. דער נונציוס האָט נישט באַהאַלטן זיין סימפּאַטיע פאַרן פרומען, אינטעליגענטן גייסטלעכן, — ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט אין בריוו, — וואָס איז פעיק דורכצו־פירן נוצלעכע אָפּמאַכן מיט דער וועלטלעכער מאַכט. זיין עמינענץ האָט טאַקע באַלד געגומען דיקטירן דעם ה' גולע אַ גינסטיקע מיינונג וועגן קאַנדידאַט פון נונציוס.

דערזעענדיק דער גלח לאַנטען, האָט זיין עמינענץ אויס־גערופן מיט זיין שיינער ציטערנדיקער שטים:

— גלח לאַנטען, ווי גליקלעך בין איך אייך צו זעען!

— עמינענץ, איך בין געקומען בעטן ביי אייער עמינענץ אַ פּאַטערלעכע עצה אויפן פאַל, ווען דער הייליקער פּאַטער, וואַרפנדיק אויף מיר אַ גינציקן בליק, וואָלט מיך באַשטימט...

— כ'בין זייער גליקלעך, וואָס כ'זע אייך, ה' לאַנטען, איר קומט טאַקע אין דער ריכטיקער צייט.

— כ'וואָלט מיך דערוועגט, אויב אייער עמינענץ וואָלט מיך נישט געהאַלטן פאַר אומווירדיק אויפן פּאָסטן פון ביש...

— איר זענט, געערטער ה' לאַנטען, אַ באַדייטנדער טעאָ־לאָג און דער געלערנטעסטער גלח אינם געביט פון קירכלעכן רעכט. איר זענט אַן אויטאָריטעט אין די אומאַנגענעמע פראַגן פון דער דיסציפּלין. אייערע מיינונגען אין אַלגעמיינע רעלי־גיעזע ענינים און באַזונדערס אין די יעניקע, וואָס האָבן אַ־שייכות מיט דער ליטורגיע, זענען פּשוט נישט אָפּצושאַצן, ווען איר וואָלט נישט געווען געקומען, וואָלט איך אייך געהייסן רופן. ה' גולע קאָן דאָס באַשטעטיקן. אייערע עצות זענען מיר אין דער רגע זייער נויטיק.

און זיין עמינענץ האָט מיט זיין פּאָדאַגרע־ליידענדער האַנט מיט וועלכער ער איז אַלעמאָל געווינט געווען צו בענטשן, אנגע־וויזן דעם רעקטאָר פון סעמינאַר אַ שטול אויף צו זעצן זיך.

— פּאַטער לאַנטען, הערט מיך אויס. דער גלח פון דער קירך פון הייליקן עקזופּער, דער גאָטספּאַרכטיקער לאַפּרין, איז גראָד איצט פון דאַנען אַוועקגעגאַנגען. איך מוז אייך זאָגן,

אז דער דאָזיקער אָרעמער גלח האָט דעם היינטיקן פּרימאָרגן געפונען אין קירך א געהאָנגענעם. שטעלט אייך פאָר זיין איבער ראַשונג! ער האָט פשוט דעם קאָפּ פאַרלוירן. און איך אַליין בין געצוווּנגען אין אַזעלכע באַדינגונגען אָנקומען צו דער עצה פון דעם געלערנטעסטן גלח אין מיין דיעצעזיע. וואָס האָבן מיר צו טון? ענטפערט!

ה' לאַנטען האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט מיט גרויס כוונה. דערנאָך האָט ער מיט א טאָן פון א געלערנטן אָנגעהויבן אַרויסצוזאָגן די קבלות, וואָס האָבן אַ שייכות מיט דער טהרה פון די קירכעס:

— די מאקאבעער האָבן נאָכן מטהר זיין דעם בית המקדש, וואָס איז פּאראומריייניקט געוואָרן דורך אנטיוכוס עפּיפאנענס אין יאָר 164 פאר קריסטוסעס געבורט, מקריב געווען קרבנות צו גאָט. דערפון נעמט זיך, עמינענץ דער יום-טוב חנוכה, ד. ה. די באנייונג. באמת...

און ער האט ווייטער אנטוויקלט זיין געדאנק.

זיין עמינענץ האט זיך צוגעהערט מיט אן אויסדרוק פון אנטציקונג אויף זיין פּנים. דער גלח לאנטען האט פון אויסנ-ווייניק אן אויפהער ציטירט טעקסטן, וואס האבן א שייכות מיט דער צערעמאָניע פון דער טהרה, פּרעצעדענסן, ארגומענטן קאמענטארן.

— יאהאן, קאפּיטל צען, צוויי און צוואנציקסטע שורה... דער רוימישער פּאנטיפיקוס... *) בעדע דער גאטספארכטיקער באראניוס..

ער האט אזוי געהאלטן אין איין רעדן אין משך פון דריי פערטל שעה.

נאך דעם, ווי ער האט געענדיקט, האט דער קארדינאל-ערצבישאף זיך ווידער אנגערופן:

---

*) פּאנטיפיקוס — כוהן-גדול אין אנטיקן רוים. (באמ. פ. איבערזעצער).

— וויסן דארפט איר, אז דעם געהאנגענעם האט מען געפונען אין פאליש נישט ווייט פון דער הינטערשטער טיר.

— צי איז די אינערלעכע טיר געווען פארשלאסן? — האט געפרעגט ה׳ לאנטען.

— הע! הע! — האט געענטפערט זיין עמינענץ. — זי איז נישט געווען אינגאנצן אפן, זי איז אבער אויך נישט געווען אינגאנצן צוגעשלאסן.

— האלב-אפן, עמינענץ.

— טאקע אזוי! — האט אויסגערופן זיין עמינענץ.

— און צי האט זיך דער געהאנגענער געפינען נישט ווייט פון דעם פאליש? דאס איז אַ פונקט, וואס מ׳דארף אים גענוי באשטימען, אייער עמינענץ גיט זיך מסתמא אָפּ א דין וחשבון וועגן זיין וויכטיקייט.

— נאטירלעך, ה׳ לאנטען... ח׳ גולע, צי האט איין האנט פון געהאנגענעם נישט ארויסגעשטארט פון פאליש און דערגרייכט ביז צו דער קירך?

ה׳ דע גולע איז רויט געווארן און געענטפערט מיט א פאר נישט פאַרשטענדלעכע זילבן.

— איך גלויב אַזוי, — האָט געענטפערט זיין עמינענץ,— אַז די האַנט האָט אַרויסגעשטאַרט, אָדער לכל הפחות אַ טייל פון דער האַנט.

ה׳ לאַנטען האָט דערפון אַרויסגעדרונגען, אַז די קירך פון הייליקן עקזופער איז טמא געוואָרן. ער האָט דערמאַנט די נעהעריקע פרעצעדענסן און דערקלערט ווי מ׳האָט געהאַנדלט נאָכן מוראדיקן מאָרד פון זיין עמינענץ, דעם ערצבישאָף פון פאַריז, אין דער קירך פון הייליקן עטיען-די-מאָן. ער איז דורכ-געלאָפן די פארגאַנגענע יאָרהונדערטער, ער האָט דערמאָנט די רעוואָלוציע, בעת די באַזיליקעס זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אמוניציע-מאַגאזינען, ער האָט דערמאָנט די נעמען פון טאָמאַס בעקע און פון אפיקורוס העליאָדאָר.

— וויפיל וויסן! וואס פארא גלענצנדע דאָקטרין! — האט אויסגערופן זיין עמינענץ.

ער האט זיך אויפגעהויבן און אויסגעשטרעקט צום גלח זיין האַנט צום קושן.

— איר האָט מיר פאַרשאַפן אַן אוממעצבאַרע געפעלי־קייט, ה׳ לאַנטען; וויסן זאָלט איר, אז איך בין שטאַרק נתפעל געוואָרן פון אייער וויסן און נעמט צו מיין פּאַסטאָראַלע ברכה. און איצט זייט מיר געזעגנט.

און דער גלח לאַנטען איז אַוועקגעגאַנגען מיט גאַר־נישט, און האָט זיך ערשט אַרומגעזעען, אז ער האָט נישט געקאָנט אויסרעדן אפילו קיין איין וואָרט וועגן דעם ענין, צו־ליב וועלכן ער איז געקומען. אין זיינע אויערן האָבן אָבער נאָך אַלץ געקלונגען זיינע אייגענע רייד. ער איז נאָך געווען איבערגעפולט מיט זיין וויסן און תורה; און איבערגענומען פון ערצבישאָפס זיסע חניפה־רייד איז ער אַראָפּגעגאַנגען איבער די טרעפּ און ארגומענטירט מיט זיך אליין וועגן געהאָנגענעם פון דער קירך פון הייליקן עקזופער און וועגן דער נויטווענ־דיקייט מטהר צו זיין די טמאדיקע קירך. אפילו אויף דער גאס האט ער נאך אַלץ געטראכט וועגן דעם.

דורכגייענדיק דאָס שמאָלע געסל דע טענטעלערי, האָט ער באַגעגנט דעם גלח פון דער קירך פון הייליקן עקזופער, דעם גאָטספאָרכטיקן ה׳ לאַפרין, וועלכער איז געשטאַנען פארן געוועלב פון בעדנער לאנפאן און באַטראכט די ארויס־געשטעלטע שטאָפּערס.

זיינע ווייגען פלעגן אים זויער ווערן און ער האָט געהאַלטן, אַז אין דעם זענען שולדיק די שלעכטע שטאָפּערס.

— אַ שאָד, — האט ער שטיל פאר זיך געברומט, — אַ שאָד!

— און אייער געהאנגענער? — האָט אומגעריכט אַ פרעג געטון דער גלח לאנטען.

ביי דער דאָזיקער פראַגע האָט דער ווירדיקער גלח פון דער קירך פון הייליקן עקזופער אויפגעעפנט אַ פּאָר קיילעכדיקע, פארחידושטע אויגן:

— וואָס פאַראַ געהאָנגענער?

— דער געהאָנגענער פֿון דער קירך פֿון הייליקן עקזו־פּער, דער אומגליקלעכער, וועלכן איר האָט געפֿונען היינט אינדערפֿרי אין פּאָליש פֿון אייער קירך.

דער גלח לאַפּרין, אַ צעשראָקענער, האט הערנדיק דאָס־נישט געוווּסט, ווער פֿון זיי ביידע איז אַראָפּ פֿון זינען, ער, צי דער גלח לאַנטען, און געענטפֿערט, אַז ער הייבט נישט אָן צו וויסן פֿון קיין שום געהאָנגענעם.

— וואָס! — האָט געענטפֿערט דער גלח לאַנטען, אויך פֿארווונדערט, — מ׳האָט נישט געפֿונען היינט אינדערפֿרי אַ געהאָנגענעם אינם פּאָליש פֿון אייער קירך, נישט ווייט פֿון דער טיר?

דער גלח האָט צוויי מאָל געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין, און זיין פּנים האט אויסגעדריקט דעם הייליקסטן אמת.

דער גלח לאנטען האָט איצט אויסגעזעען, ווי אַ חסר־דעה.

— אָבער דער קאַרדינאַל־ערצבישאָף האָט דאָך נאָר װאָס מיר אַליין דערציילט, אַז איר האָט געפֿונען א געהאָנגע־נעם אין אייער קירך!

— אָ! — האָט געענטפֿערט דער גלח לאַפּרין, מיט־אַמאָל אַ באַרוּיקטער. — זיין עמינענץ האָט זיך געוואָלט אביסל פֿארווייקן. ער האָט ליב אַזעלכע שפּאסן. ער איז דערין אַ מייסטער און ווייס, ווי צו פֿארהאַלטן זיך אין די גרע־נעצן פֿון אָנשטענדיקייט. אָ, ער האָט אַסך שכל!

און דער גלח לאַנטען האָט אויפֿגעהויבן צום הימל זיין פֿלאמענדיקן און דוּשבדיקן בליק און אויס־גערופֿן:

— דער ערצבישאָף האָט מיך אָפּגענאַרט! דער דאָ־זיקער מענטש זאגט קיינמאָל נישט קיין אמת וואָרט, אַ חוץ דעם

פאר װען, שטײענדיק אױף די טרעפ פון אלטאַר נעמט ער־
די הײליקע האָסטיע אין זײנע הענט און זאָגט די װערטער:
(* Domine, non dignus sum

*) האַר, איך בין נישט װערט דײן חסד.

## VI

זינט ווען דער גענעראל קאַרטיע דע שאַלמאָ האָט אָנגעוואָרן דעם חשק צו רייטן אויף פערד, פלעגט ער גערן פאַרבלייבן אין דער היים. ער האָט זיך נעקויפט אַ גאַנצע דיוויזיע פון טאָוולנע זעלנער אין קליינע קאַרטאָנענע שאַכטלען, וועלכע ער פלעגט יעדן פרימאָרגן אַנידערלייגן אויף זיין טיש, און יעדן אָוונט אויסשטעלן זיי אין שורות אויף קליינע ברעטעלעך פון ווייס האָלץ איבער זיין אייזערן בעט. ער פלעגט אויסשטעלן זיינע זעלנער מיט אַ פינקטלעכער גענויקייט, אין אָרדנונג, און דאָס האָט אים פאַרשאפט גרויס הנאה. יעדעס שטיינדל האָט פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ מענטש. דער אופן, ווי אזוי ער פלעגט באהאנדלען זיינע אָפיצירן, אונטער-אָפיצירן און זעלנער, האָט צופרידנגעשטעלט זיין רעגלמעסיקייטס-אינסטינקט און געווען אין הסכם מיט זיינע באגריפן וועגן דער נאטור. קארטיע דע שאלמאָ האָט אלעמאָל געשמט פאַר אן אויסגעצייכנטן אָפיציר. דער גענעראל פארוא, אונטער וועמענס באפעלן ער האָט אמאל געדינט, פלעגט זאָגן: „ביים קאפיטאן שאלמאָ איז די פעיקייט פון געהאָרכן און פון באפעלן אין א געוויסער גלייכגעוויכט. דאָס איז א זעלטענע און ווערטפולע פרעראָגאטיוו פון א אמתן מיליטערישן גייסט".

קארטיע דע שאלמאָ איז שטענדיק געווען א מענטש פון פליכטן. אָרנטלעך און באשיידן, א גלענצנדער קאליגראף, האָט

ער ענדלעך געפונען דעם מעטאר, וואָס איז געווען צוגעפאסט צו זיין זשעני, און ער פלעגט אים אָנווענדן מיט דער עקסטע־פינקטלעכקייט בעת ער האט קאָמאנדירט מיט זיין דיוויזיע פון טאָוולבע זעלנער,

יעדעם טאָג איז ער, ווי געוויינלעך, אויפגעשטאַנען פינף אַ זייגער פאַרטאָג און איז גלייך פון באָדצימער אריבער אין זיין ארבעטס־קאַבינעט; און בעת די זון איז מיט אַ פייערלעכער פאַמעלעכקייט אויפגעגאַנגען איבער די ביימער אינם גאָרטן פון ערצבישאָף, האָט דער גענעראַל אָרגאַניזירט מאַנעוורן און מאַניפולירט מיט זיינע טאָוולבע זעלנער, וואָס האָבן רעפרע־זענטירט דיווירקלעכקייט און זענען באמת געווען א ווירק־לעכקייט פאַרן דאָזיקן מוח, וואָס האָט געהאַט דעם גרעסטן רעספעקט פאַר סימבאָלן.

העכער דריי שעה איז ער אַזוי געשטאַנען איינגעבויגן איבער זיינע זעלנער, און זיינע געדאַנקען און פנים זענען געווען אַזוי בלאַס און טרויעריק, ווי דער טאָוול פון זיינע זעלנער, בעת זיין דינער האָט אים געמאָלדן דעם גלח לאַלאָנד. ער האָט אַראָפּגענומען זיינע שפאקולן, אויסגעווישט די אויגן, וואָס זענען רויט געוואָרן פון דער אַרבעט, זיך אויפגעהויבן און אויסגעדרייט זיך צו דער טיר מיט זיין שמייכלענדיק פנים, וואָס איז אַמאָל געווען שיין, און האָט נאָך איצט אויף דער עלטער פאַרבאַהאַלטן די ריינקייט פון דער ליניע. ער האָט אויסגעשטרעקט צום אַריינגעקומענעם גאסט אַ ברייטע האַנט, וואָס איז געווען כמעט אינגאַנצן גלאט און נישט גערונצלט, און באגריסט דעם גלח מיט זיין היציקער און שטאמלענדיקער שטים, וואָס האָט פארראטן די אומדרייסטקייט פון א מענטש און גלייכצייטיק די זיכערקייט פון אַן אָנפירער.

— מיין טייערער לאַלאַנד, וואס מאכט איר גוטס? איך בין זייער צופרידן אייך צו זעען.

און ער האט אים געבעטן זיך זעצן אויף איינעם פון די צוויי שטולן, אויסגעבעטן מיט פערדהאר, וואס האבן צוזאמען

מיטן טיש און בעט באַרגעשטעלט מיט זיך די גאַנצע מעבלירונג פון זיין פשוטן, קלאָרן און ריינעם צימער.

דער גלח האָט זיך אַוועקגעזעצט. דאָס איז געווען אַ מאָדנע דירעוודיקער אַלטיטשקער. פון זיין פנים, וואס איז געווען אינגאַנצן גערונצלט און צעקנייטשט און געהאַט די קאָליר פון אָפּגענוצטע ציגל, האָבן אַראָפּגעלויכטן אַ פּאָר בלויע קינדישע אויגן, ווי צוויי פונקלענדיקע ברילאַנטן.

אַ ווײַלע האָבן זיי זיך אָנגעקוקט מיט סימפּאַטיע, נישט אויסרעדנדיק קיין וואָרט. זיי זענען געווען צוויי אַלטע פריינד, צוויי מיליטער־חברים. היינט אַ גלח אינם אָרדן: „די דאַמען פון דער אויסלייזונג״, איז דער פּאָטער לאַלאַנד אַמאָל געווען אַ מיליטערישער גייסטלעכער. זיין דינסט האָט ער אויסגעפירט אינם גוואַרדיע־פּולק, מיט וועלכן עס האָט אָנגעפירט דער קאָלאָנעל קאַרטיע דע שאַלמאַ. דער דאָזיקער פּולק האָט געהערט צו דער דער דיוויזיע * * * און איז איינגעשלאָסן געוואָרן אין מעץ צוזאַמען מיט דער אַרמעע פון מאַרשאַל באַזען.

דער זכר פון יענע פאַרצווייפלטע און עפּישע וואָכן איז געקומען ביידע פריינד אויפן געדאַנק אַלעמאָל, בעת זיי פלעגן זיך באַגעגענען, און זיי פלעגן שטענדיק אַרויסרעדן די זעלבע ווערטער.

יענעם פרימאָרגן האָט דער גלח אָנגעהויבן:

— צי דערמאָנט איר זיך, מיין גענעראַל, בעת מיר זענען געווען אונטער מעץ און אונז האָט אויסגעפעלט רפואות, פּאַשע, זאַלץ?...

דער גלח לאַלאַנד איז געווען זייער עמפּינדלעך. ער אַליין האָט קוים געפילט דעם מאַנגל אין זאַלץ, דערפאַר אָבער האָט ער שטאַרק געליטן, בעת ער איז נישט געווען ביכולת צו פאַרטיילן די זעלנער זאַלץ, ווי ער פלעגט עס טון און זיי מכבד צו זיין מיט קליינע פּעקלעך זאָרגפעלטיק איינגעפּאַקטן טיטון. און איצט איז אים געקומען אויפן זכרון יענער שרעקלעכער דוחק.

— אָ, מיין גענעראַל, אָ, ווי שטאַרק מיר האָבן דעמאָלס געליטן צוליבן מאַנגל אין זאַלץ!

דער גענעראַל קאַרטיע דע שאַלמאָ האָט געענטפערט:

— אין א געוויסער מאָס האט מען זיך דערמיט אן עצה געגעבן, צושיטנדיק פולווער צו די עסנס.

— אלץ איינס, — האט געענטפערט דער גלח, — די מלחמה איז א שרעקלעכע זאַך.

און דער פשוטער פריינד פון זעלנער האָט אזוי גערעדט און אראָפגערעדט זיך פון האַרצן. דער גענעראַל האט אבער נישט מסכים געווען מיט דער פאַראורטיילונג פון קריג.

— דערלויבט, מיין טייערער פאטער! די מלחמה איז בלי ספק א שרעקלעכע נויטווענדיקייט, זי גיט אבער די אָפּי־צירן און זעלנער די מעגליכקייט ארויסצוווייזן זייערע העכערע פעיקייטן. אָן דער מלחמה וואָלט מען נישט געקאנט וויסן, ווי ווייט עס קענען דערגרייכן די אויסדויער־קראַפט און קוראַזש פון מענטשן.

און מיט אן ערנסטן קול האט ער צוגעגעבן:

— די ביבל באַשטעטיקט די געזעצלעכקייט פון מלחמות און איר ווייסט מסתּמא בעסער פאַר מיר, אז גאָט ווערט אנגע־רופן אל צבאות, וואס באַדייט: דער גאָט פון די אַרמעען.

דער גלח האט געשמייכלט אויפריכטיק און קוסטיק, באַ־ווייזנדיק זיינע דריי ווייסע ציין, וואס זענען אים נאָך פאַר־בליבן.

— כ'קאָן נישט קיין העברעאיש... און גאָט האָט חוץ דעם נאך אזוי פיל אנדערע שענערע נעמען, אַז ער קאָן זיך באַגיין אָן דער דאזיקן נאָמען... ליידער! מיין גענעראַל, וואס פאַראַ שיינע אַרמעע איז עס פאַרלוירן געגאַנגען אונטער דער אנפירונג פונם דאזיקן אומגליקלעכן מאַרשאַל!...

ביי די רייד האט דער גענעראַל קאַרטיע דע שאַלמא אנגעהויבן צו רעדן דאָס, וואָס ער האָט שוין געהאט איבער־געחזרט אפשר צום הונדערטסטן מאָל:

— באַזען!... לאָזט אייך אָבער דינען, ער האט זיך נישט

געהאלטן אין די ראמען פון די פארשריפטן, וואס זענען נויגע פעסטונגען, ער האט זיך געוואקלט ביים ארויסגעבן באַפעלן, ער האָט זיך ארומגעטראגן מיט פארבאָרגענע כוונות לגבי דעם שונא. און פנים אל פנים מיטן שונא טאר מען זיך נישט ארומטראגן מיט קיין הינטער-געדאַנקען... ער האט קאפי-טולירט אויפן אפענעם פעלד... ער האט פארדינט זיין גורל. איבריקנס, ס׳האט דאך געמוזט זיין אַ שעיר לעזאזל.

— וואָס שייך מיר, — האָט געענטפערט דער גלח, — וועל איך מיך אלעמאל היטן צו באפלעקן מיטן מינדעסטן וואָרט דעם אָנדענק פון אומגליקלעכן מאַרשאל. איך בין נישט בארופן ארויסצוגעבן אן אורטייל וועגן זיינע מעשים. ס׳איז אויך נישט מיין זאך צו פארעפנטלעכן זיינע אָנארקענטע טעותים און פעלערן. ווארים ער האָט מיר אמאָל געטון א טובה, פאר וועלכער איך וועל אים דאנקבאַר זיין מיין גאנץ לעבן.

— אַ טובה? — האט געפרעגט דער גענעראל. — ער אייך?

— יאָ, גאָר אַ גרויסע, שיינע טובה! ער האָט אויף מיין ביטע באגנעדיקט אַ זעלנער, וואס איז באשטראפט געוואָרן צום טויט פאר ברעכן די דיסציפלין. צום אנדענק דערפון, ריכט איך אפ יעדעס יאר אַ מעסע פאר דער רויקייט פון עקסמאר-שאל באזענס נשמה.

דער גענעראל קארטיע דע שאלמאָ האָט זיך אבער נישט געלאזט איבערצייגן.

— קאפיטולירן אויפן אפענעם פעלד!... נעמט נאר אין באַטראַכט,.. ער האט פארדינט זיין גורל.

און כדי צו שטארקן זיין הארץ, האט דער גענעראל אָנגעהויבן צו דערציילן וועגן די העלדישע מעשים פון דער בריגאדע * * * ביי סען-פריוואַ.

דער גלח האט אים איבערגעשלאגן און אָנגעהויבן צו דער-ציילן פרייליכע מעשהלעך, מיט אַ געוויסער באלערענדיקער טענדענץ:

— אַ! סען-פריוואַ, מיין גענעראל! ערב דער שלאַכט

איז אַ רײזידיקער קאַראַבינער געקומען צו מיר צו לויפן. איך זע אים נאָך איצטער פאַר מײנע אויגן, אײנגעצן אַ שוואַרצן, אין זײן וואָלענער פעל. ער רופט צו מיר:

—מאָרגן וועט זײן זײער הײס. אפשר וועל איך שוין מער נישט אָנזען די שײן פון טאָג, זאגט מיט מיר ווידוי, טײערער פאַטער, שנעלער! איך מוז נאָך אָנזאָטלען מײן קלאַטש.״ איך זאג צו אים: „כ׳וויל דיך נישט פארהאַלטן, מײן פרײנד. דו דאַרפסט מיר אָבער פינדעסטוועגן זאָגן דײנע חטאים. וועלכע זענען דײנע חטאים?״ ער קוקט מיך אן א פארחידושטער און ענטפערט: „אלע!״ „ווי אזוי אלע?״ „יאָ, אלע. איך האָב אויף מײן געוויסן אַלע עברות״. איך שאָקל מיטן קאָפּ: „אלע, מײן פרײנד, דאס איז א סך!... זאג מיר, צי האָסטו אַמאָל געשלאָגן דײן מוטער?״ בײ דער דאָזיקער פראגע גיט זיך מײן קאַראַבינער אַ הײב אויף, ציט אויס די ריזיקע אָרעמס און הויבט אָן צו שעלטן, ווי א בעל-עגלה: פּאַטערל מײנער, איר, איר מ...אַ...כ...ט... חוזק פון מיר!״ איך ענטפער אים: „באַרויק דיך, מײן פרײנד. דו זעסט אלײן, אז דו ביזט נאָך נישט באגאנגען אלע עברות...״

און דער גלח פלעגט אזוי מיט א פרײלעך קול, אָן אַ שיפהער פאַרצײלן פרומע מעשהלעך פון רעגימענט. אימעטום פלעגט ער צוגעבן זײן אײגענעם נמשל. גוטע קריסטן זענען אלעמאָל גוטע זעלנער. דאס איז באמת א גרויסער פעלער, וואָס מ׳פארטרײבט די רעליגיע פון דער ארמעע.

דער גענעראל קארטיע דע שאַלמאָ האָט מסכים געווען מיט זײנע אויספירן.

— איך האָב אַלעמאָל דאָס זעלבע געזאָגט, מײן טײערער פאָטער. בעת מען פארניכטעט די ספּיריטואַליסטישע גלויבענישן, מאכט מען אַ תל פון מיליטערישן גײסט. מיט וואָס פארא רעכט פאָדערט מען בײ א מענטשן אַ קרבן פון זײן לעבן, בעת מ׳נעמט בײ אים צו די האָפענונג אויף אַ צווײטע עקזיסטענץ?

און דער גלח פלעגט ענטפערן מיט זיין גוטן, אומשולדיקן און פרייליכן שמייכל:

— מ׳וועט זיך נאך צוריקקערן צו דער רעליגיע, איר וועט זעען, מ׳קומט שוין צוריק צו איר פון אלע זייטן. די מענטשן זענען נישט אזוי שלעכט, ווי זיי קומען אונז פאר, און גאט איז אומענדלעך גוט.

ערשט איצט האט ער איבערגעגעבן דעם צוועק פון זיין וויזיט:

— כ׳קום צו גיין, מיין גענעראל, בעטן ביי אייך א געוויסע געפעליקייט.

דער גענעראל קארטיע דע שאלמא איז געווארן אויפמערקזאם; זיין פנים, ביז איצט א טרויעריקס, האט זיך פארצויגן מיט א שאטן, ער האט ליב געהאט און רעספעקטירט דעם אלטן גייסטלעכן און ער וואלט אים שטארק געוואלט אנטון נחת-רוח. אבער דער בלויזער געדאנק צו טון יענעם א טובה האט באאומרויקט זיין שטרענגע ארנטלעכקייט.

—יא, מיין גענעראל, איך קום צו אייך מיט דער בקשה, איר זאלט אייך מטריח זיין לטובת דער קירך. איר קענט דאך בסתמא דעם גלח לאנטען, דעם רעקטאר פון אונזער סעמינאר. דאס איז אן אנגעזעענער גלח, וואס צייכנט זיך אויס מיט זיינע מעשים טובים און חכמה, א גרויסער טעאלאג.

— איך האב שוין עטלעכע מאל געהאט זיך באגעגנט מיט דעם גלח לאנטען. ער האט געמאכט אויף מיר זייער א גוטן איינדרוק. אבער...

— א! מיין גענעראל, ווען איר וואלט ווי איך געהערט זיינע דרשות, וואלט איר ממש פארחידושט געווארן פון זיין תורה.

איך בין אימשטאנד געווען ביז איצט אפצושאצן ווי געהעריק נאר א קליינעם טייל פון זיין תורה. איך האב דרייסיק יאר פארבראכט אין די שפיטעלער, דערמאנענדיק גאטס נאמען די ארעמע זעלנער, וואס זענען געלעגן אויפן קראנקן-

בעט. איך פלעג צוזאמען מיט דער רעליגיעזער טרייסט געבן זיי א שקעטל טאַביק. זינט פינף און צוואנציק יאָר בין איך מתודה די הייליקע בתולות, וואס האָבן בלי ספק א סך פאַרדינסטן און דאך זענען זיי פיל ווייניקער אַנגענעם, ווי מיינע זעלנער. איך האב קיינמאל נישט געהאַט קיין צייט צו לייענען די ווערק פון די קירכלעכע פאטערס, איך האָב נישט געהאַט אזוי־פיל שכל און טעאָלאָגישן וויסן, כדי אָפּצושאצן דעם גלח לאַנטען לויט זיינע פאַרדינסטן. איך וויל אייך לכל הפחות פאַרזיכערן, גענעראל, אז ער רעדט דאָס, וואָס ער טוט, און ער טוט דאָס, וואָס ער רעדט.

און דער אלטער גלח האָט צוגעגעבן, בלינצלענדיק שטיפעריש מיט די אויגן:

— צום אומגליק זענען נישט אלע גלחים פון דעם מין.

— און אויך נישט אלע מיליטער־לייט, -- האָט צוגעגעבן דער גענעראל מיט א בלאסן שמייכל.

און ביידע מענער האָבן זיך אנגעקוקט מיט א בליק פול מיט סימפּאַטיע, פילנדיק געמיינזאם אַן עקל צו אינטריגעס און פאַלשקייט.

דער גלח דע לאַלאַנד, וועלכער איז אבער געווען אויף זיין שטייגער אַביסל דורכגעטריבן, האָט די לויב פון גלח לאַנטען פאַרענדיקט אויף פאַלגענדן אופן:

— דאס איז אן אויסגעצייכנטער פּריסטער. אַלס זעלנער וואָלט ער געווען א גוטער זעלנער.

דער גענעראַל האָט אָבער האסטיק געפרעגט:

— נו גוט! וואָס קאָן איך טון פאַר אים?

— העלפן אים אַרויפציִען אויף זיך די פיאָלעט־זאקן, וועלכע ער האָט כשר פאַרדינט, גענעראַל. מ'האָט ארויסגעשטעלט זיין קאַנדידאַטור אויפן אַמט פון בישאָף אין טורקיען, איך בעט אייך אים צו שטיצן ביים בילדונגס מיניסטער, וועלכן איר קענט, ווי מ'האָט מיר געזאגט, אויסגעצייכנט גוט.

דער גענעראַל האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ. אַ פּאַקט איז, אַז ער האָט נאָך קיינמאָל גאָרנישט געבעטן ביי דער רעגירונג. קאַרטיע דע שאַלמאַ, אַ מאָנאַרכיסט און גרויבנדער קריסט, האָט זיך באַצויגן צו דער רעפּובליק מיט אַ שטילער, שווייגנדיקער פאַראַכטונג. ער האָט קיינמאָל נישט געלייענט קיין צייטונגען, און נישט געשמועסט מיט קיינעם וועגן פּאָליטיק. און דעריבער האָט ער פּרינציפּיעל נישט געקאָנט רעספּעקטירן אַ ציווילע מאַכט, וואָס איר האַנדלונג איז אים געווען אומבאַקאַנט. ער האָט זיך אונטערגעגעבן און געשוויגן. די פּריציזם פון דער אַרומיקער געגנט האָבן באַוואונדערט זיין ווייטיקפולן יאוש, וואָס האָט זיך גענומען פון אַ געפיל פון פליכט און זיך געשטיצט אויף אַ טיפער פאַראַכטונג צו אַלץ, וואָס האָט נישט געהאַט קיין שייכות מיטן מיליטער. אַ געוויסע ראָל האָט דאָ אויך געשפּילט די כסדר וואַקסנדיקע שוועריקייט צו דענקען און רעדן ביי אַ מענטשן, וואָס האָט געליטן פון אַ שווערער, פּראָגרעסירנ־דער לעבער-קרענק.

מ׳האָט געוווסט, אַז דער גענעראַל קאַרטיע דע שאַלמאַ איז טיף אין האַרצן געבליבן טריי דער מאָנאַרכיסטישער באַוועגונג. דערפאַר האָט מען ווייניקער געוווסט, אַז אַ געוויסן טאָג אין יאָר 1893 איז זיין האַרץ עלעקטריזירט געוואָרן פון אַ געפיל, וואָס ווערט דורך די קריסטן באַצייכנט מיטן נאָמען: גאָטס חסד, אַ געפיל, וואָס ווירקט ווי אַ דונער און ברענגט אַריין דעם מענטשנס האַרץ אין אַ צושטאַנד פון אומדערוואַרטער און טיפער התפּעלות. די דאָזיקע געשעעניש איז פאָרגעקומען דעם 4-טן יוני פינף אַ זייגער אין אָוונט, אין די סאַלאָנען פון דער פּרעפעקטור. דאָרט צווישן די בלומען, וועלכע מאַדאַם וואָרמס-קלאַוועלען האָט אַליין פונאַנדערגעלייגט, האָט דער פּרעזידענט קאַרנאָ, בעת ער איז דורכגעפאָרן די שטאָט, אויפגענומען די אָפיצירן פון גאַרניזאָן. דער גענעראַל קאַרטיע דע שאַלמאַ, אָנוועזנד אויפן באַנקעט צוזאַמען מיט זיין שטאַב, האָט דעם ערשטן מאָל געזען דעם פּרעזידענט, און פּלוצלינג, אָן אַ שום ממשותדיקער, באַוווסטזיניקער סיבה, איז ער באַהערשט

געוואָרן פון אַ דערשיטערנדיקער אַנטציקונג. אין איין רגע זע־
נען אַלע זיינע פאָראורטיילן פאַרשוואונדן געוואָרן פנים אל
פנים מיט דער מילדער שטרענגקייט און ליטערער האַרטקייט
פון מלוכה-שעף. ער האָט פאַרגעסן, אַז דער דאָזיקער מענטש
איז אַ ציווילער מושל. ער האָט דערפילט לגבי אים באַוווּנ־
דערונג און ליבע. ער האָט מיטאַמאָל דערפילט אַ טיפע סימפּאַ־
טיע און רעספּעקט צום דאָזיקן מענטש, וועלכער איז געווען אַזוי
טרויעריק און געל ווי ער, אָבער גלייכצייטיק מאַיעסטעטיש און
מילד. ווי אַ הערשער. ער האָט קוים אַרויסגעשטאַמלט די אָפּי־
ציעלע באַגריסונג, וועלכע ער האָט זיך אויסגעלערנט אויף
אויסנווייניק. דער פּרעזידענט האָט אים געענטפערט: „אין
נאָמען פון דער רעפּובליק און פון פאַטערלאַנד דאַנק איך אייך
פאַר אייער לאָיאַלער דינסט". פון דאַמאָלט אָן האָט זיך די
גאַנצע צוגעבונדנקייט צום אַוועקגעגאַנגענעם פּרינץ, וואָס האָט זיך אין
משך פון פינף און צוואַנציק יאָר אָנגעזאַמלט אין זיין האַרצן,
איבערגעטראָגן אויפן פּרעזידענט, וואָס זיין רויק פנים האָט
אויסגעדריקט אַן אויסטערלישע אומבאַוועגלעכקייט. ער האָט דע־
מאָלט גערעדט מיט אַ טרויעריק קול, נישט רירנדיק צומאָל מיט
די מוסקולן פון געזיכט און ליפּן, וואָס זענען אַרומגערינגלט גע־
וואָרן פון דער באָרד, ווי מיט אַ שוואַרצער חתימה. פונם דאָ־
זיקן וואַקסענעם פנים, פון די גוטמוטיקע און פאַרשלאָפענע
אויגן, פון דער שוואַכער ברוסט, פּראַכטפול דעקאָרירט מיט
אַ רויטער ערן-שאַרפע, פון דער גאַנצער געשטאַלט פון אַ ליידנ־
דיקן אויטאָמאַט, האָט דער גענעראַל אַראָפּגעלעזן די ווירדע
פונם הערשער און גלייכצייטיק די עלנט פון אַ מענטשן, וואָס
איז געבוירן געוואָרן אונטער אַ שלעכטן מזל און קיינמאָל נישט
געלאַכט. און זיין באַוווּנדערונג פאַרן פּרעזידענט האָט זיך אויס־
געמישט צוזאַמען מיט אַ שטילן צער פאַר זיין גורל.

אין אַ יאָר אַרום איז ער געוואָרן געוואָר וועגן טראַגישן
סוף פון דעם פּרעזידענט, פאַר וועלכן ער וואָלט גערן מקריב
געווען זיין לעבן. פון דעמאָלט אָן פלעגט ער אים זען אין

ויינע געדאַנקען אַ שוואַרצן און אַ שטייפן ווי אַ פּאָן, וואָס איז אַרומגעוויקלט אַרום דער שטאַנג.

פון דעמאָלט אָן האָט ער מער נישט געקענט די ציוווי־לע הערשער פון פראנקרייך. ער האָט פון גאַרנישט געוואָלט וויסן און פלעגט בלינד און געטריי אויספירן די באַפעלן פון זיין זעלבערער מאַכט. ס'האָט אים פאַרשאַפט פיל צער אָפצו־צוזאגן די ביטע פון גאטספארכטיקן פאטער לאַגאַנד, ער האָט דעריבער אַ ווייל נאכגעטראַכט מיט גרויס כוונה און דערנאָך אָנגעגעבן די סיבות:

— אַ פראַגע פון פרינציפּן, איך דאַרף קיינמאָל גאָרנישט געבעטן ביי דער רעגירונג, איר זענט מסכים מיט מיר, אמת? וואַרים זינט ס'איז געוואָרן אַ כלל...

דער גלח האָט אים אָנגעקוקט מיט אַן אויסדרוק פון טרויער, וואָס האָט אויף אַ רגע פאַרשאַטנט דאָס פריילעכע פּנים פון זקן.

— אָ! ווי אזוי וואָלט איך געקאָנט מיט אייך מסכים זיין. איך, וואָס בעט ביי אַלע? איך בין אַ פאַרהאַרטעוועטער בעטלער. פאַר גאָט און פאַר אַרעמעלייט האָב איך געבעטלט ביי אַלע היינטוועלטיקע מושלים, ביי די מיניסטאָרן פון קי־ניג לואי־פיליפּ, פון דער פּראָוויזאָרישער רעגירונג, פון נאַפּאָ־לעאָן דעם דריטן און פון דער איצטיקער רעגירונג. זיי אַלע האָבן מיר מיטגעהאָלפן צו טאָן טובות. און מחמת דעם, וואָס איר קענט דעם בילדונגס־מיניסטער...

אין דער רגע האָט זיך פון קאָרידאָר דערהערט אַ שאַרף קול:

— פּולאַ! פּולאַ!

און אַ דיקע דאַמע אין פּעניואַר, מיט גרויס געקרייזלטע האָר, איז האַסטיק אַריינגעלאָפן אין צימער. דאָס איז געווען מאַדאַם קאַרטיע דע שאַלמאַ, וואָס האָט גערופן דעם גענעראַל אויף פרישטיק.

מיט אַ באַפעלערישער צערטלעכקייט האָט זי אנגעהויבן צו טרייסלען מיטן מאַן און נאָך איינמאָל אויסגערופן: „פּולאַ!”

בעת זי האט מיטאַמאל באמערקט דעם אלטן גלח, אַ צוגע־קוועטשטן צו דער טיר.

זי האט אים איבערגעבעטן פאר איר נעגליזש. זי האט נאך געהאט אזוי פיל צו טון! דריי טעכטער, צוויי זון, א ברודערן־זון אַ יתום, און דער מאן. זיבן קינדער, וועלכע מ׳דארף געבן צו עסן!

— א! מאדאב, — האט זיך דער גלח געווענדעט צו איר, — גאט האט אייך אהער געשיקט. איר זענט מיין מלאך־הגואל,

— אייער מלאך־הגואל, פאטער מיינער?

פון אונטער איר גרויען שלאפראק האבן זיך אַרויסגע־זעען די ברייטע פארמען פון איר פיגור, וואס האבן עדות גע־זאגט וועגן איר אמאליקער מוטערשאפט. אויף איר ברייט פנים מיט די וואנסעס האט געלויכטן דער שטאלץ פון א מאַטראָנע: אירע ברייטע זשעסטן האבן פאַרראטן די רירעוודיקייט פון אַ ווירטין, וואס איז געוווינט צו ארבעט, און גלייכצייטיק אויך די באנעמונג פון אַ פרוי, וואס איז צוגעוווינט צו אָפיציעלע כבודים. דער גענעראל האט זיך אין איר אנוועזנהייט אינ־גאנצן נישט אנגעזעען. זי איז געווען זיין גריק און גוטער מלאך, די דאזיקע פאַולינע, וועלכע האט אַ דאנק איר ארבעט־זאמקייט און קוראזש אויפגעהאלטן דאָס דאזיקע אָרעמע און גלענצנדיקע הויז. ביי זיך אין דער היים איז זי געווען גלייכ־צייטיק וועשין, קעכין, דינסט, לערערין, אפטייקערין, מאָדיסטין מיט עטוואָס אַ שרייענדיקן געשמאק. דערפאר אבער האָט זי אויף די מיטאגן און אפיציעלע אויפנאמעס זיך ארויסגעוויזן פאר א גוט דערצויגענע פרוי מיט איר שטאלצן פראפיל און נאך שיינע פלייצעס. מ׳פלעגט זאגן, אז ווען דער גענעראל זאל ווערן קריגס־מיניסטער, וואָלט זיין פרוי זיך געקענט גלענצנד פרעזענטירן אויף די אויפנאמעס אין פאלאץ אויפן בולוואר סען־זשערמען.

די גענעראלין האט אויך גענומען אַ טעטיקן אנטייל אין פארשידענע פרומע און וווילטעטיקע געזעלשאַפטן. מאַדאם קארטיע

דע שאלמאָ איז געווען אַסטראָנעסע פון דריי קינדער-היימען און צוועלף פונדאציעס, וואס האבן זיך געפונען אונטער דער אפּיטראפּסות פון קארדינאל - ערצבישאף. זיין עמינענץ שארלאָ האט זיך זייער גיניציק באצויגן צו מאַדאַם דע שאלמאָ און פלעגט זיך ווענדן צו איר מיט א שמייכל פון אַ סאַלאָן-מענטש: „איר זענט גענעראַלין פון דער ארמעע פון דער קריסטלעכער בארמהארציקייט". און זיין עמינענץ שאַרלאָ האט נישט פארגעסן צוצוגעבן: „און ס'איז נישטאָ קיין באַרעמהערציקייט אויסער דער קריסטלעכער. ווארים נאר די קירך איז בכוח צו לעזן די סאָציאַלע פראָבלעמען, וואס באאומרויקן די מענטשן און פאר-שאפן פיל דאגה אונזער פאָטערלעך הארץ".

אַזוי האט אויך געטראכט די גענעראלין קאַרטיע דע שאַלמאָ. איר פּרומקייט איז געווען אן אָפענע און א שדייענדיקע און האָט פולשטענדיק האַרמאָניזירט מיט דער שרייענדיקייט פון איר קול און פון די בלומען אויפן הוט. איר גלויבן, א צעגאָסענער און דעקאראטיווער, ווי איר ברוסט. האט מיט אַ פּראכטפולן גלאנץ זיך באזונדערס אַרויסגעוויזן אין די סאלאָנען. די רעליגיעזע געפילן פון דער גענעראלין האָבן אין א גרויסער מאס געבראכט שאָדן דעם גענעראל. דאָס האט זי אבערביידן נישט געארט. דער גענעראל האט אויך געהאט קריסטלע-כע געפילן. דאס וואלט אים אָבער נישט אפּגעהאלטן צו אַרעסטירן דעם קאַרדינאל-ערצבישאָף אויפן באפעל פון קריגס-מיניסטער. אין די אויגן פון דער דעמאָקראַטיע איז ער אָבער געווען פארדעכטיק. און אפילו דער פּרעפעקט וואָרמס-קלאוועלען, שוין נישט קיין פאנאטיקער, האט אויך געהאלטן דעם גענע-ראל קארטיע דע שאלמאָ פאר א געפערלעכן מענטש, דערין איז שולדיק געווען די גענעראלין. זי האט געהאט א סך אמ-ביציעס, זי האט זיך אבער אויסגעצייכנט מיט זעלבסטווירדע און נישט פעיק געווען צו פאראַטן איר גלויבן.

— ווי אזוי קאָן איך ווערן אייער מלאך-הגואל, טייערער פאטער?

און בעת זי האט דערוווסט זיך, אז עס האנדלט זיך

הענן באַשטימען אַלס בישאָף אין טורקיען דעם גלח לאַנטען
אַ מענטש פון אַזעלכע גרויסע מעשים טובים, האָט זי ווי־
אויפגעלעבט און אַרויסגעוויזן איר קוראַזש.

— אָט אזעלכע בישאָפן זענען אונז נויטיק, גלח לאַנטען
דאַרף באַקומען די נאָמינאַציע.

דער אַלטער גלח האָט באַלד אָנגעהויבן אויסצונוצן אירע
פלאַמענדיקע ווונשן.

— זעט איבערצורעדן אייער מאַן, ער זאָל אָנשרייבן
אַ בריוו צום בילדונגס־ מיניסטער, וואָס איז זיינער אַ
פריינד.

זי האָט לעבהאַפט א שאָקל געטון מיט איר קאָפּ געקריי־
זלטע האָר.

— ניין, טייערער פּאָטער. מיין מאַן וועט נישט שרייבן.
דאס איז אַ איבעריקע זאַך. ער האַלט, אַז אַ מיליטערמאַן דאַרף
קיינמאָל נישט בעטן. ער איז אויך גערעכט, מיין פּאָטער האָט
אויך געהאַט די זעלבע מיינונג. איר האָט אים געקענט, ה׳
לאַלאַנד, און איר מוזט וויסן, אַז ער איז געווען אַ מענטש מיט
פּאַרדינסטן, אַ גוטער זעלנער.

דער געוועזענער מיליטערישער גלח האָט זיך אַ קלאַפּ
געטון אין שטערן.

— דער קאַלאָנעל דע באַלני! יאָ, וואָס פאַר אַ פראַגע,
צי איך האָב אים געקענט. דאס איז געווען אַ העלד
און אַ קריסט.

דער גענעראַל קאַרטיע דע שאַלמאָ האָט אים אי־
בערגעריסן;

— מיין שווער, דער קאָלאָנעל דע באַלני, האָט זיך
באַזונדערס אויסגעצייכנט מיט זיינע רעגולאַמין־קענטענישן בשעת
די מאַנעווערן אין יאָר 1829. — דער דאַזיקער רעגולאַמין איז
געווען אַזוי שווער און קאָמפּליצירט, אַז זעלטן ווער פון די
אָפיצירן האָט אים געקענט אינגאַנצן. שפּעטער האָט מען דעם
רעגולאַמין סקאַסירט, וואָס האָט שטאַרק מצער געווען דעם
קאָלאָנעל דע באַרני און דאָס האָט אויך צוגעאיילט זיין טויט.

ס'זענען איינגעפירט געוואָרן נייע רעגולאַמינען, וואס זענען בלי ספק געווען פשוטע, און נישט אַזוי קאָמפּליצירט, ווי דער פריערדיקער. פונדעסטוועגן ווייס איך באמת נישט, צי די אַמאליקע אָרדנונג איז נישט געווען קיין בעסערע. מען דאַרף פיל פאַדערן פון אַ קאוואַליעריסט, כדי כאָטש עפּעס פון אים ארויסצובאַקומען. דאס זעלבע איז אויך בנוגע די פוסגייער־זעלנער.

און דער גענעראַל האט ווידער אָנגעהויבן צו מאַניפּו־לירן מיט זיינע זעלנער, וואס זענען געווען אויסגעשטעלט אין די קעסטלעך.

מאַדאַם קאַרטיע די שאלמאָ האט אלעמאל געהערט פון מאַן די זעלבע ווערטער, זי האט דערויף אַלעמאל געהאט דעם זעלבן ענטפער. דאס מאל האט זי נאָך צוגעגעבן:

— פּולאָ! ווי אַזוי קענסטו זאָגן, אז מיין פאָטער איז געשטאָרבן פון עגמת־נפש, בעת ער איז גאָר געשטאָרבן פון א האַרץ־שלאַג אויף אַן אינספּעקציע.

דער אַלטער גלח האט מיט אַן אומשולדיקער דורכגע־טריבנקייט ווידער אַרויפגעפירט דעם געשפרעך אויף דער טעמע, וואָס האט אים אינטערעסירט;

— אַ! מאַדאַם, אייער זעליקער פאָטער, קאָלאָנעל דע באַלני, וואלט אויף זיכער געוווסט ווי אָפּצושאַצן דעם כאַ־ראַקטער פון ה׳ לאַנטען, און ער וואלט בלי ספק זיך געווונשן, אז דער דאַזיקער נייסטלעכער זאל ווערן בישאָף.

— איך אויך, פאָטערל מיינער, איך ווונש עס מיר פון גאַנצן האַרצן. — האָט געענטפערט די גענעראַלין. — מיין מאַן קאָן נישט און דאַרף זיך נישט באַמיען. אויב איר גלויבט, אז מיין אינטערווענץ וואָלט געקאָנט עפּעס העלפן, וועל איך איבעררעדן מיט זיין עמינענץ. ער שרעקט מיך נישט אָפּ, אייער עמינענץ.

— בלי ספק, איין וואָרט פון אייער מויל... — האָט געשטאַמלט דער זקן... — זיין עמינענץ שאַרלאָ וועט אייך אויף זיכער אויסהערן מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט

די גענעראַלין האָט דערקלערט, אַז זי וועט זיך זעען מיטן ערצבישאָף אויף דער פייערלעכער עפענונג פון דער געזעלשאַפט „דאָס ברויט פון הייליקן אַנטוען“, וואָס זי איז איר פאָרזיצערין און דאָרט...

זי האָט אינמיטן איבערגעהאַקט די רייד.

— די קאַטלעטן!... איר וועט מיר דערלויבן, דהיינו...

זי איז אַרויסגעלאָפן אין קאָרידאָר און פון די טרעפ געגעבן פאָראָרדנונגען דער קעכין. דערנאָך האָט זי זיך ווידער באַוויזן אין צימער.

... און דאָרט וועל איך איבם נעמען אין אַ זייט און כ'וועל איבערבעטן אַריינוואַרפן ביים נונציוס אַ גוט וואָרט לטובת דעם גלח לאַנטען. צי דאָס איז אַלץ, וואָס איך האָב צו טון?

דער אַלטער גלח האָט געמאַכט אַ פּאָר טריט, ווי ער וואָלט כלומרשט געוואָלט זי אָננעמען פאַר די האַנט, ער האָט דאָס אָבער נישט געטון.

— אָט דאָס טאַקע, מאַדאַם. איך בין זיכער, אַז דער הייליקער אַנטוען פון פּאַדואַ וועט אייך ביישטיין און ער וועט אייך העלפן איבערצורעדן זיין עמינענץ שאַרלאַ. דאָס איז אַ גרויסער הייליקער. איך מיין דעם הייליקן אַנטוען... מען דאַרף נישט מיינען, אַז ער פאַרנעמט זיך אויסשליסלעך מיט אויסזוכן די פאַרלוירענע צירונג פון פרויען. ער האָט עפּעס בעסערס צו טון אין הימל. בעטען אויף ברויט פאַר אָרעמע, אָט דאָס איז שוין פיל בעסער. איר האָט מיך פאַרשטאַנען, טייערע מאַדאַם. די געזעלשאַפט „דאָס ברויט פון הייליקן אַנטוען“ איז זייער אַ דאַנקבאַרער ענין. כ'וויל מיך נענטער דערמיט באַקענען. איך וועל אָבער נישט דערמאַנען וועגן דעם קיין איין וואָרט פאַר מיינע גוטע שוועסטערס.

ער האָט געמיינט די „דאַמען פון דער אויסלייזונג“.

— זיי האָבן אַזוי אויך אַרבעט איבערן קאָפּ. דאָס זע-

נען כשרע נשמות, זיי זענען אָבער צו שטארק צוגעבונדן צו אומבאַדייטנדע מעשים, די דאזיקע ארעמע פרויען.

ער האָט א זיפץ געטון, דערמאנענדיק די צייט, ווען ער איז געווען מיליטער-גלח, די טראגישע טעג פון דער מלחמה, בעת ער פלעגט באַגלייטן די פאַרווונדעטע, אויסגעצויגענע אויף פעלד-בעטלעך און זיי מכבד זיין מיט א שליק בראָנפן. ער פלעגט האַלטן פאַר זיין אַפּאָסטאָלישע מיסיע צו פארטיילן די זעלנער בראנפן און טיטון. אינמיטן דרינען האט אים אָנגעגומען א חשק צו פארציילן וועגן די שלאכטן אונטער מעץ און ער האָט אָנגעהויבן צו שיטן מיט חיצן און אנעקדאָטן. ער פלעגט מיט אַ באַזונדערער הנאה פאַרציילן וויצן וועגן אַ געווי־סן סאפּער, מיטן נאָמען לארמואז, אַ געבוירענער אין לאָטרינגען, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע ווילדערישע, אָפּטמאָל געפערלעכע קונצשטיקלעך.

— כ׳האָב אייך נישט געזאגט, מיין גענעראל, אז דער דאזיקער טייוול, דער סאפּער, פלעגט מיר יעדן פרימארגן ברענגען א זאק מיט קארטאפל. אַנומלט האָב איך אים געפרעגט, פון וואַנען ער נעמט זיי. ער ענטפערט מיר: „פון שונאס אָקאָפּעס". זאג איך צו אים: „אומגליקלעכער! וואָס ביסטו, חסר-דעה. צי וואס?" ערשט דעמאָלט גיט ער מיר צו פארשטיין, אז ער האָט געפונען לאנדסלייט צווישן די דייטשע גווארדיסטן. „לאנדסלייט?" — יאָ, לאנדסלייט, אונזערע יונגען. עס טיילט אונז נאר אפּ די גרענעץ. מיר האבן זיך ארומגענומען, געשמועסט וועגן די עלטערן, גוטע פריינד. און זיי זאגן צו מיר: „דו קאָנסט דיר נעמען קארטאפל וויפיל דיר וועט זיך נאר גלוסטן".

און דער גלח האָט צוגעגעבן:

— די דאזיקע געוויינלעכע אַוואנטורע האט מיך מער ווי אַנדערע חקירות איבערצייגט, ווי נישט יושרדיק און אכזריותדיק עס איז די מלחמה.

— יאַ, — האַט געענטפערט דער גענעראַל, — אַזעל.

כע אומאנגענעמע פאלן פון חברן זיך צווישן שונאים, טרעפן זיך פון צייט צו צייט דאָרט, ווו צוויי אַרמעען קומען צווישן זיך אין קאָנטאקט. מען דארף אבער אזעלכע דערשיינונגען שטרענג אונטערדריקן, נעמענדיק נאטירלעך אין אכט גע־וויסע אומשטענדן.

## VII

עס זעלבן אָוונט האָט דער גלח לאַנטען, דער רעקטאָר פון סעמינאַר, באַגעגנט אויפן שפּאַציר לענגאויס די וואלן, דעם פּראָפעסאָר פון הומאַניסטישן פאקולטעט, ה׳ בערזשערע, וועלכער האָט געשמט פאר אַ חריפותדיקן, הגם עטוואָס משונהדיקן מענטש. ה׳ לאַנטען האָט אים מוחל געווען זיין סקעפּטיציזם און פלעגט מיט אים גערן שמועסן, בעת ער פלעגט זיך מיט אים טרעפן אין דער שאָטנדיקער שפּאַציר־אַלעע. פון זיין זייט ווידער איז ה׳ בערזשערע געווען צופרידן, וואָס ער האָט די געלעגנהייט צו שטודירן די נשמה פון אן אינטעליגענטן גלח. ביידע האָבן געוווסט, אַז זייערע שמועסן אויפן שפּאַציר זענען נישט נושא־חן סיי ביים דעקאַן פון פאַקולטעט, סיי ביים ערצבישאָף. דעם גלח לאַנטען איז אָבער אומבאַקאַנט געווען די מענטשלעכע פאַרזיכטיקייט. און ה׳ בערזשערע, אַ מידער, טרויעריקער און אָן קוראַזש, האָט שוין פון לאַנג זיך אויפגעהערט צו רעכענען מיט אַזעלכע אומנוצלעכע זאַכן.

ער האָט געהערט צו יענעם מין מענטשן, וואָס זייער אומגלויביקייט צייכנט זיך אויס מיט אַ סך גוטן געשמאַק און אָרנטלעכקייט. דערפאַר אָבער האָבן די פרומע באַזוכן פון זיין פרוי און טעכטער בייב גלח נורם געווען, אַז אין מיניס־טעריום זאָל מען אים האַלטן פאר אַ פאַרדעכטיקן אין קלע־ריקאַליזם, בעת געוויסע געדאַנקען, וועלכע מ׳האָט אים צוגע־שריבן, זענען אויסגענוצט געוואָרן קעגן אים מצד די פרומע

קאטאָליקן און פּאַטריאָטן פון פּראָפעסיע. אַנטוישט אין זיינע אַמביציעס, האָט ער לכל־הדעות געוואלט לעבן, ווי אים האָט זיך געגלוסט און נישט זייענדיק אימשטאנד נושא חן צו זיין אין יענעמס אויגן, ד׳האָט ער דיסקרעט זיך באַמיט נישט געפעלן צו ווערן.

דעם זעלבן אָוונט, וואָס איז געווען אַ קלאָרער און אַ שטילער, האָט ער דערזעען דעם רעקטאָר פון סעמינאַר, וואָס איז געגאַנגען זיין געוויינלעכן וועג. ה׳ בערזשערע האָט געמאַכט עטלעכע שריט אין דער ריכטונג פון גייסטלעכן און אויסגעגלייכט זיך מיט אים אונטער די ערשטעביימער פון דער שפּאַציר־אַלעע.

— גליקלעך איז דאָס אָרט, אויף וועלכן איך באַגעגן מיך מיט אייך, — ד׳האָט אָנגעריבן דער פּאָטער לאַנטען, וועלכער פלעגט גאַנץ אָפט ציטירן פארן פּראָפעסאָר פארשידענע ליטעראַרישע טעקסטן.

אין אייניקע זייער נישט קלאָרע זאצן, האָבן זיי אויסגעדריקט זייער מיטגעפיל פאַר דער וועלט, וועלכע אין זיי האָבן געלעבט. בלויז דער גלח לאַנטען האָט אויסגעדריקט זיין צער צוליב דעם אונטערגאַנג פון דער דאָזיקער אַנטיקער שטאָט, וואָס איז אין מיטלאַלטער געווען אַזוי רייך אין חכמה און אידעען, און האָט זיך איצט געפונען אין דעם רשות פון אַ פאָר ד׳רוצפּהדיקע מאַסאָנען; ה׳ בערזשערע פלעגט זאָגן פארקערט:

—די מענטשן זענען פאַרצייטנס געווען די זעלבע, וואָס ד׳היינט, דאָס ד׳הייסט; מיטלמעסיק גוט און מיטלמעסיק שלעכט.

— נישט ריכטיק! — האָט געענטפערט ה׳ לאַנטען, — די מענטשן האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט אַ העלדישן כאַראַקטער און דאָקטרינע אין יענע צייטן, בעת ריימאָנד דער גרויסער, וועלכן מ׳האָט גערופן „דאָקטאָר באַלזאַמיקוס” האָט אין דער דאָזיקער שטאָט געהאלטן פארטראַגן וועגן די פּרינציפּן פון מענטשלעכן וויסן.

דער גיח און דער פּראָפעסאָר האָבן זיך אוועקגעזעצט אויף אַ שטיינערנער באַנק, ווו ס׳זענען פון פריער געזעסן צוויי שווייגנדיקע זקנים, בלאַסע און מידע. פאר דער באַנק האָבן זיך געצויגן גרינע לאָנקעס איינגעהילט אין אַ דורכזיכטיקן נעפל, און זיך געגרענעצט מיט די הימל ביימער, וואָס זענען געוואקסן ביים טייך.

— גערערטער פאטער, — האָט זיך אָנגערופן דער פּראָפעסאָר, — איך האָב, ווי אַלע, דורכגעבלעטערט אין דער שטאָטישער ביבליאָטעק די ווערק פון ריימאָנד דעם גרויסן: „האָרטוס" און „טעזאַורוס". חוץ דעם האָב איך געלייענט דאָס לעצטנס אַרויסגעגעבענע בוך פון גלח קאזאָ, געווידמעט דעם „באַלזאַמישן דאקטאָר". אָט וואָס ס׳האט געצויגן מיין אויפמערקזאַמקייט אינם דאָזיקן בוך...

— דער גלח קאזאָ איז מיינער אַ תלמיד, — האָט אים ה׳ לאַנטען איבערגעשלאָגן די רייד. — זיין בוך וועגן ראימאָנד דעם גרויסן שטיצט זיך אויף פאַקטן, וואָט עס איז א גרויסע מעלה; זיין בוך שטיצט זיך אויף דער קאטוילישער דאָקטרינע, וואָס דארף שטארק געליובט ווערן און וואס איז ביי היינטיקע צייטן זייער זעלטן. ווארים די קאטוילישע דאקטרינע פארלירט דעם באדן אין היינטיקן פראנקרייך, וואָס איז געווען די גרעסטע אומה, ווי לאַנג עס האָט אין איר געהערשט דער טעאָלאָגישער גייסט.

— דאס בוך פון קאַזאָ, — האט געענטפערט ה׳ בערזשערע, — איז מיר פארגעקומען אינטערעסאַנט צוליב אַ ריימאטיוון. וויניק באהאונט אין דער טעאָלאָגיע, האב איך מיך נישט איינמאל אין אים פארלוירן. איך האָב אבער ארויסגעדרונגען פון בוך, אַז דער פון גאט געבענטשטער ראימאָנד, יענער ארטאדאקסישער מאָנאַך האט אנערקענט פארן תלמידחכם דאס רעכט ארויסצוגעבן וועגן איין און דער זעלבער זאך צוויי סותרדיקע אורטיילן: איינעם א טעאָלאגישן, אין הסכם מיט דער התגלות און אַ צווייטן, א ריין מענטשלעכן, וואס שטיצט זיך אויף דער דערפארונג אדער אויפן שכל. דער

„באַלזאַמישער דאָקטאָר", וואס זיין סטאַטוע באצירט דעם הויף פון ערצבישאָף, האָט געהאַלטן, אז דער מענטש קאן אלס אָבסערוואטאר און געלערנטער פאַרלייקענען די אמת'ן, אין וועלכע ער גלויבט אלס קריסט. און ס'האט זיך מיר אויסגעוויזן, אז ה' קאזא, אייער תלמיד, האט אפראבירט אַזא משונה־דיקן סיסטעם.

גערירט פון די געהערטע רייד, האָט דער גלח לאַנטען ארויסגעצויגן פון טאש זיין רויט נאזטיכל, וועלכעס ער האט צעשפרייט ווי אַ פאָן און מיט אַ פלאַמענדיק פנים, אַ ברייט געעפנט מויל און אויפגעהויבענעם שטערן, זיך אריינגעווארפן אין מיטן דעם אָנגעהויבענעם וויכוח.

— ה' בערזשערע, אין דער פראגע, צי מען קאן האָבן איין און דער זעלבער זאך האבן צוויי פארשידענע מיינונגען, אייגע אַ טעאָלאגישע, וואס שטאמט פון געטלעכן קוואל, די אַנדערע אַ ראציאנעלע אדער עקספערימענטאלע, וואָס שטאמט פון מענטשלעכן וויסן, ענטפער איך אנטשיידן: יאָ. און איך וועל אייך באווייזן די ריכטיקייט פון דער דאָזיקער כלומרשטער סתירה אויף אַ גאַנץ פשוטן אופן. איר זיצט ביי אייער טיש, אויף וועלכן עס זענען אָנגעווארפן ביכער און פאפירן, און מיטאמאל רופט איר אויס: „דאָס איז אומגלויבלעך! כ'האב די רגע אנידערגעלייגט מיין מעסער אויפן טיש, און כ'קאָן אים נישט געפינען. איך זע אים, ס'דאכט זיך מיר, אַז כ'זע אים נאך, פונדעסטוועגן זע איך אים נישט מער". בעת איר טראכט אזוי אויף אזא אופן, ה' בערזשערע, האט איר וועגן איין און דער זעלבער זאַך, צוויי סתירה־דיקע מיינונגען, איין מיינונג, אַז אייער מעסער געפינט זיך אויפן טיש, וואָרים עס דארף זיך דארט געפינען. אַ מיינונג, וואָס שטיצט זיך אויפן שכל; די צווייטע מיינונג, אַז אייער מעסער ליגט נישט אויפן טיש, ווייל איר האָט עס נישט געקאנט געפינען, שטיצט זיך אויף דער דערפאַרונג. אָט האט איר פאר זיך צוויי סתירהדיקע מיינונגען וועגן איין און דער זעלבער זאך. און פונדעסטוועגן זענען זיי ביידע אמת. איר באשטעטיקט אין דער זעלבער צייט די אָנ-

ווּנזנהייט און די אָפּוועזנהייט פון מעסער. איר רופט אויס: „ער דאַרף דאָ זיין, אין בין זיכער דערין, בעת אין דער זעלבער רגע לערנט אייך די דערפאַרונג, אַז ער ליגט נישט אויפן טיש.“

און ענדיקנדיק זיינע אויספירונגען, האט דער גלח לאַנ־סען, ווי מיט אַ סכאָלאסטישער פאָן אנגעהויבן צו פּאָכען מיט זיין טיכל אין קראַטעס, וואס איז געווען פול מיט טאביק.

דער פּראָפעסאָר פון הומאניסטישן פאקולטעט האט זיך אבער נישט געוואָלט אונטערגעבן. ס'איז נישט שווער אנגעקו־מען צו באווייזן די פוסטקייט פון דאָזיקן סאָפיזמאַט; ער האָט מיט אַ שטילער, שוואכער שטים געענטפערט, אז זוכנדיק זיין מעסער, האט ער איינס נאכן אַנדערן, אבער נישט גלייכצייטיק, געפילט דא א האפנונג, דא א מורא, אַ פועל יוצא פון דער אומזיכערקייט, וואס קאן אבער לאנג נישט דויערן; ווארים זי מוז זיך אלעמאל ענדיקן מיט דער צייט, ווען ער וועט האבן די זיכערקייט, צי זיין מעסער געפינט זיך יא אָדער נישט אויפן טיש.

— אין דעם ביישפּיל מיטן מעסער, — האט ער צוגע־געבן, — איז נישטא קיין שום פארגלייך מיט דער סתירהדי־קער מיינונג, וועלכע דער פון גאט געבענטשטער ראימאָנד אדער ה' קאוואָ, אדער גאר איר אַליין, וואלטן געקאנט אַרויסטראָגן וועגן א געוויסן פּאקט פון דער ביבל, האלטנדיק, אַז ער איז גלייכצייטיק וואר און פאלש. דערלויבט מיר אויך צו באנוצן זיך מיט א משל. איך קלויב אים אויס נישט כדי צו ברענגען דעם געערטן גלח אין א פאַרלעגנהייט נאר פשוט ווייל ער איז מיר גראד איצט געקומען אויפן געדאנק, איך מיין די גע־שיכטע פון יהושע, וועלכער האט אפגעשטעלט די זון אין מיטן טאָג...

ה' בערזשערע האט שמייכלענדיק אַ פאר געטון איבער די ליפּן. ווארים סוף כל סוף איז ער אין דער טיפעניש פון זיין נשמה פאַרבליבן אַ וואָלטעריאַנער.

— יהושע, וועלכער האָט אָפּגעשטעלט די זון. צי וועט איר באַהויפּטן, ה׳ רעקטאָר, אַז יהושע האָט גלייכצייטיק אָפּגעשטעלט און נישט אָפּגעשטעלט די זון?

דער רעקטאָר פון סעמינאַר האָט לחלוטין נישט אויסגעזען צו זיין אין אַ פאַרלעגנהייט. אַ גלענצענדער דיאַלעקטיקער, האָט ער אָנגעקוקט זיין קעגנער מיט אַ פלאַמענדיקן בליק און טיף אָפּגעזיפצט:

— קודם כל לאָז איך מיר איבער די פרייהייט בנוגע דער ריכטיקער, בוכשטעבלעכער און גלייכצייטיק סימבאָלישער אינטערפּרעטאַציע פון דער שטעלע אין ספר יהושע, וועלכע איר האָט איצט באַרירט, און ביי וועלכער אַ סך אומגלויביקע האָבן אומפאַרזיכטיק געליטן אַ מפּלה. איך וועל אייך דעריבער ענטפערן אָן פּחד: יאָ, איך האָב צוויי פאַרשידענע מיינונגען בנוגע דער אינטערפּרעטאַציע פון דאָזיקן נס. אַלס פיזיקער, גלויב איך, אויפן סמך פון די אויספירונגען פון דער פיזיק. ד. ה. פון דער אָבסערוואַציע, אַז די ערד דרייט זיך אַרום דער אומבאַוועגלעכער זון, און אַלס טעאָלאָג גלויב איך אָבער, אַז יהושע האָט יאָ אָפּגעשטעלט די זון. ס׳איז אין דעם פאַראַן אַ סתירה. אָבער די דאָזיקע סתירה קאָן מען אויך אָפּווענדן. איך וועל עס אייך באַלד באַווייזן. וואָרים די אידעע, וועלכע מיר שאַפן זיך בנוגע דער זון איז אַ ריין מענטשלעכע. זי האָט נאָר אַ שייכות מיטן מענטש, זי פאַרפּליכטעט אָבער בשום אופן נישט גאָט. דעם מענטש קומט פאָר, אַז די זון דרייט זיך נישט אַרום דער ערד. איך בין מסכים דערמיט און כ׳האַלט, אַז קאָפּערניק איז געווען גערעכט. איך קאָן אָבער נישט צווינגען גאָט, אַז ער זאָל ווערן אַן אָנהענגער פון קאָפּערניקן, ווי איך, און וועל מיר נישט גריבלען, צי אין גאָטס אייגן דרייט זיך די זון יאָ אָדער נישט אַרום דער ערד. דעם אמת זאָגנדיק, האָב איך נישט באַדאַרפט צו האָבן דעם טעקסט פון ספר יהושע, כדי צו וויסן, אַז אונזער מענטשלעכע אַסטראָנאָמיע איז נישט דאָס זעלבע, וואָס די אַסטראָנאָמיע פון גאָט. די שפּעקולאַטיווע טעאָריעס וועגן דער צייט. צאָל אין

רויבם נעמען נישט ארום דעם אין־סוף, און דאס וואלט גע־
ווען אַ נארישער געדאנק צו פארפלאנטערן דעם הייליקן
גייסט אין די פיזיקאלישע און מאטעמאטישע סתירות.

— איר נעמט אַלזא אָן, — האָט געפרעגט דער פראָ־
פעסאר, — אז אין דער מאטעמאטיק איז דערלויבט צו האבן
צוויי סתירותדיקע מיינונגען, איינע א מענטשלעכע און די אנדערע
אַ געטלעכע?

— איך האב נישט קיין מורא פאר דער דאזיקער עקס־
טרעמיטעט, — האט געענטפערט דער גלדון לאנטען, — די
מאטעמאטישע וויסנשאפטן צייכענען זיך אויס מיט א גענויקייט,
וואס דערנענטערט זיי כמעט צו דעם אבסאלוטן אמת. די צאלן
זענען אבער געפערלעך, ווארים דער שכל פרוווט צו זוכן אין
זיי זיין אייגענעם פרינציפּ און דערביי ריזיקירט ער פאר־
בלאנזשעט צו ווערן אויף אזוי ווייט, אז דער נאבצער וועלטאל
קומט אים פאר, ווי א סיסטעם פון צאלן. דער דאזיקער טעות
איז פאראורטיילט געווארן דורך דער קירך. און דאך וועל איך
אייך דרייסט ענטפערן, אַז די מענטשלעכע מאטעמאטיק איז נישט
דאס זעלבע, וואס די געטלעכע מאטעמאטיק. בלי ספק וואלט
נישט באדארפט צו זיין קיין סתירה צווישן איינער און דער
אַנדערער, און איך וויל גלויבן, אַז איר וועט מיר נישט הייסן
זאָגן, אַז ביי גאט איז דריי מאל דריי ניין. מיר קענען
אבער נישט אַלע אייגנשאַפטן פון די צאָלן, גאָט קען זיי אָבער
אַלע.

— כ׳ווייס, אַז ס׳זענען פאראן גלחים, — זיי שמען אפילו
פאר אנגעזעענע געלערטע, — וואָס האלטן, אז די וויסנשאפט
דאַרף זיין האַנט ביי האנט מיט דער טעאָלאָגיע. איך האָב פון
גאַנצן האַרצן פיינד די דאָזיקע אימפּערטינענץ, אָדער ווי איך וואלט
מיך אויסגעדריקט, די דאָזיקע בושהלאָזיקייט. וואָריב איך האָלט עס
פאר די גרעסטע אפּיקורסות צו לאָזן גיין האנט ביי האנט דעם
אומבארירלעכן, אבסאָלוטן אמת מיט דער אומפּולקאָמענער און
פּראָוויזאָרישער וואָרהייט, וואס רופט זיך וויסן. די דאזיקע
משוגעת אויסצומישן די ווירקלעכקייט מיט דער ווארשיינלעכקייט,

דעם קערפּער מיט דער נשמה, האָט געשאַפן אָן א שיער עלנטע און שעדלעכע מיינונגען, דורך וועלכע די היינטיקע אַפּאָלאָגעטן האָבן בלויז באַוויזן זייער אייגענע שוואַכקייט און חוצפּה. איינער פון זיי, אַן אָנגעזעענער מיטגליד פון די יעזויטן, אַנערקענט די פּלוראַליטעט פון די באַוווינטע פּלאַנעטן: ער איז מסכים מיט דער מיינונג, אַז אינטעליגענטע באַשעפענישן באַוווינען די פּלאַנעטן מאַרס און ווענוס, גלייכצייטיק האַלט ער אָבער, אַז נאָר די ערד האָט די פּריווילעגיע אויסגעלייזט צו ווערן דורכן קרייץ, דורך וואָס זי ווערט פאַררעכנט, ווי די איינציקע אין דער יצירה. א צווייטער, וועלכער האָט, נישט אָן פאַרדינסטן, פאַרנומען ביז נישט לאַנג די קאַטעדרע פון טעאָלאָגיע אין דער סאָרבאָנע האַלט, אַז דער געאָלאָג וואָלט געקאָנט געפינען שפּורן פון מענטשן, וואָס האָבן נאָך געלעבט פאַר אדמן, און דעם ביבלישן גענעזיס רעדוצירט ער נאָר צו איין געגנט פון דער וועלט, וואָס איז געווען באַשטימט פאַר אדמן און זיינע קינדער. אָ, איבערפלעכלעכע משוגעתן! אָ באַדויערנסווערטע חוצפּה! אָ, אַלטע נייהייטן, וואָס זענען שוין הונדערט מאָל פאַראורטיילט געוואָרן! אָ, צעברעכערס פון דער הייליקער איינקייט! צי איז דען נישט פיל בעסער, ווי ראַימאָנד דער גרויסער און זיין היסטאָריקער, צו פּראָקלאַמירן, אַז די וויסנשאַפט און די רעליגיע דאַרפן זיך נישט פאַראייניקן ווי ס'איז אוממעגלעך צו פאַראייניקן דאָס רעלאַטיווע מיטן אַבסאָלוטן, דאָס געענדיקטע מיטן אין-סוף, דעם שאָטן מיטן ליכט!

— איר פאַראַכטעט די וויסנשאַפט, — האָט זיך אָנגערופן דער פּראָפעסאָר.

דער גלח לאַנטען האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— ניין, ה' בערזשערע, בשום אופן נישט! פאַרקערט. איך האַלט צוזאַמען מיטן הייליקן טאָמאַס פון אַקווינאָ און אַלע קירכלעכע געלערטע, אַז די וויסנשאַפט און פילאָזאָפיע דאַרפן ווי געהעריק באַריקזיכטיקט ווערן אין דער שולע.

—אויב מען פאַראַכטעט דעם וויסן, מוז מען אויך פאַר-

אַכטן דעם שכל; מען קאן נישט מבטל מאַכן דעם שכל, נישט מבטל מאַכנדיק דעם מענטש: און איז מען מבטל דעם מענטש, באַליידיקט מען דערמיט אויך גאָט. דער אומפּאַרזיכטיקער סקעפּטיציזם לגבי דעם מענטשלעכן שכל איז די ערשטע מדרגה פונם קרימינעלן סקעפּטיציזם, וואָס פאַלט אָן אויף די געטלעכע מיסטעריעס. איך האַלט, אַז די וויסנשאַפט איז אַ ברכה פון גאָט. אָבער אויב גאָט האָט אונדז געגעבן דעם וויסן, האָט ער אונדז אָבער נישט געגעבן זיין וויסן. זיין געאָמעטריע איז נישט די אונדזעריקע. אונדזער געאָמעטריע האָט אַ שייכות מיט דער אויבערפלאַך אָדער מיטן חלל. גאָטס געאָמעטריע האָט צו טאָן מיטן אין־סוף. ער האָט אונדז נישט אָפּגעזאָגט: דערפאַר האַלט איך טאַקע, אַז ס׳איז פאַראַן אַן אמתע מענטשלעכע וויסנשאַפט. אונדז איז נישט געגעבן געוואָרן די מעגלעכקייט אַלץ צו וויסן: און טאַקע דערפאַר קאָנסטאַטיר איך, אַז אונדזער וויסנשאַפט, הגם זי איז די אמתע, איז זי אָבער אָנמעכטיק לגבי דעם אמת פון די אמתן. און איך באַגעגן מיך אָן מורא פּנים אל פּנים מיט דער דאָזיקער סתירה, וואָרים זי באַווייזט גאָרנישט, נישט קעגן דעם הימל און נישט קעגן דער ערד.

ה׳ בערזשערע האָט מוזה געווען, אַז דער דאָזיקער סיסטעם קומט אים פאָר צו זיין געשיקט און דרייסט, ווי אויך אין הסכם מיט די אינטערעסן פון גלויבן.

— דאָס איז אָבער נישט די דאָקטרין פון אונדזער ערצבישאָף, — האָט ער צוגעגעבן. — זיין עמינענץ, דער קאַרדינאַל שאַרלאַ, דערמאָנט זייער גערן אין זיינע פּאַסטאָראַלע בריוו רעליגיעזע אמתן, וואָס זענען באַשטעטיקט געוואָרן דורך וויסנשאַפטלעכע אַנטדעקונגען, און הויפּטזעכלעך דורך די עקספּערימענטן פון ה׳ פּאַסטער.

— אַ! — האָט געענטפערט דער פּאַטער לאַנטען מיט אַ שטים, אין וועלכער ס׳האָט געקלונגען אַ לייכטע איראָניע, — זיין עמינענץ ווייזט אַרויס לכל הפּתות אין ענינים פון פילאָזאָפיע אַן עוואַנגעלישע אָרעמקייט.

אין דער זעלבער רגע בעת די דאָזיקע רייד האָבן אָפּ־

געקלונגען אונטער דעם שאָטן פון די ביימער, איז לעבן דער באַנק פארבייגעגאַנגען אַ בייכיקע געשטאַלט אין אַ סוטאַנע, אָנ־געטון אין א פריסטערלעכן הוט.

— רעדט א ביסל שטילער, פאָטער לאַנטען, — האָט געזאָגט דער פראָפעסאָר פון ליטעראַטור, — דער גלח גיטרעף הערט אייערע רייד.

דער פּרעפעקט וואָרמס-קלאַוועלען האָט געשמועסט מיטן גלח גיטרעל אינם מאַגאַזין פון גאָלדשמיד און יובילער, ראָנאַ-דאָנאָ דעם יונגערן. ער האָט זיך צעשפּרייט אין אַ פאָטעל, פאַרלייגט איין פוס אויפן אנדערן, אַזוי אז די פּאָדעשווע פון שוך ד׳האָט כמעט אָנגערירט די קינבאָרד פון זקן.

— געערטער פּאָטער, זאָגט וואָס איר ווילט, איר זענט אַן אויפגעקלערטער גלח; איר זעט אין דער רעליגיע אַ זאַמלונג פון מאָראַלישע מאַקסימען, אַ נויטווענדיקע דיסציפּלין, און נישט קיין פאַרעלטערטע דאָגמעס און מיסטעריעס, וואָס זייער אַבסורדאַליטעט איז זוייט נישט קיין געהיימנישפולע.

ה׳ גיטרעל האָט אַלס גלח געוווּסט, ווי זיך צו האַלטן אין דער געזעלשאַפט, זיין פּרינציפּ איז געווען אויסצומיידן אַ סקאַנדאַל און בעסער צו שווייגן, איידער אויסצושטעלן דעם אמת אויף דער חוזקמאַכעריי פון די אַפּיקורסים. און מחמת דעם, וואָס די דאָזיקע פאַרזיכטיקייט איז געווען אין הסכם מיט זיין כאַראַקטער, פלעגט ער זיך געבוי האַלטן אָן איר. דער פּרעפעקט וואָרמס-קלאַוועלען האָט זיך אָבער נישט אויסגעצייכנט מיט צופיל דיסקרעציע. זיין רויטע פליישיקע נאָז, זיינע גראָבע ליפּן האָבן זיך אויסגעוויזן, ווי ריזיקע אַפּאַראַטן אויף אריינצופּאָמפּעווען און אריינצוציען, בעת זיין משופּעדיקער שטערן און די גרויסע בלאַסע אויגן האָבן פאַרראַטן ווידערשטאַנדס-פעיקייט לגבי יעטוועדער מאָראַלישער סובטילקייט. ער

האט ארויסגעבראכט קעגן די קריסטלעכע דאגמעס די אַרגו־מענטן פון די מאַסאָנען־לאָזשעס און ליטעראַרישע קאפּעטן און געקומען צום אויספיר, אז פאַר אַן אינטעליגענטן מענטש איז אוממעגלעך צו גלויבן כאטש אין איין וואָרט פון קאטעכיזם. דערנאך קלאפנדיק איבער די פלייצעס פון גלח מיט זיין ברייטער דהאנט, אויף וועלכער עס האבן געפונקלט רינגען, האָט ער געזאגט:

— איר ענטפערט גאָרנישט, מיין טייערער פאָטער; איר זענט מסכים מיט מיר.

דער גל"ח גיטרעל איז ווי אַ מאַרטירער געצוווּנגען געווען צו האַלטן פאַרן פּרעפעקט אַ גאנצע דרשה וועגן קריסט־לעכן גלויבן:

— אנטשולדיקט מיר, ה׳ פרעפעקט: דאס קליינע ספרל, צו וועלכן מ׳באַציט זיך אין געוויסע קרייזן מיט ביטול און גרינגשעצונג, דער קאַטעכיזם, אַנטהאַלט א סך מער אמת, ווי די גרויסע פילאָזאפישע אָפּהאַנדלונגען, וואס מאכן אן אזא גערודער אויף דער וועלט. דער קאטעכיזם פאראייניקט אין זיך די שכלדיקסטע מעטאַפיזיק מיט דער דערפאָלגרייכסטער פשטות. דאס איז נישט מיין אָפּשאצונג; זי שטאמט פון אַן אָנגעזעענעם פילאָזאף, ה׳ זשיל סימאָן, וואס האלט, אַז דער קאַטעכיזם שטייגט איבער פּלאַטאנס „טימעאס”.

דער פרעפעקט האָט נישט געוואגט זיך אנטקעגנצושטעלן דער מיינונג פון געוועזענעם מיניסטער. גלייכצייטיק האָט ער זיך דערמאנט, אז זיין היעראַרכישער שעף, דער איצטיקער אינערן־מיניסטער, איז געווען א פּראָטעסטאנט. ער האָט דערי־בער געזאגט:

— אלס באאמטער רעספעקטיר איך אין דער זעלבער מאס אַלע רעליגיעס, דעם פראטעסטאנטיזם און דעם קאַטאָלי־ציזם. אלס מענטש בין איך פריידענקער, און אויב איך וואלט שוין באדארפט אָפּגעבן די בכורה אַ רעליגיעזער דאגמע, דער־לויבט זשע מיר, געערטער פאטער, זיך ארויסצוזאָגן לטובת דער רעפארם.

ד״ר גיטרעל האָט געענטפערט מיט אַ געזאָלבטער שטים:

— צווישן די פּראָטעסטאַנטן זענען בלי ספק פאַראַן מענטשן, וואָס פאַרדינען געאַכטעט צו ווערן צוליב זייערע גוטע מדות, און איך דערוועג מיך צו זאָגן, מענטשן, יחידי־סגולה, וואָס גערן פאַר אַזעלכע געהאַלטן פון דער גאַנצער וועלט. אָבער די כלומרשט רעפאָרמירטע קירך איז נישט מער, ווי אַן אָפּגעריסענער גליד פון דער קאַטוילישער קירך, און די ווונד בלוטיקט נאָך איצט.

דער פּרעפעקט האָט גלייכגילטיק זיך צוגעהערט צו די דאָזיקע רייד, וואָס זענען אַרויסגענומען געוואָרן פון באָסועט, ער האָט אַרויסגענומען פון זיין ציגאַרן־טאַש אַ דיקן ציגאַר און אים פאַרויכערט, דערנאָך האָט ער דערלאַנגט דעם גלח ויין פאַרט־ציגאַר:

— אפשר קאָן מען אייך מכבד זיין מיט אַ ציגאַר, געערטער ה׳ גיטרעל?

ער האָט נישט געהאַט דעם מינדעסטן באַגריף וועגן דער דיסציפּלין פון קלער, און גלויבנדיק, אַז די גייסטלעכע איז פאַרבאָטן צו רויכערן טיטון, האָט ער מיט זיין ציגאַר געוואָלט דעם גלח ברענגען צו אַ נסיון אָדער אריינפירן אין אַ פאַרלעגנהייט. ער האָט אין זיין עם־הארצות געגלויבט, אַז ער וועט דורכן ציגאַר ברענגען דעם גלח צו אַן עבירה, צווינגען אים צו אומגעהאָרכזאַמקייט און אפשר גאָר צו חלול־השם און אפילו אַפּאָסטאַזיע. ה׳ גיטרעל האָט אָבער רויק צוגענומען דעם ציגאַר, האָט אים פאָרזיכטיק אַראָפּגעלאָזט אין קעשענע אריין און געזאָגט מיט אַ שמייכל, אַז ער וועט אים גערן רויכערן ביי זיך אין צימער, נאָכן אָוונטברויט.

אַזוי האָבן דער פּרעפעקט וואָרמס־קלאַוועלען און דער גלח גיטרעל, פּראָפעסאָר פון דער הייליקער עלאָקווענץ, געפלוידערט אינם קאַבינעט פון גאָלדשמיד, וואָס האָט געאַרבעט פאַר דעם ערצבישאָף און גלייכצייטיק פאַר דער פּרעפעקטור, און זיך דיסקרעט צוגעהערט צו זייער געשפּרעך, נישט נעמענדיק אין

אים קיין אנטייל. ער האָט ערלעדיקט זיין קארעספאנדענץ, און זיין גאָלער שטארבן איז געווען איינגעבויגן דא איבער די האַנדלס-רעגיסטערן, דא איבער די שטיקער גאָלד, וואָס זענען געלעגן צעווארפן איבערן טיש.

מיטאַמאָל האָט דער פרעפעקט זיך אויפגעהויבן פון אָרט, צוגעשטופט דעם גלח צום פענצטער און אים איינגערוימט אין אויער אריין:

— טייערער ה׳ גיטרעל, איר ווייסט מסתמא, אז אין טורקוען איז ליידיק געווארן די בישאָף-שטול.

— אין דער אמתן, — האָט געענטפערט דער גייסטלעכער, — איך האָב געהערט וועגן טויט פון בישאף דיקלו. דאס איז אַ גרויסער פארלוסט פאר דער קירך אין פראנקרייך. דער בישאָף דיקלו איז געווען אַ מענטש, אַ באשיידענער, מיט גרויסע פארדינסטן. ער האט זיך באזונדערס אויסגעצייכנט אין דער האָמילעטיק *). זיינע פאסטאָראַלע בריוו קאָנען דינען פאר א מוסטער פון קירכלעכער עלאָקוועניץ. צי זאָל איך מיך דערוועגן צו דערמאָנען, אז איך האָב זיך מיט אים באקענט אין אָרלעאן, בעת ער איז נאך געווען גלח דיקלו, דער גאָטספארכטיקער גלח פון דער קירך פון הייליקן סען-אווערט, און אַז ער האָט מיך דעמאלט באערט מיט זיין גינציקער גוטפריינדשאַפט ? די ידיעה וועגן זיין פריצייטיקן טויט האט מיר פארשאפן זייער פיל צער.

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן און האָט אַראָפּגעלאָזט די ליפן אלס צייכן פון טרויער.

— נישט וועגן דעם דהאַנדלט זיך, — האט געזאגט דער פרעפעקט. — ער איז געשטאָרבן ; איצט דארף מען געפינען אַ קאנדידאַט אויף זיין אָרט.

אין איין רגע האט זיך דאס געזיכט פון ה׳ גיטרעל אינגאנצן געענדערט. ער האָט האלב צוגעמאכט די קליינע

---

*) די לערע, ווי אזוי צונויפצושטעלן און צו האלטן גייסטלעכע דרשות. (באמ. פ. איבערזעצער)

קיילעכדיקע אויגן, און אויסגעזעען ווי א שטשור, וואס האט באמערקט חלב אין דער שפייזקאמער.

— איר פארשטייט, מיין טייערער גיטרעל, — האָט גע־ ענטפערט דער פרעפעקט, — אַז דער דאָזיקער גאַנצער עניז גייט מיך זייער ווייניק אָן, נישט איך גאָמיניר בישאָפן. איך בין אויך נישט דער שומר פון קיניגלעכן הותם, נישט דער נונציוס און נישט דער פויבסט, אַ דאַנק גאָט!

און ער האָט זיך צעלאכט.

— זאגט מיר נאָר, אין וואָסערע באציונגען זענט איר מיטן נונציוס?

— דער נונציוס, ה׳ פרעפעקט, באַציט זיך צו מיר זייער גינציק, ווי צו אַ געהארכזאמען און הכנעהדיקן תלמיד פון היי־ ליקן פאָטער. איך וואָלט אבער נישט געדאַט די העזה זיך איינצורעדן, אז ער טיילט מיך אויס פון אנדערע, בפרט נאָך, ווען איך פארנעם אזאַ באשיידענעם פאָסטן, אויף וועלכן איך וויל איבעריקנס פארבלייבן.

— מיין טייערער ה׳ גיטרעל, אויב איך רעד מיט אייך וועגן דאזיקן עניז, וועט דאָס אלץ פארבלייבן צווישן אונז, נישט וואָר? וואָרים עס האַנדלט זיך אין דעם, אז מען זאל ארויסשיקן קיין טורקוען אַ גלח פון מיין דעפּאַרטאַמענט. כ׳וויים פון אַ גוטער קוועלע, אַז אַלס ערשטער קאנדידאַט ווערט ארויס־ געררוקט דער גלח לאַנטען, דער רעקטאר פון סעמינאר, און עס איז נישט אויסגעשלאסן, אז איך זאָל אויפגעפאָדערט ווערן ארויסצוגעבן אַ פארטרויליכע מיינונג וועגן זיין קאנדידאַטור. ער איז אייער שעף, וואָס טראכט איר וועגן אים?

דער גלח גיטרעל האָט געענטפערט, האלטנדיק ארא־ געלאָזט די אויגן:

— זיכער איז, אַז ווען דער גלח לאנטען וואלט פארנו־ מען דעם עפּיסקאפּאלן טראָן, וואס איז פארצייטנס פארהייליקט געוואָרן דורכן אפּאָסטאָל לופּ. וואלט ער אריינגעבראכט דארט באדייטנדע מעלות און אן אומגעוויינלעכן רעדנער - טאלענט. זיינע דרשות, וועלכע ער האט געהאלטן אין דער קירך פון

הייליקן עקזופּער זענען אַלגעמיין אָפּגעשאַצט געוואָרן, סיי צוליב דער דערהויבקייט פון די געדאַנקען, סיי צוליב זיין רעדנער־קראַפט. אַלע זענען מסכים, אַז צו פּאָלקאָמקייט פעלט זיי נאָר די געזאַלבטקייט, יענער שמעקנדיקער און געבענטשטער בוימאייל, וואָס איז נאָר אַליין פעיק, — איך וואַג עס צו באַהויפּטן, — אַריינצודרינגען אין די מענטשלעכע הערצער.

„דער גלח פון דער קירך פון הייליקן עקזופּער האָט דער ערשטער אַ צופרידענער דערקלערט, אַז ה׳ לאַנטען, דרשנען־דיק פון דער אַמבאָנע פון דער פּאַרערטעסטער באַזיליקע אין דער דיעצעזיע, וואָלט מיט זיין פלאַמענדיקן פּאַנאַטיזם שטאַרק נושא חן געווען ביים גרויסן אַפּאָסטאָל און גרינדער פון גאַליע. ער האָט בלויז באַדויערט די עקסקורסיעס פון רעדנער־אויפן געביט פון דער מאָדערנער געשיכטע. וואָרים מען מוז מודה זיין, אַז ה׳ לאַנטען האָט נישט קיין מורא צו גיין אויף הייסן אַש. ה׳ לאַנטען צייכנט זיך אויס מיט פרומקייט, וויסן און טאַלענט. וואָס פאַרא שאַד, וואָס דער דאָזיקער גלח, וועלכער איז ראוי דערהויבן צו ווערן אויף די העכסטע שטופן פון דער היעראַרכיע, רעדט אָפן פאַר אַלעמען וועגן זיין צו־געבונדנקייט צו אַן אַרויסגעטריבענער פאַמיליע, פון וועלכער ער האָט אַמאָל געהאַט אַ סך טובות! וואָרים זיכער איז, אַז אַזאַ אַפּישירן זיך מיט זיינע געפילן, הגם אין פּרינציפּ קאָן עס געלויבט ווערן, איז אָבער שעדלעך אין זיינע פאָלגן. ער ווייזט אַלעמען גערן אַן עקזעמפּלאַר פונם ווערק „די אימי־טאַציע פון ישו הנוצרי״, איינגעבונדן אין גאָלד און פּורפּור וואָס ער האָט באַקומען אַלס מתנה פון דער פאַריזער גרעפין, און באַרימט זיך מיט זיין געטרייקייט און דאַנקבאַרקייט צו איר. און ווי טרויעריק איז עס, וואָס די גאווה, וועלכע מען קאָן נאָך מוחל זיין אַזאַ גרויסן גאון, ברענגט אים דערצו, אַז ער זאָל זיך עפנטלעך אויסדריקן וועגן קאַרדינאַל־ערצבישאָף אין אַזעלכע רייד, וועלכע איך וואַג גישט פאַר אייך צו דער־מאָנען! לײדער! בעת איך שווייג, וועלן אייך דערפאַר אַלע

ביימער אין די אַלעען פון אונזער גאָרטן איבערגעבן די רייד, וואָס זענען געפאַלן פון ה׳ לאַנטעס מויל אין דער קעגנוואַרט פון ה׳ בערזשערע, פּראָפעסאָר פון ליטעראַטור אויפן הוּמאַניסטישן פאַקולטעט: „זיין עמינענץ ווייזט ארויס, לכל הפחות אין עניניםם פון גייסט, אַן עוואַנגעלישע אָרעמקייט!״ דאָס זענען זיינע געוויינלעכע רייד. און בעת דער לעצטער זאַלבונג פון גלחים, ווען זיין עמינענץ האָט זיך באַוויזן אָנגעטאָן אין זיינע פּאָנטיפיקאַלע קליידער, וועלכע ער טראָגט מיט אַזויפיל ווירדע, נישט געקוקט אויף זיין קליינעם וווּקס, צי האָט מען דעמאָלט נישט געהערט, ווי ער האָט אויסגערופן: „אַ גאָלדענער צלם, אַ הילצערנער בישאָף?״ ער האָט קריטיקירט דעם לוקסוס, מיט וועלכן זיין עמינענץ ריכט אָפּ די גאָטעסדינסטן, ווי אויך די פּראַכט פון זיינע אָפיציעלע מיטאָגן, און באַזונדערס דעם מיטאָג, וועלכן ער האָט געגעבן לכבוד דעם גענעראַל-קאָמאַנדיר פון דעם ניינטן אַרמעע-קאָרפּוס, און ווו איך ה׳ פּרעפעקט זענט אויך געווען איינגעלאַדן. אין דווקא די בעסערע באַציונגען וואָס האָבן זיך לעצטנס איינגעשטעלט צווישן דער פּרעפעקטור און דעם ערצבישאָף פּאַרדריסן עס דעם גלח לאַנטען. נישט געקוקט אויף די עצות פון הייליקן פּאַוועל און די אָנווייזונגען פון זיין הייליקייט, דעם פּויפּסט לעאָן דעם דרייצנטן, האָט ער זיך דווקא איינגעשפּאַרט צו פאַרגרעסערן די טרויעריקע מיספאַרשטייענישן, וואָס פאַראומערן אַזוי אויך געגנוג דאָס לעבן פון דער קירך און פון דער מלוכה.

דער פּרעפעקט האָט זיך צוגעהערט מיט אַן אָפן מויל, ווי דאָס איז געווען זיין געוווינהייט. צום סוף האָט ער אויסגערופן.

דער דאָזיקער לאַנטען איז דורך און דורך אַ רעאַקציאָנערער קלעריקאַל! וואָס האָט ער קעגן מיר? וואָס וואַרפט ער מיר פאָר? צי בין איך ווייניק טאָלעראַנט, ליבעראַל? צי האָב איך נישט פאַרמאַכט די אויגן, בעת פון אַלע עקן לאַנד זענען געקומען די מאָנאַכן און מאָנאַכינס און האָבן פאַרפלייצט אַלע קלויסטערס און שולן? וואָרים הגםם מיר האַלטן זיך

ענערגיש בײַ די פּרינציפּיעלע געזעצן פון דער רעפּובליק, פירן מיר זיי אָבער נישט אײַן אין לעבן. מיט די גלחים איז שוין טאקע נישט אויסצוהאַלטן. איר זענט אַלע די זעלבע. איר שרײַט, אַז מ׳פאַרפאָלגט אײַך דערפאַר, ווײַל איר זענט עס אַליין נישט אומשטאַנד צו טון. און ווי איז זײַן מיינונג וועגן מיר?

— מ׳קאַן נישט קומען מיט קיין ממשותדיקע פאָרווורפן קעגן אײַער הערשאַפט, אבער אַ מענטש. וואָס איז אַזוי אײַנגעשפּאַרט, ווי דער גלח לאַנטען, וועט אײַך קײנמאָל נישט מוחל זײַן אײַערע סימפּאַטיעס פאַר דער מאַסאָנעריע, ווי אויך אײַער יידישע אָפּשטאַמונג.

דער פּרעפעקט האָט אַראָפּגעטרייסלט דעם אַש פון ציגאַר.

— די יידן זענען נישט מײַנע פרײַנד. איך האָב נישט קיין שום באַציונגען מיט דער יידישער געזעלשאַפט. זייט אָבער רו׳ק, מײַן טייערער גיטרעל, איך פאַרזיכער אײַך, אַז ה׳ לאַנטען הערט שוין נישט ווערן בישאָף אין טורקוען. איך האָב גענוג אײַנפלוסן אין די רעגירונגס-קרײַזן, כדי אים קאַליע צו מאַכן די פּלענער... הערט מיך גוט אויס, ה׳ גיטרעל: בעת איך האָב אנגעהויבן מײַן קאַריערע, בין איך געווען אַן אײן גראָשן געלט. איך האָב מיר אבער אײַנגעשאַפן באַציונגען, באַציונגען זענען ווערט כמעט דאָס זעלבע, וואָס א פאַרמעגן. איך האָב היינט גענוג באַציונגען, און דאָס האָט שוין עפּעס צו זאָגן. איך וועל שוין אכטונג געבן, אַז ה׳ לאַנטען זאָל זיך אויסדרייען דעם קאַרק אין די מיניסטעראַלע אמטן. מײַן פרוי האָט שוין איבעריקנס א קאַנדידאַט אויפן עפּיסקאָפּאַלן טראָן אין טורקוען און דער דאָזיקער קאַנדידאַט, דאָס זענט איר, ה׳ גיטרעל.

בײַ די רייד האָט דער גלח גיטרעל אַראָפּגעלאָזט די אויגן און אויפגעהויבן די הענט.

— איך זאל עס פארנעמען דעם עפּיסקאָפּאַלן טראָן,
וואס איז געהייליקט געוואָרן דורכן גאטספארכטיקן לופּ און
דורך אזוי פיל אַפּאָסטאָלן פון צפון-גאליע! דער מאדאַם
וואַרמס-קלאַוועלען איז איינגעפאלן אַזאַ ענלעכער גע-
דאנק?

— מיין טייערער גיטרעל, זי וויל, אז איר זאלט אנטאָן
די עפּיסקאָפּאַלע מיטרע. און איך פארזיכער אייך, אז זי וועט
זיין בכוח צו נאמינירן אַ בישאָף. איך אליין וועל גארנישט
האָבן קעגן דעם, אז די רעפּובליק זאָל באקומען א רעפּובליקא-
נישן בישאָף. דאס איז אָפּגעמאכט, מיין טייערער גיטרעל; רעדט
איבער מיטן ערצבישאָף און נונציוס; מיין פרוי און איך, מיר
וועלן באארבעטן די מיניסטעריומס.

און ה' גיטרעל האט געשעפּטשעט, פארלייגנדיק די
הענט:

— דער פארצייטיקער און ערפארכטיקער טראָן פון
טורקיען!

— א בישאָפטום פון דריטן ראנג, אַ לאָך, מיין טייע-
רער פאטער. מ'דארף אָבער מאכן א התחלה. צי ווייסט איר,
ווו עס זענען געווען מיינע ערשטע דעביוטן אויפן אַדמיניס-
טראַטיוון געביט? אין סערע! כ'בין געווען וויצע-פּרעפעקט אין
סערע, אין די מזרח-פּירענעען! ווער וואלט עס געגלויבט? איך
פארליר אָבער דערווייל די צייט אויף פּלוידערייען... אַ גוטע
נאכט, עקסעלענץ.

דער פּרעפעקט האָט דערלאַנגט די האַנט דעם גלח.
דער גלח גיטרעל איז אַהיימגעגאַנגען מיטן געדרייטן געסל
דע טענטעלערי, אַ הכנעהדיקער, מיט איינגעבויגענע פּלייצעס,
און אויפן וועג זיך איבערגעלייגט וועגן די באמיונגען, וואָס
דאַרפן אנגענומען ווערן. גלייכצייטיק האָט ער א נדר געטון,
אַז אינעם טאָג, ווען ער וועט ווערן בישאָף און נעמען אין
האַנט דעם פּאַסטאָראַל, וועט ער אַלס קירכלעכער פירשט

זיך אנטקעגנשטעלן דער ציווילער מאַכט און באקעמפן די מאָ־
סאָנען און אריינוואַרפן אין חרם אַריין די פרינציפּן פון
פרייען געדאַנק, פון דער רעפּובליק און דער רעוואָלוציע.

IX

אַן אַרטיקל אינעם „ליבעראַל" האט מידיע געזען דער באַפעלקערונג פון דער שטאָט * * * וועגן דער אַנטפּלעקונג פון אַ נביאטע. דאס איז געווען פריילין קלאַאודינאַ דעניזאָ, די טאָכטער פון אַן אייגנטימער פון אַ פאַרמיטלונגס־ביוראָ פאַר דאָרפישע דינסטמיידלעך. ביזן זיבעצנטן יאָר פון איר לעבן האָט אפילו דער אויפמערקזאַמסטער באַאָבאַכטער נישט געקאָנט באַמערקן אין פריילין דעניזאָ קיין שום פּאַטאָלאָגישעס, סיי אין איר פאַרשטאַנד, סיי אין איר געזונט־צושטאַנד. זי איז געווען אַ קליינע, דיקע בלאָנדינע, נישט קיין שיינע, נישט קיין מיאוסע, דערפאַר אָבער אַ ליעבלעכע און אַ ריינלעכע. „זי האָט באַקומען, — האט געשריבן דער „ליבעראל", — א גוטע בירגערלעכע דערציונג, און זי איז געווען פרום בלי שום גוזמא". און אָנהייב פון איר אכצנטן לעבנס־יאָר, בעת זי איז דעם 3־טן פעברואַר 189... זעקס א זייגער אין אָוונט, באשעפטיקט געווען מיטן דעקן צום טיש אין עסצימער, האָט זיך איר אויסגעדוכט, ווי זי האלט געהערט די שטים פון איר מוטער: „קלאַאודינע, גיי אריין אין דיין צימער". זי איז דאָרט אריינגעגאַנגען און האָט דערזען צווישן דעם בעט און דער טיר אַ גרויסע ליכטיקייט: „קלאַאודינע, — האט געזאגט דאס קול, — ס'איז געווונטשן, אַז דאס דאזיקע לאַנד זאָל תשובה טון. דעמאלט וועט עס אויסמיידן גרויסע צרות. איך בין די הייליקע ראַדעגאָנדע, די קיניגין פון פראנקרייך". און פריילין דעניזאָ האט דערזען אין

דער ליכטיקייט אַ לויטער דורכזיכטיק פּנים מיט אַ גילדערנער קרוין, איינגעפּאַסט אין מייערע שטיינער.

פון דעמאָלט אָן פלעגט די היילִיקע ראַדעגאַנדע טאָגטעג־לעך באַזוכן די פריילין דעניזאַ, פאַרברענגען מיט איר אין אַ שמועס, ווי אויך אַנטפּלעקן פאַר איר געהיימנישן און זאָגן נביאות. זי האָט פאָראויסגעזאָגט די פרעסט, וואָס האָבן אַ תל געמאַכט פון די יונגע ווייַנטרויבן און מודיע געווען, אַז ה׳ ריע, דער גלח פון דער קירכע פון דער היילִיקער אַגנעס וועט נישט דערלעבן ביז צו דער פּסחא־הגא. און ווירקלעך, דער גאָטספּאַרכטיקער ה׳ ריע איז געשטאָרבן אינם הייליקן דאָנערשטיק. ווייטער האָט זי פאָראויסגעזען, אַז אויף די רעפּובליק אין פראַנקרייַך וועלן אין גיכן אָנקומען שרעקלעכע צרות, שרפות, פאַרפאָלי־צונגען און הריגות. אָבער גאָט, וואָס וועט ענדלעך מיד ווערן פון שטראָפן די אַפּיקורסים, וועט געבן דעם לאַנד אַ קיניג, און די בירגער וועלן ווידער לעבן אין שלום און אין וווילטאָג. די היילִיקע האָט געהיילט פאַרשידענע חולאתן. אַ דאַנק דער היילִיקער, האָט פריילין דעניזאַ געגעבן דעם באַן־וועכטער זשאַבעלען אַ זאַלב, וואָס האָט אינגאַנצן אויסגעהיילט זיין קראַנקע קני. זשאַבעלען איז ווידער בכוח געווען צוריקקערן זיך צו זיין אַרבעט.

די דאָזיקע נסים פלעגן טאָגטעגלעך צוציען אַ המון בייגי־ריקע אין דער ווינקל פון דער פאַמיליע דעניזאַ, איבער פלאַץ פון היילִיקן עקזופּער, איבער דעם טראַמוואַי־ביוראָ. דאָס יונגע מיידל איז געקומען געוואָרן אונטער דער אָבסערוואַציע פון גלחים, דימיסיאָנירטע אָפּיצירן און דאָקטוירים. מ׳האָט באַמערקט, אַז בעת זי הזר׳ט איבער די רייד פון דער היילִיקער ראַדע־גאָנדע, ווערט איר קול ערנסטער, איר געזיכט שטרענגער און אירע אבֿרים שטייף. ווייטער האָט מען באַמערקט, אַז זי באַניצט זיך מיט אַזעלכע אויסדריקן, וואָס ווערן זעלטן אַרויסגערעדט דורך אַ יונג מיידל, און אַז די דאָזיקע רייד איז שווער געווען צו דערקלערן אויף אַ נאַטירלעכן אופן.

דער פּרעפעקט ה׳ וואָרמס־קלאַוועלען האָט זיך לכתחילה

באַצויגן צו דער גאַנצער געשיכטע סקעפּטיש און גלייכגילטיק. שפּעטער האָט אָבער מיט אומרו אנגעהויבן צו פאַרפאָלגן דעם סוקצעס פון דער וואָרזאָגערין, וועלכע האט פאָראויסגעזאגט דעם סוף פון דער רעפּובליק און די רעסטאַוראַציע פון דער קריסט־לעכער מאָנאַרכיע אין פראַנקרייך.

ה׳ וואַדמס קלאַוועלען איז אריינגעטרעטן אין דער אַדמי־ניסטראַטיווער דינסט אין דער צייט פון די סקאַנדאַלן אין עלי־זייען־פּאַלאַץ, בעת דער הערשאַפט פון פּרעזידענט גרעווי. פון דעמאָלט אָן פלעגט ער בייוווינען א ריי קאָרופּציע־אַפערעס, וועלכע מ׳האָט כסדר זיך באַמיט צו פאַרטושן, זיי פלעגן אָבער אַלעמאָל אויפסניי אויפטויכן, און ברענגען א גרויסן שאָדן דעם פּאַרלאַמענט און דער מאַכט. אין דער דאָזיקער ספּעקטאַקל, וואָס איז שוין אין זיינע אויגן געווען פולשטענדיק נאַטירלעך, האט גורם געווען, ער זאָל אויף א סך זאַכן קוקן דורך די פינגער. איין סענאַטאָר און צוויי דעפּוטאטן פון זיין דעפּאַרטא־מענט זענען געריכטלעך פאַרפאָלגט געוואָרן דורך דער מאַכט. א ריי אָנגעזעענע פּארטיי - טוער, אינזשעניערן און פינאנסיסטן, זענען געזעסן אין תפיסה אָדער אַנטלאפן. ביי אזא קאָניונקטור איז ער געווען צופרידן, וואָס די באפעלקערונג איז צוגעבונדן צום רעפּובליקאַנישן רעזשים. ער האָט נישט געפאָדערט ביי איר נישט קיין רעספּעקט און נישט קיין כבוד, וואָס זענען אין זיי־נע אויגן געווען פאַרעלטערטע געפילן, איבערבלייבענישן פון אַמאָליקע צייטן. די געשעענישן האָבן פארברייטערט דעם אור־שפּרינגלעך ענגן האָריזאָנט פון זיין אינטעליגענץ. די ריזיקע איראָניע פון די געשעענישן האָט באהערשט זיין נשמה, זי געמאַכט צוגענגלעך, שמייכלענדיק און לייכט. ער איז געקומען צו דער איבערצייגונג, אז די וואַל-קאָמיטעטן שטעלן מיט זיך פאָר די איינציקע פאקטישע אויטאָריטעט אינם דעפּאַרטאמענט, ער פלעגט זיי דעריבער האָרכן מיט א כלומרשטן אייפער און א פארבארגענעם ווידערשטאַנד. אויב ער פלעגט אויספירן זייערע באפעלן האָט ער עס געטון נאָר כדי צו מילדערן זייער שטרענג־קייט. לסוף איז ער פון א אָפּאָרטוניסט געוואָרן א ליבעראַל און

פראָגרעסירט. ער האָט גערן יעדן דערלויבט צו רעדן און צו טון, וואָס ער וויל. ער איז אָבער געווען צופיל קלוג, כדי נישט צו טאָלערירן קיין שום באַדייטנדע עקסצעסן, און ווי אַ געוויסנהאַפטער באַאַמטער האָט ער אַכטונג געגעבן, אַז די רעגירונג זאָל נישט זיין אויסגעשטעלט אויף קיין צופיל שרייענדיקע באַליידיקונגען, און די מיניסטאָרן זאָלן רויק געניסן פון דער אַלגעמיינער גלייכגילטיקייט, וועלכע פלעגט אָנשטעקן סיי זייערע פריינד און שונאים, און אויף אַזאַ אופן געגעבן זיי די זיכערקייט אין זייער קראַפט און רו.

ער איז געווען צופרידן, וואָס סיי די רעגירונגס-צייטונגען, סיי די אָפּאָזיציאָנעלע פרעסע, ביידע קאָמפּראָמיטירט אין פינאַנסיעלע אַפערעס, האָבן זיך פולשטענדיק דיסקרעדיטירט, אַזוי אַז מ'האָט זיך ווייניק גערעכנט סיי מיט זייערע שבחים און סיי מיט זייערע זלזולים. בלויז דאס סאָציאַליסטישע בלאַט האט געהאַט ריינע הענט און פלעגט שאַרף אָנגרייפן די הערשנדיקע אָרדנונג. עס איז אָבער נעווען זייער אָרעם; און די מורא, וועלכע ס'האט נעוועקט, האט געצוווּנגען די רויקע בירגער צו האַלטן מיט דער רעגירונג. דער פּרעפעקט וואָרמס-קלאַוועלען פלעגט דעריבער אינפאָרמירן דעם אינערן-מיניסטער, אַז די פּאָליטישע סיטואַציע אין זיין דעפּאַרטאַמענט איז אַן אויסגעצייכנטע. און אָט האָט די וואָרזאָגערין פון פלאַץ פון הייליקן עקזופּער מיטאַמאָל אַריינגעבראַכט אַ צעמישונג אין דער לאַגע. זי זאָגט פאָראויס, אונטערן דיקטאַט פון דער הייליקער ראַדעגאָנדע, די ירידה פון מיניסטעריום, דאָס פונאַנדערלאָזן פון פּאַרלאַמענט, די דעמיסיע פון פּרעזידענט פון דער רעפּובליק און דעם סוף פון רעזשים, וואָס וועט ווערן צו ביטאָטע גלייך. זי איז געווען אַ סך געפערלעכער פון „ליבעראַל", און צו אירע רייד האָט מען זיך זייער שטאַרק צוגעהערט. ווארים דער „ליבעראַל" איז זיך זייער ווייניק פונאַנדערגעגאַנגען, און פריילין דעניזאַ פלעגט אויפנעמען ביי זיך די גאַנצע שטאָט. דער קלער, די גרויסע אַגראַריער, דער אַדל, די קלעריקאַלע פרעסע, אַלע האָבן זיך געבויגן צו אירע פיס און פשוט גע-

שלונגען אירע רייד. די היילקע ראדעגאָנדע האט צונויפגעזאמלט די קעגנער פון דער רעפובליק אין די „קאנסערוואטיסטן", וואָס זענען געווען צעשפרייט איבערן גאנצן דעפארטאמענט. א פאַרזאמלונג נישט קיין געפערלעכע, אָבער א שעדלעכע. ה' וואָרמס קלאוועלען האָט הויפטזעכלעך מורא געהאַט, אז די גאנצע אַפערע זאָל נישט אמאל באַרירט ווערן דורך אַ פאריזער צייטונג. ס'וואָלט געקאנט קומען צו א סקאנדאל, האט ער געטראכט, און דאס וואָלט מיך אויסגעשטעלט אויף די פארווורפן פון מיניסטער". ער האט באַשלאָסן צו געפינען אַזא נישט שעדלעך מיטל, וואס מיט זיין הילף זאל מען זי קענען צווינגען צו שווייגן. קודם-כל האט ער באַשלאָסן צו פארשאפן זיך ידיעות וועגן דער מאראלישער אויפפירונג פון אירע עלטערן.

איר פאמיליע פון פאטערס צד האט נישט געהאַט קיין איבעריק גוטע רעפוטאציע אין שטאט. די פאמיליע דעניזא איז געווען גראד פון קליינעם יחוס. דער פאטער פון פריילין קלאַדינע האט געהאט אן אַרבעטס-פארמיטלונגס-ביוראָ, וואס איז געווען נישט בעסער און נישט ערגער פון אַלע אנדערע ענלעכע אינטערנעמונגען. סיי די באַלעבאטים, סיי די דינערשאפט האבן זיך באקלאגט אויף אים, און פונדעסטוועגן פלעגן זיי סוף-כל-סוף ווידער אָנקומען צו אים. אין יאר 1871 האט דעניזא פראקלאמירט די קאמונע אויפן פלאַץ פון היילקן עקוופער, שפעטער, ביים ארויסטרייבן דריי דאמיניקאנער מיט מיליטערישער קראפט, האט ער זיך אנטקעגנגעשטעלט די זשאנדארמען און ער איז ארעסטירט געווארן. פון דעמאָלט אָן איז ער געגאנגען צו די שטאָט-וואלן, ווי א סאציאליסט, ער פלעגט אבער אַלעמאָל באקומען אַ גאנץ קליינע צאל שטימען. דאס איז געווען אַ היצקאפ, אבער מיט א קליינטשיקן מוח. מ'האט אים געהאלטן פאר אן אָרנטלעכן מענטשן.

די מוטער האט פון דער היים געהייסן נאדאל. די פאמיליע נאדאַל האָט געהאַט אַ בעסערע רעפוטאַציע, ווי די דעניזאָס, און געהערט צו די קליינע גוט-באזיצערס, א מומע פון די פריילין קלאודינע פלעגט ליידן אויף האלוצינאציעס, און אין

משך פון איינציקע יאָר האָט מען זי געהאַלטן פאַרשלאָסן אין א משוגעים־הויז. די נאָדאַלס האָבן געשמט פאַר פרומע לייט און געהאַט אַ סך גלחים אין דער משפּחה. מער האָט דה׳ וואַרמס־קלאָוועלען נישט געקאָנט דערגיין.

אַנומלט אין אַ פרימאָרגן האָט ער וועגן דעם ענין גע־האַט אַ געשפרעך מיט זיין פּריוואַטן סעקרעטאַר, ה׳ לאַקאַרעל, וואָס האָט געהערט צו איינער פון די עלטסטע פאַמיליעס אין דעפּאַרטאַמענט און איז גוט באַהאַוונט געווען אין די דאָר־טיקע באַציונגען.

— מיין טייערער לאַקאַ־על, מ׳דאַרף מאַכן אַן ענדע מיט דער דאָזיקער משוגענער. ווארים ס׳איז דאָך קלאָר, אַז פריילין דעניזאָ איז נישט ביים קלאָרן זינען.

לאַקאַרעל האָט געענטפערט ערנסט, מיט א געוויסער שטאַלצקייט, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין זיינע לאַנגע בלאָנ־דע וואָנסעס:

— ה׳ פּרעפעקט, וואָס שייך דעם דאָזיקן, זענען פאַראַן פאַרשידענע מיינונגען, און א סך מענטשן גלויבן, אַז פריילין דעניזאָ איז ביי די רעכטע געדאַנקען.

— אָבער, לאַקאַרעל, איר גלויבט דאָך מסתמא נישט, אַז די הייליקע ראַדעגאָנדע קומט צו איר צו גיין יעדן טאָג אויף א שמועס און באַוואָרפט מיט בלאָטע דעם מלוכה־שעף און די רעגירונג.

לאַקאַרעל האָט אָבער געהאַלטן, אַז אין דעם איז פאַראַן א סך גוזמא און אַז די שונאים פון דער רעגירונג נוצן אויס די הייליקע פאַר זייערע צוועקן. ווארים ס׳איז באמת געווען איבערגעוויינלעך, וואָס פריילין דעניזאָ פלעגט פאַרשרייבן ווירקזאַמע רפואות אויף אומהיילבאַרע חולאתן; זי האָט אויס־געהיילט דעם באַן־וועכטער זשאַבעלען און אַן אַלטן הויז־דינער מיטן נאָמען פּאַורי, דאָס איז אָבער נאָך נישט אַלץ, זי האָט פאָראויסגעזאָגט געוויסע געשעענישן, וואָס זענען באמת מקוים געוואָרן, ווי זי האָט געזאָגט.

— איך קאָן אייך דערציילן א פאַקט, ה׳ פּרעפעקט,

די פאַבריקע האָט דאָך פריילין דעניזאַ געזאָגט: „אויף די פעל-דער פון פעפע, אין נואַזעל, איז פאַראַן אַ פאַרבאָרגענער אוצר: מ׳האָט געגראָבן אויפן אַנגעוויזענעם אָרט און מ׳האָט אַנטדעקט אַ גרויסן שטיין, וואָס האָט געפירט אין אַ הייל אַריין.

— אָבער ווידער דאָס אייגענע, — האָט אויסגערופן דער פּרעפעקט — ס׳איז דאָך אָבער אוממעגלעך, אַז די הייליקע ראַדעגאָנדע...

ער האָט אָפּגעהאַקט אינמיטן — און זיך פאַרטראַכט. ער האָט נישט געהאַט די מינדעסטע אַנונג וועגן דער האַגיאָגראַפיע *) פון דער קריסטלעכער גאַליע און פון אירע נאַציאָנאַלע אַלטער-טימלעכקייטן. ער האָט געפּרוּווט זיך עפּעס צו דערמאָנען פון זיינע יוגנט-יאָרן:

— די הייליקע ראַדעגאָנדע, איז דוכט זיך די מוטער פון הייליקן לואי?

ה׳ לאַקאַרעל, וועלכער איז געווען מער באַהאַוונט אין דער טראַדיציע, האָט נאָר אַ רגע זיך געוואַקלט:

— ניין, — האָט ער געענטפערט. — די מוטער פון הייליקן לואי איז געווען בלאַנקאַ די קאַסטיליאַנערן. די הייליקע ראַדעגאָנדע האָט געלעבט אַ סך פריער.

— אַזוי גאָר! ווי עס זאָל נישט זיין, איז אָבער נישט דערלאָזבאַר, אַז זי זאָל אַנמאַכן אַזאַ גערודער אין דער הויפּט-שטאָט פון דעפּאַרטאַמענט. און איר, מיין טייערער לאַקאַרעל, זעט געבן צו פאַרשטיין איר פאָטער... איך מיין, דעם דאָזיקן דעניזאַ, ער זאָל אַנלערנען ווי עס דאַרף צו זיין זיין טאָכטער און זי האַלטן אונטערן שליסל.

לאַקאַרעל האָט אַ גלעט געטון זיינע בלאָנדע וואָנסעס:

— ה׳ פּרעפעקט, איך וואָלט אייך געראָטן צו באַזוכן די דאָזיקע פריילין דעניזאַ. זי איז זייער אַן אינטערעסאַנטע. זי וועט נאָר אייך אַליין אויפנעמען, איינגאַנצן פּריוואַט.

---

*) די ביאָגראַפיעס פון הייליקע קריסטן. (באַמ. פ. איבערז.)

— וואָס אייך פאַלט גאָר איין, לאַקאַרעל! איך זאָל
אַהינגיין צו דער דאָזיקער ראָצערין, וואָס באַוואַרפט מיין רע-
בירונג מיט בלאָטע!

דער פּרעפעקט וואָרמס-קלאַוועלען איז נישט געווען קיין
לייכטגלויביקער מענטש. די רעליגיע האָט ער באַטראַכט נאָר
פונם אַדמיניסטראַטיוון שטאַנדפונקט. ער האָט גאַרנישט גע-
ירשנט פון זיינע עלטערן, וואָס זענען געווען פרעמד צו די
מנהגים און זאַבאַבאָנעס פון לאַנד. זיין גייסט האָט נישט גע-
צויגן זיין יניקה פון דער אַלטער ערד. ער איז געווען אַן
אידעענלאָזער, פרייער מענטש. ער האָט נישט געהאַט קיין
חוש פאַר מעטאַפיזיק און געשטרעבט אינסטינקטיוו צו מעשים
און אַרבעט; ער האָט זיך געהאַלטן ביי דער ממשותדיקער
וואַרהייט און אויפריכטיק געגלויבט, אַז ער איז אַ פּאָזיטיוויסט.
מיט יאָרן צוריק פלעגט ער אַפילו פאַרברענגען די צייט אין
די קאַפעען אויפן מאָמנמאַרטר, ווו ער פלעגט טרינקען ביר
אין דער געזעלשאַפט פון כעמיקער-פּאָליטיקער; פון יענע צייטן
איז אים פאַרבליבן אַ פאַרטרויליכער רעספּעקט פאַר די
וויסנשאַפטלעכע מעטאָדן, וועלכע ער פלעגט שטאַרק לויבן פאַר
זיינע לערער, די מאַסאָנען אין זייערע לאָזשעס. ער פלעגט
גערן פאַרמאַסקירן זיינע פּאָליטישע אינטריגעס און אַדמיניס-
טראַטיווע שווינדלערייען אין אַ שיינעם לבוש פון עקספּערי-
מענטאַלער פילאָזאָפיע, און וואָס מער די וויסנשאַפט האָט אים
געבראַכט נוצן, אַלץ מער האָט ער געהאַט פאַר איר רעספּעקט...
איך אַנערקען — פלעגט ער אויפריכטיק זאָגן, — יענעם אַב-
סאָלוטן גלויבן אין די פאַקטן, וואָס כאַראַקטעריזירן אַ תלמיד-
חכם, אַ סאָציאָלאָג". און טאַקע דערפאַר, וואָס ער האָט נאָר
געגלויבט אין פאַקטן און איז געווען אַן אָנהענגער פון פּאָזי-
טיוויזם, האָט אים די גאַנצע מעשה מיט דער ווערזאַגערין
אָנגעהויבן שטאַרק צו באַאומרויקן.

ה' לאַקאַרעל, זיין פּריוואַטער סעקרעטאַר האָט אַמאָל
צו אים געזאָגט: „די דאָזיקע יונגע פרוי האָט אויסגעצוילט

אַ באַן-ווערכטער און אַ הויז-דינער. דאס זענען פאקטן. זי האט געוויזן דאס אָרט, ווו מ'האט געפינען אן אוצר, און מ'האט אין דער אמתן געפונען אויף יענעם אָרט אַ שטיין, וואס דעקט צו דעם אריינגאנג אין אַ הייל. דאס איז אַ פאקט. זי האט פארויסגעזאגט אַ שלעכט געוויטער אויף ווײַן. דאס איז אַ פאקט". דער פרעפעקט ווארמס-קלאָוועלען האט געהאט אַ חוש פאר לעכערלעכקייט און אבסורד, אָבער דאס ווארט פאקט האט פונדעסטוועגן געמאַכט אויף אים אַ שטארקע ווירקונג. ס'איז אים מיטאמאל געקומען אויפן געדאנק, אַז עולבע גרויסע דאָקטוירים, ווי שאַרקאָ האבן אין די שפּיטעלער אָבסערווירט בײַ קראַנקע אויסערגעוויינלעכע קרעפטן. ער האט זיך דערמאנט געוויסע פאַלן פון היסטאריע און פון ווייט-זעעוודיקייט. און ער האט זיך געפרעגט, צי ליידט נישט אמאָל פרײַלין דעניזא אויף אַ היסטעריע. ס'איז אים אײַנגעפאלן, אַז דאס וואלט געקאנט זײַן אַ גרונד איבערצוגעבן זי אונטער דער אויפזיכט פון דאקטוירים, און אויף אַזאַ אופן זי משלח צו זײַן פון שטאט.

ער האט געטראַכט:

— איך וואלט „עקס אָפּיציאָ" געקאנט הייסן אײַנשפּאַרן דאס דאזיקע מיידל אין אַ משוגעים-הויז, ווי יעדע אנדערע פּערזאָן, וואס איר קראנקהייט באדראָט דער עפנטלעכער אָרדנונג און זיכערקייט; די קעגנער פון הערשנדן רעזשים וואלטן דעמאלט אויפגעהויבן אַ שרעקלעכן ליארם און איך הער שוין, ווי דער אַדוואָקאַט לעראָן באשולדיקט מיך, אַז איך האב אומגעזעצלעך צוגענומען בײַ אַ מענטש די פרייהייט. מ'דארף זען אויפצופּאַסן אונטערן די נעץ פון די אינטריגעס, אויב אונזערע היימישע קלעריקאלן האבן בכלל געהאט אַן אינטריגע אין זינען. ווארים מ'קאן בשום אופן נישט דערלאזן, אַז עפּעס אַ פרײַלין דעניזאָ זאל טאג-טעגלעך פּרעדיקן אין נאמען פון דער הייליקער ראַדעגאָנדע, אַז די רעפּובליק גייט אונטער. איך בין מודה, אַז ס'איז דאָ אויף וואס זיך צו באקלאגן.

נעוויסע רעפֿארמען זענען נויטיק, באזונדערס אין אונזער פאלקס־
רעפרעזענטאַנץ. אָבער די רעפובליק איז, אַ דאנק גאט, גאנץ גע־
נוג שטארק, כדי איך זאל זי אונטערהאלטן.

## א

אויף אַ באַנק אין דער שפּאַציר־אַלעע, זענען געזעסן דער גלח לאַנטען, רעקטאָר פון סעמינאַר, און ה׳ בערזשערע, פּראָ־פעסאָר פון ליטעראַטור אויפן הומאַניסטישן פאַקולטעט, און האָבן געפירט צווישן זיך אַ שמועס, ווי ס׳איז געווען זייער שטייגער. ווענן אַלץ אין דער וועלט האָבן זיי געהאַט אַ פאַרקערטע מיינונג: ס׳איז שווער געווען צו געפינען ערגעץ נאָך צוויי מענטשן, וואָס זאָלן זיך אַזוי שטאַרק אונטערשיידן צווישן זיך סיי לויטן כאַראַקטער, סיי לויטן גייסט. מ׳מוז אָבער אויך צו־געבן, אַז זיי ביידע זענען געווען די איינציקע מענטשן אין שטאָט, וואָס האָבן זיך אינטערעסירט מיט אַלגעמיינע אידעען. די דאָזיקע געמיינזאַמע סימפּאַטיע האָט זיי דערנענטערט. אין שיינע אָוונטן, אונטערן שאָטן פון די ביימער, פלעגן זיי זיצן און פילאָזאָפירן, און פאַרגעסן זייערע טעגלעכע צרות, איינער — דעם אומעט פון צעליבאַט, דער צווייטער — די משפחה־דאגות, און ביידע צוזאַמען — זייערע פּראָפעסאָנעלע צרות און גלייכע אומפּאָפּולאַריטעט.

יענעם טאָג האָבן זיי פון דער באַנק, אויף וועלכער זיי זענען געזעסן, געזען דעם מאָנומענט פון זשאַננע ד׳ אַרק, נאָך אינגאַנצן באַדעקט מיט לייוונט: די בתולה האָט אַמאָל געגעב־טיקט אין דער שטאָט, אין דער ווינונג פון דער פרומער פרוי לאַ גאָס, און איצט אין יאָר 189... האָט די מוניציפּאַליטעט,

מיט דער הילף פון זייער מלוכה, געלאזט אויפבויען אַ מאָנו־
מענט אלס אנדענק פון יענער נאכט. צוויי קינסטלער, ביידע
געבוירן אין דער געגנט, איינער אַ סקולפטאר, דער צווייטער
אַן ארכיטעקט, האבן אויסגעפירט דעם מאָנומענט, ווו ס'איז
אויף אַ הויכן פיעדעסטאַל געשטאַנען די יונג־פרוי... א באוואָפנ־
טע און א פאַרטראַכטע".

דער מאנומענט האָט געזאָלט פייערלעך אפגעהילט ווערן
דעם נאנטסטן זונטיק. מ'האט געוואַרט אויפן בילדונגס־מיניסטער
און זיך געריכט אויף א נייע פארטיילונג פון ערן־קרייצן און
אקאדעמישע פּאַלמען. די בירגער פלעגן זיך פארזאמלען אויפן
פלאַץ, כדי צו באַטראַכטן די לייוונט, וואָס האט צוגעדעקט די
בראָנזענע פיגור און דעם שטיינערנעם פיעדעסטאַל. אין די
ביידלעך, וואס זענען אויפגעבויט געוואָרן אויפן פלאַץ, האָבן
לימאנאַד און סאדעוואַסער־הענדלער ארויסגעהאָנגען גרויסע פלאַכ־
טעס מיט אויפשריפטן: דאָס אמתע ביר פון זשאַננע
ד'אַרק. — דער קאפע פון דער יונג־פרוי.

זעענדיק דעם דאזיקן ספעקטאקל, האט ה' בערזשערע
באַמערקט אַז מ'דאַרף באמת באוואונדערן דעם אַנטייל פון די
בירגער, וואָס האָבן זיך פארזאַמלט צו באַערן די באַפרייערין
פון אָרלעאַן.

— דער אַרכיוויסט פון דעפּאַרטאַמענט ה' מאַזור, — האָט
ער צוגעגעבן, — האט זיך אויסגעטיילט פון המון. ער האָט
פּאַרפּאַסט אַ מעמאָריאַל, אין וועלכן ער באַווייזט, אַז דאָס
באַרימטע היסטאָרישע בילד, וואס שטעלט פאָר די באַגעגעניש
אין שינאָן. איז נישט געמאַכט געוואָרן אין דייטשלאַנד אין
יאָר 1438, ווי מ'האָט ביז איצט געגלויבט, עס שטאמט גאָר
פון אַ פלאמאנישן אטעליע אין פראנקרייך פון יענער עפּאָכע.
ער האט פאַרגעשטעלט די אויספירן פון זיין מעמאָריאַל דעם
פּרעפעקט וואַרמס־קלאַוועלען, וועלכער האט זיי קוואַליפיצירט
אַלס פּאטריאָטישע, שטארק זיי געלויבט, און צום סוף אויסגע־
דריקט די האפנונג צו זעען דעם מחבר פון דער דאזיקער
אנטדעקונג אַ דעקארירטן מיטן ערן־אָרדן פון דער אַקאַדעמיע

צופוסנג דער סטאטוס פון זשאננע ד׳ארק. מ׳פאַרזיכערט נאָך, אז אין זיין אינאוגוראַציאָנס-רעדע וועט דער פרעפעקט, מיט די אויגן געווענדעט צו די וואָגעזן, זאגן, אז זשאַננע ד׳אַרק איז אַ געבוירענע אין עלזאס-לאָטרינגען.

דער גלח לאנטען, חייניק עמפינדליך אויפן חיק, האט גאָרנישט געענטפערט, און זיין געזיכט האט ווי פריער געהאַט אַן ערנסטן אויסדרוק. אין פרינציפ האָט ער געלויבט די ימים־טובים לכבוד זשאַננע ד׳אַרק. ער אליין האט מיט צוויי יאָר צוריק געהאלטן אין דער קירך פון הייליקן עקזופער אַ פּאַנעגיריק לכבוד דער יונג-פרוי און אָנגעוויזן אויף דער דאָזי־קער העלדין, ווי אויף אַ גוטע פראנצויזין און גוטע קריסטין. ער האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס אַזא פייערלעכקייט וואָס איז געווען אַ גלאָריפיקאַציע פון דעם פאָטערלאַנד און דעם גלויבן, פאָרדינט אָפּגעלאכט צו ווערן. עד האט בלויז באַ־דויערט, אַלס פּאַטריאָט און קריסט, פאַרוואָס דער בישאָף איז קלער פאַרנעמען נישט אין די דאזיקע פייערלעכקייטן דאָס ערשטע אָרט.

— די קאָנטינויטעט פונם פראַנצויזישן פאטערלאנד, — האט ער געזאָגט, — שטיצט זיך נישט, נישט אויף די מלכים, נישט אויף די פּרעזידענטן פון דער רעפּובליק, נישט אויף די גובערנאַטאָרן פון די פּראָווינצן, נישט אַניף די פרעפעקטן און נישט אויף אנדערע פונקציאָנאַרן פון מאָנארכיסטישן אָדער רע־פּובליקאַנישן רעזשים, נאָר אויפן עפּיסקאָפּאַט, וואָס האָט פון די ערשטע אַפּאָסטאָלן פון גאַליע ביז צו דער איצטיקער צייט גע־דויערט אָן הפסקה, אָן שום ענדערונג, אָן פארמינערונג, און ביזן היינטיקן טאָג איז ער דער רוקן-ביין פון דער פראַנצויזי־שער געשיכטע. די מאכט פון די בישאָפן איז אַ גייסטיקע און סטאַבילע. די מאכט פון די מלכים, — אַ לעגיטימע, אָבער אַ פאַרבייגייענדיקע, — איז שוין נאָך ביי איר געבורט. די דוי־ערהאַפטיקייט פון פאָטערלאַנד איז לחלוטין נישט אָפּהענגיג פון איר. דאָס פאָטערלאַנד איז גייסט, און שטיצט זיך אויסשליסלעך אויף מאָראַל און רעליגיע. ווייט קערפּערלעך פונם יום-טוב, וואָס

װערט דאָ צוגעגרייט, װעט דער קלער אָבער זיין אין אים גייסטיק פּארטרעטן. זשאננע ד׳ארק געהער צו אונז, און אומ־זיסט זענען די באַמיונגען פון די אפּיקורסים זי ביי אונז צו־צוגנבענען.

ה׳ בערזשערע. — עס איז אָבער פולשטענדיק נאטירלעך, אַז צו דער דאָזיקער פּשוטער יונג־פרוי, וואָס איז געוואָרן אַ סימבאָל פון פּאטריאָטיזם זאָלן אויך האָבן אַ רעכט אַלע פּאטריאָטן.

ה׳ לאַנטען. — איך שטעל מיר נישט פאָר, — איך זאָג עס בפרוש, — דאָס פּאָטערלאַנד אָן דער רעליגיע. יעדע פליכט שטאמט פון גאָט: די פליכט פון בירגער, ווי פון יעדן אַנדערן. אָן גאָט האָבן אלע אונזערע פליכטן קיין שום ממשות נישט. אויב עס איז אַ געזעץ און אַ פליכט צו פארטיידיקן דאָס פּאָטערלאַנד קעגן שונא, איז עס נישט קיין מצוה. ווייל אזוי הייסט דאָס כלומרשט מענטשלעכע געזעץ, וואָס האָט קיינ־מאָל נישט עקזיסטירט, נאָר דערפאַר, ווייל עס איז איז הסכם מיטן ווילן פון גאָט. דאס דאזיקע ווערט מאניפעסטירט אין די געשיכטעס פון יעל און יהודית. מען זעט עס אויך בחוש, לייענענדיק דעם ספר פון די מכבים. מען קאָן עס אויך גע־פינען אין דער האנדלונג פון דער יונג־פרוי.

ה׳ בערזשערע. — איר גלויבט, אלזאָ, געערטער פּאָטער, אַז זשאננע ד׳אַרק האָט באַקומען איר מיסיע פון גאָט אליין? דער דאָזיקער געדאַנק טרעפט אן געוויסע שוועריקייטן איך וועל אייך דערוייל נאָר איינע פאָרשטעלן, ווייל זי ליגט אויף דער ליגיע פון אייערע גלויבענישן. זי האט א שייכות מיט די שטימען און חלומות, וואס זענען אנטפלעקט געוואָרן דעם דארפס־מיידל פון דאָמרעמי. די, וואָס גלויבן, אז די הייליקע קאטערינע האט זיך באַוויזן אין חלום דער טאָכטער פון זשאקא ד׳ארק אין דער באגלייטונג פון הייליקן מכאל און פון דער הייליקער מארגאַריט, וועלן זיין אין א גרויסער פארלעגנהייט, ווען מ׳וועט זיי באווייזן, אז די דאזיקע הייליקע קאטערינע פון אלעקסאנדריע האט קיינמאל נישט עקזיסטירט

און אז איר געשיכטע איז נישט מער, ווי א שלעכטער גרי־
כישער ראמאַן. דאס דאזיקע איז באוויזן געווארן אין זיבצנטן
יאָרהונדערט, נישט חס-וחלילה דורך די דאמאָלסדיקע אפיקורסים.
נאר דורך א געלערנטן דאקטאר פון דער סאָרבאָנע, זשאַן דע
לאַנוא, וואס איז געווען באקאנט מיט זיין פרומקייט און גוי־
טע מדות. דער קלוגער טילמאַן, וואס איז געווען אַזוי געהארכ־
זאם דער קירך, האט באטראכט די לעבנס-באַשרייבונג פון דער
הייליקער קאַמערינע, ווי א בבא-מעשה. צי ברענגט דאָס נישט
אין א פארלעגנהייט די יעניקע, וואס גלויבן, אז די שטימען
וועלכע זשאננע ד׳אַרק האָט געהערט, זענען געקומען פון
הימל ?

ה׳ לאנטען. — די מארטיראלאגיע, מיין הער, חי־
זי זאל נישט פארדינען רעספעקט, איז אבער נישט קיין פרינ־
ציפ פון גלויבן ; אין מען קאן לויטן ביישפיל פון דאָקטאר דע
לאנוא און טילמאן, צווייפלען אין דער עקזיסטענץ פון דער
הייליקער קאטערינע פון אלעקסאנדריע. וואס שייך מיר, בין
איך נישט קיין אנהענגער פון דער דאזיקער עקסטרעמיטעט, און
כ׳האלט, אז אזא אבסאלוטע פארלייקענונג איז א צו דרייסטער
שריט. איך בין מודה, אז די ביאָגראפיע פון דער דאזיקער
הייליקער, וועלכע איז געקומען צו אונז פון מזרח, אַנטהאלט
אין זיך א סך פאנטאסטישע מעשהלעך. איך גלויב אבער, אז
די דאזיקע באַפוצונגען זענען אויסגעשטיקט געווארן אויף א
סאלידער קאַנווע סיי לאנוא, סיי טילמאַ זענען מענטשן,
וואס האבן געקאנט אַ טעות האבן. עס איז נישט זיכער, אז
די הייליקע קאטערינע האט קיינמאל נישט געלעבט, און ווען
מ׳וואלט דאס דאזיקע אפילו היסטאריש באוויזן וואלט עס
אויך נישט געהאט קיין באדייטונג צוליב דעם וואָס
די וואונדערבארע וויזיעס פון דער דאזיקער הייליקער
זענען באשטעטיקט געוואָרן דורכן אָרדינאַריוס און פייערלעך
אנערקענט געוואָרן דורכן פויבסט. וואָרים סוף-כל-סוף מוזן דאָך
די וויסנשאַפטלעכע אמתן אָפּטרעטן דאָס אָרט פאר די אמתן
פון א העכערער מדרגה. מיר אָבער ווייסן נאך נישט, וואָס פאר

א מיינונג די קירך האָט ארויסגעגעבן וועגן די וויזיעס פון דער יונג פרוי. זשאַננע ד׳ אַרק איז נישט קאַנאָניזירט געוואָרן, און די נסים, וואָס זענען געשעען צוליב איר אָדער דורך איר, קאָנען נאָך דיסקוטירט ווערן: נישט איך לייקן זיי אָפּ, נישט איך באַשטעטיק זיי, און נאָר פון ריין מענטשלעכן שטאַנדפונקט זע איך אין דער געשיכטע פון דער דאָזיקער וואונדערבאַרער יונג-פרוי, גאָטס האַנט, אויסגעשטרעקט צו פראַנקרייך. באמת, דער דאָזיקער ספּעקטאַקל איז א שטאַרקער און דורכדרינגענדיקער.

ה׳ בערזשערע. — אויב איך האָב אייך ריכטיק פאַרשטאַנען, געערטער פאָטער, אַנערקענט איר נישט פאַר אַ באַוויזענעם נס די ביז גאָר אינטערעסאַנטע געשיכטע אין פּיער-בוזש, ווו זשאַננע ד׳ אַרק האָט געזאָלט אָנווייזן אויף אַ באַהאַלטענעם זעבל אין וואַנט. און איר זענט מסתמא אויך נישט זיכער, צי די יונגפרוי, ווי זי האָט אַליין געזאָגט, האָט לעבעדיק געמאַכט אַ קינד אין לאַני. מיין מיינונג איז דאָך אייך באַקאַנט: איך האַלט, אַז דיביידע פאַקטן קאָן מען גאַנץ לייכט דערקלערן. איך נעם אָן, אַז דער זעבל איז איינגעמויערט געווען אין דער וואַנט, ווי אַן „עקסוואָטאָ", און דעריבער האָט מען אים געקאָנט אַנזען. וואָס שייך דעם קינד, וואָס איז אַ דאַנק דער בתולה אויפגעשטאַנען תחית המתים, ווייל מ׳האָט עס געוואָלט אַפּטובלען, און וואָס איז דערנאָך ווידער געשטאָרבן — וועל איך אייך דערמאָנען, אַז נישט ווייט פון דאַמרעמי איז געווען אַ קירך פון דער הייליקער יונגפרוי; איר ספּעציאַליטעט איז באַשטאַנען אינעם לעבעדיק מאַכן אויף עטלעכע שעה טויט געבוירענע קינדער. איך גלויב, אַז די גאַנטקייט פון דער הייליקער יונגפרוי האָט משפּיע געווען די יונגפרוי פון אָרלעאַן, וועלכע האָט געהאַט אַן אילוזיע, אַז זי האָט לעבעדיק געמאַכט דאָס טויטע קינד.

ה׳ לאַנטען. — אין אַזעלכע פּירושים איז פאַראַן אַ שפּאַר ביסל נישט קלאָרקייטן, מיין הער. און דעריבער, אַנשטאָט מסכים צו זיין מיט זיי, וועל איך בעסער מיך אָפּהאַלטן פון אַרויסגעבן אַן אורטייל, וואָס זאָגט זיך אַרויס, איך בין עס

מודה, פאַרן נס, לכל הפחות אין שייכות מיטן זעבל פון דער הייליקער קאַטערינע. וואָרים די טעקסטן זענען גאַנץ געגויע; דער זעבל איז געווען אין דער וואַנט, און מ׳וואָלט באַדאַרפט זי צו צעשטערן, כדי אים צו געפינען. עס איז אויך אוממעגלעך, אַז גאָט זאָל אויף די בקשות פון דער יונג-פרוי, נישט האָבן לעבעדיק געמאכט דאס קינד, וואָס איז געשטאָרבן אָן טבילה.

ה׳ בערזשערע. — איר רעדט, געערטער הער לאַנ־טען, וועגן „די תפילות פון דער יונג-פרוי". צי האַלט איר אין הסכם מיט די גלויבעבנישן פון מיטלאַלטער, אַז די יונג־פרוילעכקעט פון זשאַננע ד׳ארק האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ געוויסער טוגנט, מיט אַ באַזונדערער קראַפט?

ה׳ לאַנטען. — נאַטירלעך. די יונג-פרוילעכקייט געפינט חן אין גאָטס אויגן. און ישו הנוצרי פרייט זיך צו־ליבן טריומף פון זיינע בתולות. אַ יונג מיידל האָט פאַרטריבן אַטיללאַן און די הונען פון דער שטאָט לוטעציאַ *), אַ יונג מיידל האָט באַפרייט אָרלעאַן פונם שונא און געהייסן זאַלבן דעם לעגיטימען קיניג אין ריימס.

מיט די דאָזיקע רייד פון גלח, האָט ה׳ בערזשערע טייל־ווייז מסכים געווען:

— אַזוי איז עס! — האָט ער געזאָגט, — זשאַננע ד׳ארק איז געווען אַ גליקס-קינד.

דער גלח לאַנטען האָט אים שוין נישט געהערט, ער האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט און געזאָגט:

— דער גורל פון פראַנקרייך אינם קריסטנטום איז נאָך נישט קיין געחתמעטער. איך האָב אַ פאָרגעפיל, אַז גאָט וועט נאָך מזכה זיין מיט רומפולע ווערק אונזער אומה, וואָס

---

*) לוטעציאַ — דער נאָמען פון פאַריז אין אַלטערטום. (באַמ. פּ. איבערזעצער).

איז געווען די געטרייעסטע און אומגעטרייעסטע צווישן אלע פעלקער.

— טאקע דערפאר, — האָט ה׳ בערזשערע געענטפערט, — באווייזן זיך איצט נביאהטעס, ווי אין די פארברעכערישע צייטן פון קיניג שארל דעם זיבעטן. און אונזער שטאָט האָט אויך אזא נביאהטע, וועלכע האָט אבער מער גליק, ווי זשאנגע. ווארים, בעת די טאָכטער פון זשאַקאָ ד׳ארק איז אָנגענומען געוואָרן דורך אירע עלטערן פאר א משוגענע, האָט פריילין דעניזאָ געפונען אַ טרייען תלמיד אין איר אייגענעם פאָטער. איך גלויב אָבער נישט, אז איר דערפאלג זאל נאָך לאַנג דויערן, אונזער פרעפעקט וואָרמס-קלאַוועלען פעלט אביסל העפלעכקייט, ער איז אָבער נישט אזא שוטה, ווי באָדריקיר, און אין אונזערע צייטן איז שוין נישט קיין מנהג, אז די מלוכה-שעפן זאָלן זיך צוהערן צו די רייד פון וואָרזאָגערינס. ה׳ פעליקס פאָר וועט זיך נישט האלטן קיין עצה מיט זיין טויף-פאָטער, צי ער זאָל זיך צוהערן צו די רייד פון פריילין דעניזא. דערויף קאנט איר מיר עגטפערן, געערטער ה׳ לאנ-טען, אז די השפעה פון בערנאדעטע פון דער שטאָט לורד אין אונזערע צייטן, איז א סך שטארקער, ווי א מאל דער איינפלוס פון זשאננע ד׳ארק. יענע האט ארויסגעטריבן אייניקע הונדערט אויסגעהונגערטע און דערשראקענע ענגלענדער: בער-נאדעטע האט אויפגערודערט אַ גאנצע ארמעע פון עולה-רגלניקעס און צוגעצויגן מיליאַרדן אויף עפעס א בארג אין די פירענעען. און מיין ערפארכטיקער פריינד, ה׳ פיער לאפיט, פאר-זיכערט מיך נאך, אז מיר זענען אריינגעטרעטן אין דער תקופה פון פאזיטיוויזם!

וואס שייך דער נביאהטע פון לורד, — האט געענטפערט דער גלח לאנטען, — וויל איך מיך נישט צופיל חכמהנען, חי אויך נישט אריינפאלן אין אן עקסטרעמע לייכטגלויביקייט איך האלט מיך דעריבער אין רעזערוו, מחמת דעם, וואס די קירך האט נאך נישט אנגענומען קיין באשלוס וועגן דעם.

אין דעם צופלוס פון פילגערס זע איך אבער פונדעסטוועגן דעם טריומף פון דער רעליגיע, פונקט ווי איך זעט אין אים די מפלה פון דער מאטעריאליסטישער פילא- זאפיע.

XI

דאָס מיניסטעריום איז געפאלן. דעם פרעפעקט וואָרמס־קלאוועלען האט דאס נישט שטארק איבערראשט, ווי אויך נישט פארשאפן קיין איבריק גרויסן צער. אין הארצן האט ער געטראַכט, אז דאס מיניסטעריום איז געווען צופיל אומרויִק און באאומרויִקנדיק, און איז נישט געווען אין איבריק גוטע באציונגען מיט די גוטבאזיצער, גרויס־אינדוסטריעלער און קליינע רענטיערס. צו דער גרעסטער באדויערונג פון פרעפעקט, האט אבער דאס מיניסטעריום נישט ארויסגעברענגט פון גלייכגעוויכט די גליקלעכע גלייכגילטיקייט פון די מאסן, און געהאט א שלעכטע השפעה אויף דער מאסאנעריע, ווו דאס גאנצע פּאָליטישע לעבן פון דעפארטאמענט איז געווען קאָנצענטרירט אין משך פון פופצן יאר. דער פרעפעקט וואָרמס־קלאוועלען האט געוווּסט, ווי צו שאפן פון די מאסאנען־לאזשעס אין זיין דעפארטאמענט אינסטיטוציעס, וואס זייער ציל איז באשטאנען אין באשטימען פון פאראויס קאנדידאטן אויף עפנטלעכע אמטן, אויף דעפוטאטן און אויף צו באקומען רעגירונגס־אָרדערן. כדי אויסצופירן אזעלכע ברייטע און באשטימטע אויפגאַבן, פלעגן די לאזשעס, סיי די אפּאָרטוניסטישע, ווי אויך די ראַדיקאַלע, זיך פארזאמלען, זיך פאראייניקן פאר געמיינזאמע אקציעס און צוזאמען באארבעטן די רעפובליקאנישע ענינים. דער פרעפעקט האט א גליקלעכער געזעען, ווי די אמביציע פון געוויסע לאָזשעס ווערט אָפּגעשוואכט דורך אנדערע, און לויט די קאמבינירטע

אָנווייזונגען פון די לאָזשעס פלעגט ער רעקרוטירן אַ פּערסאָנאַל פון סענאַטאָרן, דעפּוטאַטן, שטאָט-ראַטמענער און אויפזעערס פון עפנטלעכע אַרבעטן, וואָס זענען געווען מיטן גאַנצן האַרצן איבערגעגעבן דעם הערשנדן רעזשים. די דאָזיקע קאָמבינאַציעס פלעגן צופרידנשטעלן אַלע רעפּובליקאַנישע גרופּן, חוץ די סאָציאַליסטן. מיט גרויס מי איז געלונגען דעם פּרעפעקט וואָרמס-קלאַוועלען צונויפצושטעלן אַזאַ גלענצנדן אַנסאַמבל און אָט האָט דאָס ראַדיקאַלע מיניסטעריום אַ תּל געמאַכט פון דער דאָזיקער גליקלעכער האַרמאָניע.

אַן אומגליקלעכער צופאַל האָט געוואָלט, אַז עפּעס אַן אומבאַדייטנדיקער מיטגליד פון קאַבינעט (לאַנדווירטשאַפטס אָדער האַנדלס-מיניסטער) וואָל דורכפאָרן דעפּאַרטאַמענט און זיך אָפּשטעלן אויף אייניקע שעה אין דער הויפּט-שטאָט. עס איז גענוג געווען, ער זאָל אויף איינער פון די זיצונגען פון דער לאָזשע, אַרויסטרעטן מיט אַ פילאָזאָפיש-מאָראַלישער רעדע, און די דאָזיקע רעדע האָט גורם געווען אַן אַלגעמיינע מהומה; זי האָט צעטיילט די לאָזשעס אויף צוויי לאַגערן, זי האָט צעקריגט די ברידער: דעם בירגער מאַנדאַר, אַפּטייקער פון דער קולטור-גאַס, מיטגליד פון דער ראַדיקאַלער לאָזשע „ברית החדשה״ מיטן ה׳ טריקול, אייגנטימער פון ווייןקעלערס אין טורנעל און מיטגליד פון דער אָפּאָרטוניסטישער לאָזשע „הייליקע פריינטשאַפט״.

אין האַרצן האָט דער פּרעפעקט וואָרמס-קלאַוועלען געמאַכט נאָך איין פאָרוואורף דעם דימיסיאָנירטן קאַבינעט: אַלע אַקאַדעמישע פּאַלמען און אָרדערן פון דער „לאַנדווירטשאַפטלעכער פאַרדינסט״ האָט די פריערדיקע רעגירונג פאַרטיילט בלויז צווישן די ראַדיקאַלן-סאָציאַליסטן; דאָס דאָזיקע האָט צוגענומען בײַם פּרעפעקט די מעגלעכקייט צו רעגירן מיט דער הילף פון הבטחות אויף אָרדערן. און זיצנדיק בײַ זיך אין קאַבינעט האָט דער פּרעפעקט שטיל פאַר זיך געשעפּטשעט די ביטערע רייד:

— אויב זיי האָבן געגלויבט, אַז זיי מאַכן פּאָליטיק דערמיט, וואָס זיי ברענגען אַרײַן אַ צערודערונג אין מײַנע לאָזשעס און

פארטייען אַקאַדעמישע פּאַלמען דעם ערשטן בעסטן ראַיצידי
אין דעפּאַרטאַמענט, האָבן זיי געהאַט א גרויסן טעות!

דעריבער טאַקע האָט ער נישט מיט גרויס עגמת נפש
אויפגענומען די ידיעה וועגן פאַלן פון מיניסטעריום.

די דאָזיקע פּאַראויסגעזעענע ענדערונגען האָבן אים
איבעריקנס קיינמאָל נישט געחידושט. זיין אַדמיניסטראַטיווע פּאָ-
ליטיק האָט זיך געשטיצט אויפן פּרינציפּ, אַז די מיניסטאָרן
רעגירן נישט לאַנג. זיין דעוויז איז געווען: נישט ארויסווייזן
קיין איבעריקן פלייס אין זיין דינסט פאַרן אינערן-מיניסטער.
ער האָט זיך קיינמאָל נישט באַמיט גאָר שטאַרק נעפּעלן צו
ווערן זיין שעף, ער פלעגט אויך אויסמיידן יעדע געלעגנהייט
צו זיין גאָר פלייסיק אין דער אַרבעט. די דאָזיקע מעסיקייט,
אין וועלכער ער פּלעגט זיך האַלטן בשעת דער הערשאַפט
פון איין מיניסטעריום, האָט אים פאַרזיכערט די סימפּאַטיע פון
קומענדיקן מיניסטעריום; דאָס דאָזיקע מיניסטעריום, וואָס איז
אין אָנהייב געווען גינציק לגבי אים געשטימט, פלעגט זיך
שפּעטער צופרידנשטעלן מיט אַ מעסיקער פלייסיקייט, וואָס
האָט אים געגעבן די האָפנונג צו געפינען חן אין די אויגן
פון דריטן מיניסטעריום. דער פּרעפעקט וואָרמס-קלאַוועלען פלעגט
ווייניק צייט אָפּגעבן דער אדמיניסטראַטיווער אַרבעט, פירן אַ
גאַנץ קורצע קאָרעספּאָנדענץ מיט דער צענטראַלע, און אויף
אַזאַ אופן איינשפּאָרן איר א סך מי, און דערפאַר טאַקע איז
ער אַזוי רויק געזעסן אויף זיין אַמט.

דער פּרעפעקט איז געזעסן אין זיין קאַבינעט, וווּ דורך
די האַלב אָפענע פענצטער האָט אַריינגעדרונגען דער ריח פון
צעבליטן בעז און דאָס צוויטשערן פון ווראָבלעס; ער איז געווען
אין אַ פרייליכער, הייטערער שטימונג און אין האַרצן געטראַכט,
אַז ביסלעכווייז ווערן שטילער די סקאַנדאַלן, וואָס האָבן שוין
צוויי מאָל באַשעפטיקט די פּאַרטיי-פירער. אין זיין פאַנטאַזיע
האָט ער געזעען דעם טאָג, נאָך אַ גאַנץ ווייטן, ווען מ'וועט
ווידער קענען אָנהויבן מאַכן גוטע געשעפטן. ער האָט געטראַכט,
אַז נישט געקוקט אויף די דערווייליקע שוועריקייטן, אויף דער

שלימזלדיק-צעבלאָזענער מחלוקה אין די מאסאָנישע לאָזשעס און וואל-קאָמיטעטן, וועלן די קומענדיקע וואלן פונדעסטוועגן האבן א גוטן אויסגאנג. ער איז געווען שטארק צופרידן פון די בירגערמייסטערס אין זיין דעפארטאמענט. די שטימונג צווישן דער באפעלקערונג איז געווען א גוטע, אוןביידע דעפוטאטן, וואָס האבן זיך קאָמפּרימיטירט אין א ריי פינאנסיעלע אַפערעס און איצט יורידיש פארפאלגט געווארן, האבן פונדעסטוועגן נישט פארלוירן די פאליטישע השפעה אין זייערע באצירקן. דער פּרעפעקט האָט ווייטער געטראַכט, אַז די חאַלן פון ליסטעס וואָלטן נישט געגעבן קיין גאָר געווונשענע רעזולטאַטן. פון דער טיפעניש פון זיין נשמה זענען ארויסגעשווומען געדאַנקען וועגן דעם, ווי לייכט עס איז צו הערשן איבער מענטשן. פאַר די אויגן איז אים דורכגעגאַנגען אַ פאַרנעפּלטע וויזיע פון דער מענטשלעכער סטאַדע, וואָס לאָזט זיך פירן אַ געדולדיקע און מילדע, אונטער דער אויפזיכט פון אַ הונט.

ה׳ לאַקאַרעל איז אַריין אין קאַבינעט, האַלטנדיק א צייטונג אין האַנט:

— ה׳ פּרעפעקט, די דימיסיע פון די מיניסטאָרן איז אָנגענומען געוואָרן דורך דעם פּרעזידענט פון דער רעפּובליק און איז שוין פארעפנטלעכט אינם אָפיציעלן רעגירונגס-בלאַט.

דער פּרעפעקט וואָרמס-קלאַווען האט זיך ווייטער פאַרטיפט אין זיינע רעיונות, און ה׳ לאַקאַרעל האט געגלעט זיינע לאנגע וואָנסעס און געדרייט מיט זיינע שוואַרצאַפלען פון בלויען פאָרצעליי. דאָס האט געזאלט באַווייזן, אַז ער וויל נאָך עפּעס זאָגן. ער האָט טאַקי באַלד אויסגעדריקט זיין געדאַנק:

— די ירידה פון מיניסטעריום ווערט פאַרשידן אויסגעטייטשט.

— באמת? — האָט געפרעגט דער פּרעפעקט, וועלכער האָט לחלוטין נישט געהערט זיינע רייד.

— אַוודאי! ה׳ פּרעפעקט, מ׳קאן שוין איצט נישט פאַרליי

טענען, אַז פרייליין קלאַודינע דעניזאָ האָט פאַראויסגעזאָגט דאס פאַלן פון מיניסטעריום אין דער נאָנטסטער צייט.

דער פּרעפעקט האָט געהויבן מיט די פּלייצעס. ער האָט געהאַט אויף אַזוי פיל שכל, כדי צו פאַרשטיין, אַז אין דער פאַרווירקלעכונג פון דער דאזיקער נביאות איז נישט פאַראַן קיין שום וואונדערבאַרעס. אָבער לאַקאַרעל, וועלכער איז געווען גוט באַהאַוונט אין די היימישע ענינים, האָט אים באַלד אויפן אָרט פאַרציילט דריי צי פיר מעשהלעך, וואָס זענען פאַרשפּרייט געוואָרן איבער דער שטאָט, און נעמלעך די געשיכטע פון ה׳ דע גראָמאַגאס, צו וועמען די הייליקע ראַדעגאָנדע האָט זיך געווענדעט, טרעפנדיק זיינע באַהאַלטענע געדאַנקען: „זייט רויק, געערטער גראַף, דאָס קינד, וואָס אייער פרוי טראָגט אין איר שויס, איז אייער זון.״ דערנאָך האָט לאַקאַרעל זיך צוריקגעקערט צו דער אַנטדעקונג פון אוצר. מ׳האָט געפונען אויפן זינגצוויזענעם אָרט צוויי רוימישע מטבעות. די זוכענישן זענען אין גאַנג. עס זענען אויך געווען פאַלן פון אויסהיילן קראַנקע, וועגן וועלכע דער פּריוואַט-סעקרעטאַר האָט געבראַכט אומקלאָרע אָבער דערפאַר אַ סך פּרטים.

דער פּרעפעקט וואָרמס-קלאַוועלען האָט געהערט זיינע רייד, אינגאַנצן אַ צעטומלטער. דער בלויזער געדאַנק וועגן דער קליינער דעניזא האָט אים פאַראומערט און צעמיעט. ער האָט בשום אופן נישט געקאָנט באַגרייפן, פון וואַנען עס נעמט זיך דער איינפלוס פון דער וואַרזאַגערין אויפן המון. ער האָט מורא געהאַט, ער זאָל אַמאָל נישט באַגיין אַ פעלער אין דעם דאזיקן ריין-פּסיכישן ענין. די דאזיקע מורא האָט אפגעשוואַכט זיין שכל, וואָס איז דאָך געווען נעגוג שטאַרק אין טאָג-טעגלעכן לעבן. הערנדיק די רייד פון לאַקאַרעלן, האָט ער מורא געהאַט צו גלויבן, און ער האָט אינסטינקטיוו אויסגערופן:

— איך גלויב נישט אין אַזעלכע בבא-מעשיות! איך גלויב נישט!

ספּקות און אומרו האָבן אָבער ווייטער גענאָגט זיין האַרץ. ער האָט מיטאַמאָל געוואָלט וויסן, וואָס טראַכט מען וועגן

דעם גלח'ס גיטרעל, וועלכן ער האָט געהאלטן פאַר אַ קלוגן, אינטעליגענטן מענטש. גראָד איז דעמאָלט געווען די צייט, ווען ער פלעגט זיך טרעפן מיטן גלח אין דער ווינונג פון גאָלדשמיד. ער איז באַלד אָהינגעגאַנגען צו ראָנדאָנאָ דעם יונגערן און אים געטראָפן אין מאַגאַזין, בעת ער האָט צוגעקלאַפּט אַ קאַסטן. דער גלח גיטרעל האָט אין דער זעלבער צייט באַטראַכט אַן עמאַליענע וואַזע, אויף אַ הויכן פוס, מיט אַ קיילעכדיקער דעק.

— אַ שיינער בעכער נישט וואָר, פּאַטערל?

— דאָס איז אַ קירכע-בעכער, הער פּערפעקט, אַ בעכער, פון וועלכן מ'פלעגט טרינקען דעם הייליקן וויין. און באַמת, דער דאָזיקער בעכער אַנטהאַלט אין זיך די הייליקע האָסטיעס, דעם מאַכל פון דער נשמה. פאַרצייטנס פלעגט מען האַלטן דעם בעכער אין אַ זילבערנער טויב, וואָס איז געהאַנגען איבערן טויף-בעקן, איבערן אַלטאַר אָדער איבער די קברים פון די קריסטלעכע מאַרטירערס. דער דאָזיקער בעכער איז אין סטיל פון דרייצנטן יאָרהונדערט. אַ שטרענגער און פראַכטפולער סטיל, מיט אַ סך געשמאַק, הער פּרעפעקט, און פולשטענדיק צוגעפּאַסט צו רעליגיעזע כלים, און באַזונדערס צו געהייליקטע וואַזעס.

ה' וואָרמס-קלאַוועלען האָט גישט געהערט די רייד פון גלח, נאָר באַטראַכט זיין קלוגן און אומרויקן פּראָפיל. „אָט איז דער, — האָט ער געטראַכט, — וואָס וועט מיר קאָנען עפּעס פאַרציילן וועגן דער וואָרזאָגערין און וועגן דער הייליקער ראַדעגאָנדע.“

און דער פּאָרשטייער פון דער רעפּובליק האט שוין געשאַרפט זיין שכל, אָנגעצויגן די סטרונעס פון זיין נשמה, בדי נישט אַרויסצווייזן זיין שוואַכקייט און לייכטגלויביקייט לגבי אַ גלח.

— יאָ, הער פּרעפעקט, — האט ווייטער גערעדט דער גלח גיטרעל, — דער געשעצטער ראָנדאָנאָ דער יונגערער האָט אויפן סמך פון אַלטע דאָקומענטן, אויסגעפּערטיקט דאָס דאָזיקע

שיינע שטיקל אַרבעט. איך בין גרייט צו באַהויפּטן, אַז מ׳וואָלט עס בעסער נישט געמאַכט אפילו אין פּאריז, אויפן פּלאץ פון הייליקן סולפיציוס, וווּ עס וווינען דאָך די בארימטעסטע גאָלדשמידן.

— טייערער הער גיטרעל, ווי איז אייער מיינונג וועגן דער וואָרזאָגערין אין אונזער שטאָט?

— וואָס פאַרא וואָרזאָגערין, ה׳ פּרעפעקט? אפשר מיינט איר גאָר יענץ אוממגליקלעכע מיידל, וואָס באַהויפּטעט, אַז זי פאַרשטענדיקט זיך מיט דער הייליקער ראדעגאָנדע, דער קיניגין פון פראַנקרייך? מיין הער, ס׳איז leider אוממעגלעך, אַז די פרומע פרוי פון קלאָסטער זאָל דיקטירן דעם דאָזיקן אומגליקלעכן קינד אַזעלכע אומזיניקע נאַרישקייטן, וואָס זענען אין אַ סתירה מיטן געזונטן שכל און נאָך מער מיט דער טעאָלאָגיע. שטותערייען, הער פּרעפעקט, גאָלע שטותערייען!

ה׳ וואָרמס-קלאַוועלען, וועלכער האָט שוין געהאַט גרייט איינוקע שאַרפע שטעכווערטלעך אויף דער לייכטגלויביקייט פון די גלחים, האט גארנישט געענטפערט.

— ניין, — האָט גיטרעל ווייטער געריידט מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן. — ס׳איז באמת אוממעגלעך צו גלויבן, אַז די הייליקע ראַדעגאנדע זאל האבן דיקטירט די דאזיקע נאַרישקייטן, שטותערייען, לייכטזיניקע אומזינגע פּלאפּלערייען, וואס זענען טיילמאל סותר די כללים פון גלויבן. די שטיב פון דער הייליקער ראַדעגאנדע וואלט גאנץ אנדערש געקלונגען, דערין דארף מען אפילו נישט זיין מסופק.

דער פּרעפעקט. — זי איז זייער ווייניק באקאנט, די הייליקע ראדעגאנדע.

ה׳ גיטרעל. — איר האט אַ טעות, ה׳ פּרעפעקט, איר האט אַ גרויסען טעות! די הייליקע ראדעגאנדע, וואס ווערט פאַרערט דורך דער גאנצער קאטוילישער וועלט, איז באזונדערס באליבט אין דער דיעצעזיע פון פּואטיע, ווו זי האט אמאל געלעבט און געווירקט.

ד ע ר פ ר ע פ ע ק ט. — אזוי גאר, ה׳ גיטרעל, איר זאגט אלזא, אז...

ה׳ ג י ט ר ע ל — אפילו די אפיקורסים האבן מיט אנטציקונג געקוקט אויף דער דאזיקער הייליקער פרוי. וואס פארא דערהייבענער ספעקטאקל. הער פרעפעקט! בעת איר מאן האט דערמארדעט איר ברודער, איז די לויטערע פרוי פון קלאטער אוועק קיין נוואיאן צום בישאף מעדאר און אים געבעטן, ער זאל זי מקריב זיין צו גאטס דינסט. דער הייליקער מעדאר איז געווארן צעטומלט און נישט געוווסט וואס צו טון. ער האט זיך פארורופן אויף דער דויערהאפטיקייט פון איר זיווג. ראדעגאנדע האט דעמאלט אליין ארויפגעווארפן אויף זיך דאס שווארצע טוך פון א נאנע און געפאלן אויף די קני פארן גייסטלעכן, וועלכער האט נישט געקאנט בייקומען די הייליקע עקשנות פון דער קיניגין, און נישט געקוקט אויף דעם, וואס ער האט זיך אויסגעשטעלט אויפן כעס פון ווילדן מאנארך, האט ער מקריב געווען צו גאט דעם דאזיקן גליקלעכן קרבן.

ד ע ר פ ר ע פ ע ק ט. — אבער, ה׳ גיטרעל, צי אפ־דאבירט איר די האנדלונג פון א בישאף, וועלכער האט זיך געשטעלט אנטקעגן דער ציווילער מאכט און אונטערגעשטיצט דעם בונט פון א פרוי קעגן איר מאן און הערשער? צו אלדי רוחות! אויב איר דאס אויך אזעלכע איבערצייגונגען, וויל איך אייך זיין דאנקבאר, אויב איר וועט עס מיר באלד זאגן.

ה׳ ג י ט ר ע ל. — געערטער ה׳ פרעפעקט, איך בין ליידער נישט קיין הייליקער, ווי דער הייליקער מעדאר, כדי אין אויסערגעוויינלעכע פאלן צו דערקענען גאטס ווילן. היינט צו טאג זענען צום גליק פאראן גענויע באשטימטע כללים, וואס רעגולירן די געמיינזאמע באציונגען צווישן דער ציווילער מאכט אין דער קירך. און זאל דער געערטער הער פרעפעקט געדענקען, בעת ער וועט איבעררעדן מיט זיינע גוטע פריינט פון מיניס־טעריום וועגן מיר אלס קאנדידאט אויף דער בישאף־שטול אין

זורקוען, אז איך אנערקען אלע פארפליכטונגען, וואס זענען א רעזולטאט פון קאָנקאָרדאט. אָבער צו וואס פארבינדן מיין נישטיקע פערזאן מיט די גרויסע געשעענישן פון דער געשיכטע. די הייליקע ראדעגאנדע איז געווארן א נאנע און האט געגרינדעט דעם מאנאסטיר פון הייליקן קרייץ, אין פּואַטיע, ווו זי דאָט געלעבט העכער פופציק יאר אין ארעמקייט און התבודדות. זי פלעגט פאסטן אלע תעניתים און אָפּהאַלטן זיך פון אלע תענוגים פון דער וועלט מיט אזא שטרענגקייט...

דער פּרעפעקט. — געערטער ה׳ גיטרעל, באהאלט אייער געשיכטע פאר אייערע סעמינאריסטן. איר גלויבט נישט, אז די הייליקע ראדעגאנדע זאל זיך קאמוניקירן מיט פריילין דעגיזא. איך ווונש אייך א מזל-טוב. און איך וואלט מיר געווונשן, אז אלע גלחים פון מיין דעפארטאמענט זאלן האבן אזא פארשטאנד, ווי איר. עס איז אבער גענוג, אז די דאזיקע היסטערישע פרוי — און זי איז דאך היסטעריש — זאל אנפאלן אויף דער רעגירונג, און באלד וועלן אלע גלחים קומען צו איר צו לויפן, כדי זיך צוהערן צו אירע רייד מיט אפענע מיילער, און אפלאדירן אלע אירע אומגעלומפערטע זלזולים.

ה׳ גיטרעל. — אָ, ה׳ פרעפעקט, די גלחים באַציען זיך צו איר מיט רעזערוו. די קירך לערנט זיי צו פארהאַלטן זיך מיט דער גרעסטער פאָרזיכטיקייט אין יעטווערן פאַל, וואָס האָט כלומרשטע סמנים פון אַ נס. און איך פאַרזיכער אייך, אַז וואָס שייך מיר, גלויב איך נישט אין אַ סך נסים.

דער פּרעפעקט. — צווישן אונז גערעדט: איר גלויבט באמת נישט אין נסים?

ה׳ גיטרעל. — איך גלויב באמת זייער ווייניק אין נסים, וואס זענען נישט ווי געהעריק באשטעטיקט געוואָרן.

דער פּרעפעקט. — מיר זענען אַליין. זייט מודה, אַז ס׳איז נישט פאראן קיין נסים, אז זיי זענען קיינמאָל נישט פאָרגעקומען און אז זיי וועלן אויך קיינמאָל נישט זיין.

ה׳ גיטרעל. — פארקערט, ה׳ פרעפעקט, א וונדער איז

גאַנץ מעגלעך, עס לאָזט זיך דערקענען, עס איז נוצלעך פאַר דער פּאַרפּעסטיקונג פון גלויבן, און זיין נוצלעכקייט האָט זיך באַזונדערס אַרויסגעוויזן ביים באַקעמפן גאַנצע פעלקער צום קריסטנטום.

ד ע ר פּ ר ע פ ע ק ט. — סוף כל סוף זענט איר דאָך מודה, אַז ס׳איז נאַריש צו גלויבן, די הייליקע לעגענדע, וואָס האָט געלעבט אין מיטלאַלטער...

ה׳ ג י ט ר ע ל. — אין זעקסטן יאָרהונדערט, אין זעקסטן יאָרהונדערט.

ד ע ר פּ ר ע פ ע ק ט. — זאָל זיין אין זעקסטן יאָרהונדערט... קומט צו גיין אין יאָר ...189 צו דער טאָכטער פון אַן אייגנטימער פון אַ פאַרמיטלונגס-ביוראָ, און שמועסט מיט איר וועגן דער פּאָליטיק פון מיניסטעריום און פון פאַרלאַמענט.

ה׳ ג י ט ר ע ל. — די באַציונגען צווישן דער טריומ-פירנדער און קריגערישער קירך זענען גאַנץ מעגלעך; די געשיכטע ברענגט אונז וועגן דעם צאָלרייכע ביישפּילן. איך הזר אָבער איבער נאָכאַמאָל, איך גלויב נישט אַז די יונגע פּערזאָן, וועגן וועלכער עס איז דאָ די רייד, זאָל האָבן וועלכע עס איז באַציונגען מיט דער הייליקער. אירע רייד, איך דערוועג מיך דאָס צו באַהויפּטן, טראָגן נישט אויף זיך דעם חותם פון הימלישער התגלות. אַלץ וואָס זי זאָגט, איז...

ד ע ר פּ ר ע פ ע ק ט. — שטותערייי.

ה׳ ג י ט ר ע ל. — אויב איר ווילט אַזוי... און אפשר איז גאָר אַ דיבוק אריין אינם מיידל.

ד ע ר פּ ר ע פ ע ק ט. — וואָס רעדט איר? איר, אַן אינטעליגענטער גייסטלעכער, דער קינפטיקער בישאָף פון דער רעפּובליק, איר גלייבט אין אַ דיבוק! דאָס פּאַסט פאַרן מיטל-אַלטער. איך האָב וועגן דעם געלייענט אַ בוך פון מישלען.

ה׳ ג י ט ר ע ל. — אָבער ה׳ פּרעפעקט, דער פאַקט פון באַזעסן ווערן דורך אַ דיבוק איז אַנערקענט געוואָרן נישט

פֿאַר דורך טעאָלאָגן, גאָר אויך דורך געלערנטע, וואָס זענען מערסטענטייל אפּיקורסים. און טאַקע דער זעלבער מישלע, וועלכן איר ציטירט, האָט אויך געגלויבט אינגאַנצן אין דיבוק פֿון לודען.

ד ע ר  פּ ר ע פֿ ע ק ט. — וואָס פֿאַר אַ איינפֿאַל! איר זענט אַלע די זעלבע!... און אויב אין קלאָודינע דעניזאָ איז באמת אריין אַ דיבוק, ווי איר זאָגט!

ה׳ ג י ט ר ע ל. — דעמאָלט דאַרף מען אים אַרויסטרייבן.

ד ע ר  פּ ר ע פֿ ע ק ט. — אַרויסטרייבן? צי האַלט איר נישט, געערטער פּאַטער, אַז דאָס וואָלט געווען אַן אומזין?

ה׳ ג י ט ר ע ל. — אויף קיין פֿאַל נישט, מיין הער, בשום אופן נישט.

דער פּ ר ע פֿ ע ק ט, — ווי אַזוי ווערט דאָס אויסגעפֿירט?

ה׳ ג י ט ר ע ל. — ס׳זענען פֿאַראַן כללים, ה׳ פּרעפֿעקט. ריטועלע פֿאָרמולעס פֿאַר דער דאָזיקער אָפּעראַציע, וועלכע איז קיינמאָל נישט אַרויס פֿון געברויך. אויב איך האָב נישט קיין טעות האָט מען געפּרוווט אַרויסטרייבן דעם דיבוק פֿון זשאַננע ד׳אַרק אין דער שטאָט וואָקולער. דער גלח פֿון דער קירך פֿון הייליקן עקזופּער, ה׳ לאַפּרין, וואָלט געווען דער פּאַסנדער מענטש אויף אַרויסצוטרייבן דעם דיבוק פֿון דער יונגער דעניזאָ, וועלכע געהערט צו זיין דיעצעזיע. דאָס איז זייער אַן ערפֿאָרכטיקער גייסטלעכער. ס׳איז אמת, אַז ער געפֿינט זיך לגבי דער פֿאַמיליע דעניזאָ אין אַזאַ לאַגע, וואָס קאָן ווירקן אויף זיין כאַראַקטער, און אין אַ געוויסער מאָס משפּיע זיין דעם דאָזיקן קלוגן און פֿאַרשטענדיקן מענטש, וואָס די יאָרן האָבן אים גישט אָפּגעשוואַכט: יעדנפֿאַלס איז ער נאָך בכוח צו טראָגן אויף זיך די משא פֿון יאָרן און די מאַטערנישן פֿון אַ לאַנגער און שווערער פּריסטערשאַפֿט. איך וויל דערמיט זאָגן, אַז די מעשים, וואָס ווערן דורך געוויסע מענטשן באַטראַכט ווי נסים זענען פֿאָרגעקומען אין דער דיעצעזיע פֿון דאָזיקן ערפֿאַרכטיקן גלח; און די פֿלייסיקייט פֿון גלח לאַפּרין האָט אים

מסתמא געמוזט אַראַפּפירן פון גוטן וועג ביים געדאַנק, אַז גראד די דיעצעזיע פון הייליקן עקוופער איז פריווילעגירט געוואָרן, און אז אין איר און נישט אין אַן אַנדערער דיעצעזיע פון דער שטאט האט זיך געטס קראפט אַנטפּלעקט. אַרומטראגנדיק זיך מיט אַזעלכע האפנונגען, האט ער ווייזט אויס נישט ווילגדיק אנגעשטעקט זיינע גייסטלעכע מיט די דאזיקע אילוזיעס. אויב מ׳זאל נעמען אין באַטראַכט די אומשטענדן, איז דאָ געשעען אַ טעות. ווּעלכן מ׳קאָן אבער מוחל זיין. אַזאַ ווונדער וואלט באמת געווען אַ ברכה פאר דער קירך פון דהייליקן עקוופער! די גלויביקע וואלטן געווארן פרומער, דער צושטראָם פון מתנות וואלט אַריינגעבראַכט אַ סך הכנסות דער פאַראַרעמטער באַזיליקע. און די לייטזעליקייט פון קאַרדינאַל-ערצבישאָף וואלט געווען א טרייסט פאַר די לעצטע שעהן פון ה׳ לאפרין, וואס האט שוין באַלד דערגרייכט די ענדע פון זיין אַפּאָסטאלישן וועג און פון זיינע כוחות.

דער פּרעפעקט. — אויב איך האב אייך גוט פאַרשטאַנען, געערטער פאטער, האט עס נישט קיין אנדערער, ווי דער שלימזלדיקער גלח פון הייליקן עקווּפער, דער ה׳ לאַפרין צוזאמען מיט זיינע וויקאַרן, אויפגערודערט די גאַנצע געשיכטע מיט דער העלזעערין. באמת, אלע גלחים זעגען דורכגעטריבן. מ׳גלויבט נישט אין דעם אין פאריז, ווי אויך נישט אין מיניסטעריום, דאס איז אבער דער ריינער אמת. די גלחים זענען איין דורכגעטריבענע באנדע! עס איז קלאר נישט קיין אנדערער, ווי אייער אלטער לאַפּרין האט עס ארגאניזירט די דאזיקע ספּיריטיסטיש-קלעריקאלע סעאנסן, אין וועלכע עס באטייליקט זיך די שטאט, כדי צו הערן, ווי מ׳מאכט חוזק פון פארלאמענט, פרעזידענט און פון מיר. ווארים איך ווייס גאנץ גוט, אז מען שוינט מיך נישט לגמרי אויף די סעאנסן פון פלאַץ פון הייליקן עקווּפער.

ה׳ גיטרצל. -- א! הער פרעפעקט, איך בין זוייט פונם געדאנק חושד צו זיין דעם געערטן גלח פון הייליקן עקווּפער אין אזעלכע אומלעגאלע אינטריגעס. פארקערט, איך

גלויב פון גאַנצן האַרצן, אַז אויב ער האָט אויף וועלכן עס איז אופן צוגעהאָלפן צו דער אומגליקליכער אַפערע, וועט ער נאָר אײַנגיכן אײַנזעען זײַן פעלער און וועט אָנווענדן אַלע כוחות, כדי זי צו דערדריקן... מ׳וואָלט אָבער געקאָנט, סײַ אין זײַן אינטערעס, סײַ אינעם אינטערעס פון דער דיעצעזיע, מודיע זײַן וועגן דעם אַלעם זײַן עמינענץ, וועלכער ווייס נאָך אפשר גאָרנישט. ווי נאָר ער וועט זיך וועגן דעם דערוויסן, וועט ער בלי ספק מאַכן אַ סוף צו דער גאַנצער אַפערע.

דער פּרעפעקט. — דאָס איז אַ פײַנער אײַנפאַל!... מײַן טײַערער פאָטער, צי וואָלט איר געוואָלט נעמען אויף זיך די דאָזיקע מיסיע? איך אַלס פּרעפעקט, בין אַפילו נישט מחויב צו וויסן וועגן דער עקזיסטענץ פון ערצבישאָף, מיטן אויסנאַם פון די פאַלן, וואָס זענען פאָראויסגעזעען דורכן געזעץ, ווי למשל אין ענינים פון גלאָקן, פּראָצעסיעס. ווען מען פאַרטראַכט זיך, איז עס זייער אַן אומאַנגענעמע לאַגע, וואָרים אויב עס זענען שוין פאַראַן ערצבישאָפן... די פּאָליטיק זענען פאָר אַזעלכע נויטווענדיקייטן. ענטפערט מיר אָפן און אויפריכטיק, צי האָט איר נושא חן געווען ביים ערציבישאָף?

ה׳ גיטרעל. — זײַן עמינענץ פלעגט אָפט באַוויליקן מיך אויסצוהערן. די גוטסקייט פון זײַן עמינענץ האָט נישט קיין שיעור.

דער פּרעפעקט. — זייער גוט! זאָגט זשע אים, אַז ס׳איז נישט דערלאָזבאַר, די דיייליקע ראַדעגאָנדע זאָל האָבן אויפגעשטאַנען תחית המתים, כדי צו פאַרשאַפן זאָרגן די סענאַטאָרן, די דעפּוטאַטן און דעם פּרעפעקט פון דעפּאַרטאַמענט, און אַז עס איז די העכסטע צײַט סײַ אין אינטערעס פון דער קירך, ווי אויך אינעם אינטערעס פון דער רעפּובליק, צו פאַרמאַכן דאָס בויל דעם ווײַדן קלאָטערס פרוי. זאָגט דאָס זײַן עמינענץ.

ה׳ גיטרעל. — נאָר דעם עצם הענין, ה׳ פּרעפעקט; איך וועל אים איבערגעבן נאָר דעם עצם הענין.

דער פּרעפעקט. — טוט ווי איר פאַרשטייט, גע-

ערטער פּאַטער, איבערצייגט אים אָבער, אַז ער איז מחויב צו פאַרחערן זיינע גלחים איבערצוטרעטן די שוועל פון פריילין דעניזאָס וווינונג, אַז ער זאָל עפנטלעך אויסמוסרן דעם גלח לאפּרין. זאָל ער אין דער „רעליגיעזער וואָך" פאַראורטיילן די רייד פון דער דאָזיקער משוגענער. און פריינטלעך אויפפאָדערן די רעדאַקטאָרן פון „ליבעראַל" אָפּצושטעלן די קאַמפּאַניע, וואָס האט דעם צוועק צו רעקלאַמירן נישט געשטויגענע נסים, און אונטערצוגראָבן דעם פּרעסטיזש פון דער קאָנסטיטוציע און פון קאָנקאָרדאַט.

ה׳ גיטרעל. — איך וועל מיך באַמיען, ה׳ פּרעפעקט. נאַטירלעך, איך וועל מיך באַמיען. ווי קום איך אָבער, איך, אַ באַשיידענער פּראָפעסאָר פון עלאָקווענץ. צו זיין עמינענץ, דעם קאַרדינאַל-ערצבישאָף?

דער פּרעפעקט. — ער איז אַן אינטעליגענטער מענטש, אייער ערצבישאָף; ער וועט פאַרשטיין, אַז ס׳ליגט אין זיין אינטערעס... אינם כבוד פון דער הייליקער ראַדעגאָנדע, צו אלדי רוחות!...

ה׳ גיטרעל. — בלי ספק, ה׳ פּרעפעקט, בלי ספק, אָבער זיין עמינענץ, וואָס זאָרגט אַזוי פיל פאַר די גייסטיקע אינטערעסן פון דער דיעצעזיע האלט אפשר, אַז דער אויסערגעוויינלעכער צושטראָם פון פרומע נשמות צום דאָזיקן אָרעמען מיידל, איז אַ סימן, ווי נויטיק ס׳איז אין לעבן דער גלויבן, וואָס לאָזט נישט צו רו די נייע דורות; אפשר האלט ער, אַז דער גלויבן אין המון איז אַ סך שטאַרקער. ווי אַמאָל, אַז ער איז לסוף אַ ביישפּיל, וואָס דאַרף גוט אין אַכט גענומען צו ווערן דורך די מלוכה-מענער. און ס׳איז דעריבער מעגלעך, אַז אויב ער וועט האָבן אַזעלכע געדאַנקען, וועט ער זיך גאַרנישט אַנזאָגן אייַלן צו דערווייטערן דעם דאָזיקן סימן און אונטערצודריקן דעם דאָזיקן באַווייז און ביישפּיל. ס׳קאָן זיין...

דער פּרעפעקט. — ...אַז ער חוזקט אָפּ פון דער וועלט. ער איז פעיק דערויף.

ה׳ גיטרעל. — אָ! ה׳ פּרעפעקט, דער דאָזיקער חשד

איז אינגאנצן נישט קיין באַגרינדעטער! ווי וואָלט אָבער מיין מיסיע פארלייכטערט געוואָרן, ווען איך וואָלט, ווי יענע טייבעלע פון דער תיבה, געקומען מיט אַן איילבירט-בלאַט, ווען איך וואָלט באפולמעכטיקט געווען אַזוי צו זאָגן צו זיין עמינענץ — אָ! גאָר שטילינקערהייט! — אז די פענסיעס פון די זיבן ארעמע גלחים פון דער דיעצעזיע, וואָס זענען אפגעשאפן געווארן דורכן געוועזענעם בילדונגס-מיניסטער, זענען זיי צוריקגעקערט געווארן!

דער פרעפעקט. — בחנם מישט איר זיך נישט, נישט וואר? איך וועל מיך פאַרטראכטן וועגן דעם... איך וועל טעלעגראפירן קיין פאריז, און כ'וועל אייך געבן א תשובה ביי ראנדאנא דעם יונגערן. א גוטע נאכט, הער דיפלאמאט!

אין אכטאג ארום נאך דער דאזיקער פארטרויליכער קאנפערענץ, האט דער גלח גיטרעל בשלמות אויסגעפירט זיין מיסיע. די העלזעדרין פון פלאץ פון הייליקן עקזופער איז פארלאזן געווארן פון אלע: דער ערציבישאף, די גייסטלעכע אין דער „ליבעראל". אלע האבן זיך פון איר אפגעטרייסלט. מ'האט זיך אויפגעהערט מיט איר צו אינטערעסירן, חוץ צוויי מיטגלידער-קאָרעספאנדענטן פון דער אקאדעמיע פון פסיכישע וויסנשאפטן: איינער האט זי געהאלטן פאר אן אביעקט פון טיפע שטודיען, דער צווייטער — פאר א געפערלעכער סימולאנטקע. און דער פרעפעקט ווארנס-קלאוועלען האט זיך געפרייט פון גאנצן הארצן, וואס ער איז פטור געווארן פון דער משוגענער און איז געווען שטארק צופרידן פונם אויסגאנג פון די מוניציפאל-וואלן, וואס האבן נישט ארויסגעבראכט נישט קיין נייע מענטשן און נישט קיין נייע אידעען.

## XII

ה' פּאַיאָ האָט געהאַט זיין בוכהאנדלונג אויפן ראָג פון פלאַץ פון הייליקן עקזופּער און דער טענטעלערי-גאַס. די הייזער, וואָס האָבן ארומגערינגלט דעם פּלאַץ זענען מערסטנטייל געווען אַלטע; די הייזער, וואָס האָבן זיך אָנגעשפּאַרט אין דער קירך זענען געווען באַפּוצט מיט מאָלערייען און שניצערייען. איינינקע האָבן געהאַט אַ שפּיציקן דאך און אַ הילצערנעם פּאַסאַד. אַ באזונדערע איפּמערקזאַמקייט האָט אויף זיך געצויגן אַ הילצערן הויז, נאָך אין אַ גוטן צושטאַנד; דאָס איז געווען אַ פּערל פון דער אַרכיטעקטור, וואָס פלעגט באַוואונדערט ווערן דורך קונסט-מביגים. פון דרויסן איז דאָס הויז אונטערגעשפּאַרט געווען אויף געשניצטע בעלקעס, פון וועלכע טייל האָבן פאַרגעשטעלט מיט זיך מלאכים, וואָס האַלטן פאַנצערס, און אַנדערע — האַלב-קניענדיקע מאַנאַכן. לינקס פון דער טיר, לענגאויס אַ זייל, איז געשטאַנען אַ צעשעדיקטע פיגור פון אַ פרוי, וואָס איר שטעין איז געווען באַפּוצט מיט אַ קרוין פון גרויסע געשניצטע בלומען. אַלטע שטאָט-לייט פלעגן דערציילן, אַז דאָס איז געווען די קיניגין מארגעריט. דאָס הויז איז טאַקע געווען באַקאַנט אונטערן נאָמען פון דער קיניגין מאַרגעריט.

מ'האָט געגלויבט אויפן וואָרט דאָן מאָריסן, דעם מחבר פון דעם „אוצר פון אַלטערטימלעכקייטן,” וואָס איז דערשינען אין דרוק אין יאָר 1703, אַז מארגעריט, די קיניגין פון שאָטלאַנד, האָט אין יאָר 1438 געוווינט איינינקע חדשים אין דאָזיק-

הויז. ה׳ דע טערמאָנדר, דער פּרעזידענט פון דער אַגריקולטור און אַרכעאָלאָגישער געזעלשאַפט, באַווייזט אָבער אין זיינס אַ סאָלידער ארבעט, אַז דאָס דאָזיקע הויז איז גאָר אויפגעבויט געוואָרן אין יאָר 1488 דורכן צאָנגעזעצענעם בירגער, פּיליפּ טריקויאַר. די שטאָטישע אַרכעאָלאָגן, וועלכע פירן די נייגיריקע אויסלענדער פאַרן הויז, ווייזן זיי גערן, אויסנוצנדיק דעם מאָמענט, בעת די דאַמען זענען מיט עפּעס אַנדערש פאַרנומען, דעם פיל זאָגנדיקן הערב פון פּיליפּ טריקויאַר, אויסגעשניצט אויפן שילד, וואָס ווערט געהאַלטן פון צוויי מלאכים. דער דאָזיקער הערב, וועלכער איז לויט דער מיינונג פון ה׳ דע טערמאָנדר ענלעך צום הערב פון דער פאַמיליע קאָלעאָני דע בערגאַם, געפינט זיך אויף אַ באַלקן איבער דער איינגאַנגס-טיר, אונטער דער לינקער פּוטרינע. די איבריקע פיגורן זענען שוין אויסגעריבן און דערקענען זיי קאָנען נאָר די פּערזאָנען, וואָס זענען באַהאַוונט אין זייער אינהאַלט. וואָס שייך דער סטאַטוע פון דער פרוי אין קראַנץ, וואָס געפינט זיך אויף דעם פּערפּענדיקולאַרן באַלקן, האָט ה׳ טערמאָנדר לייכט אויפגעוויזן, אַז מ׳דאַרף זען אין איר די הייליקע מאַרגעריט. און אין דער אמתן, צופוסנס פון דער הייליקער, קאָן מען נאָך אונטערשיידן די פּרעכטלאָזע רעשטלעך פון אַ קערפּער, וואָס איז נישט קיין אַנדערער, ווי דער טייוול; די רעכטע האַנט פון דער פיגור האָט אפנים געמוזט האַלטן דעם טויף-בעקן מיט וועלכן די הייליקע האָט באַשפּריצט דעם שונא פון מענטשלעכן מין. עס איז קלאָר געוואָרן, אַז דאָס איז די הייליקע מאַרגעריט, זינט ה׳ מאַזיר, דער אַרכיוויאַר פון דעפּאַרטאַמענט, האָט אַרויסבאַקומען אויף דער ליכטיקייט אַ דאָקומענט, וועלכער שטעלט פעסט, אַז אין יאָר 1483 האָט ה׳ פּיליפּ טריקויאַר, אין עלטער פון זיבציק יאָר, חתונה געהאַט מיט מאַרגעריט לאַריווע, די טאָכטער פון אַ קיניגלעכן געריכטס-באַאַמטן. צוליב אַ מיספאַרשטענדניש איז די הימלישע פּאַטראָנעסע פון מאַרגעריט לאַריווע אָנגענומען געוואָרן פאַר דער פּרינצעסין פון שאַטלאַגד, וואָס האָט צו יענער צייט געוויילט אין דער

שטאָט * * * אין איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ טיפן איינדרוק. עס איז פאראן זייער ווייניק פרויען וואָס האָבן איבערגעלאָזן נאָך זיך אַזאַ טרויעריקן אנדענק, ווי די דאזיקע פּרינצעסין, וואס איז געשטארבן אין עלטער פון צוואַנציק יאר מיטן אויסרוף: „דאס לעבן איז מיאוס און עקלדיק! —"

די בוכהאַנדלונג פון ה׳ פּיאָ גרענעצט מיטן הויז פון דער קיניגין מאַרגעריט. מיט יאָרן צוריק איז דאס הויז אויך געווען געבויט פון באַלקנס, ווי דאָס שכנותדיקע, און עס איז פון דרויסן אַזוי ווי יענץ געווען באַפּוצט מיט קינסט-לערישע שניצערייען. אָבער אין יאָר 1860 האָט פּאַיאָ דער פאָטער, דער בוכהענדלער פון ערציבישאָף, געהייסן דאָס הויז צעוואָרפן און עס אויפסניי איבערגעבויט אין מאָדערנעם סטיל, באַשיידן, אָן וועלכע עס איז פּרעטענזיעס אויף רייכטום און קונסט, דערפאַר אָבער מיט אַלע געהעריקע באַקוועמלעכ-קייטן פאַרן האַנדל און פאַר דער וווינונג. אַ סקולפּטור אינעם סטיל פון רענעסאַנס, אין דער פאָרם פון אַ בויב, וואָס האָט פאַרנומען די גאַנצע הייך פון הויז, איגם ווינקל צווישן פּלאַץ פון הייליקן עקזופּער און דער טענטעלערי-גאַס, איז איינגע-פאַלן ביים צעשטערן דאָס הויז, זי איז אָבער נישט פאַרניכטעט געוואָרן. ה׳ דע טערמאָנדר האָט די סקולפּטור מיט אַ צייט שפּעטער געפונען ערגעץ אין אַן אַלטוואַרג-געשעפט און זי אָפּ-געקויפט פאַרן שטאָטישן מוזיי. דער דאָזיקער מאנומענט איז געמאַכט אין אַ פיינעם סטיל. די נביאים און אבות, וואס זענען געווען אויסגעשניצט אויף יעדער צווייג, ווי וווּנדערבארע פּירות, און די הייליקע יונגפרוי, וואס האט אַרויסגעשפּראָצט פונעם נביאישן בוים, זענען ליידער שטאַרק צעשעדיקט געווארן דורך די מעראַריסטן אין יאר 1793, און דער בוים האט צום צווייטן מאל זייער שטאַרק געליטן אין יאר 1860, בעת מ׳האט איהם געפונען אינעם אלטוואַרג-מאגאזין. ה׳ קאַטרבארב, דער ארכי-טעקט פון דער דיעצעזיע האט זיך צעשריבן וועגן די דאזיקע שאדנס אין זיין אינטערעסאנטער בראשור וועגן „די מאָדערנע וואַנדאַלן" „מ׳ציטערט אויף ביים בלויזן געדאנק, — האט ער

געשריבן, — אַז די דאָזיקע וואַרטפולע רעליקוויע פון אַ צייט פון גלויבן איז אין אונזערע אויגן כמעט צעהאַקט און פאַרברענט געוואָרן.״

דער דאָזיקער געדאַנק, - אויסגעדריקט דורך אַ מענטש, וואָס זיינע קלעריקאַלע טענדענצן זענע אַלגעמיין באַקאַנט געווען, איז שאַרף קריטיקירט געוואָרן אין דער „לאַמטערן״, אין אַן אַנאָנימער נאָטיץ, אין וועלכער מ׳האָט ריכטיק צי נישט ריכטיק דערקענט די האַנט פון דעפּאַרטאַמענטאַלן אַרכיוואַר, ה׳ מאַזיר. „אין צוואָנציק ווערטער, — לייענען מיר אין דער נאָטיץ, — גיט אונז דער דיעצעזאַלער אַרכיטעקט נישט איין גרונט אויף צו וואונדערן זיך. ערשטנס, ווי קאָן מען ציטערן ביים בלויזן געדאַנק פון פאַרלירן עפּעס אַ שטיק האָלץ, זייער מיטלמעסיק געשניט און אַזוי שטאַרק אָפּגעריבן, אַז ס׳איז שוין שווער אונטערצושיידן די פּרטים פון דער סקולפּטור. צווייטנס, אין די אויגן פון ה׳ קאַרטבארב, וואָס איז בלי ספק אַ מענטש מיט אַ העכערער אינטעליגענץ, איז דאָס דאָזיקע האָלץ מיטאַמאָל געוואָרן אַ הייליקע רעליקוויע, בעת אין דער אמתן שטאַמט עס גאָר פון יאָר 1530, דאָס הייסט אינם זעלבן יאָר ווען עס איז צושטאַנד געקומען דער פּראָטעסטאַנטישער סאָבאָר אין אויגסבורג. דריטנס, פאַרוואָס פאַרגעסט ה׳ קאַטרבאַרב צוצוגעבן, אַז דער דאָזיקער וואַרטפולער באַלקן איז איבערגעשיקט געוואָרן אינם אַלטוואַרג-מאַגאַזין, דורך זיין אייגענעם שווער, ה׳ ניקאָלע, דער אַרכיטעקט פון דער דיעצעזיע, וועלכער האָט אין יאָר 1860 איבערגעבויט דאָס הויז פון ה׳ פּאַיאָ און עס געבראַכט צו זיין היינטיקן מצב, פּערטנס, איז אַ גרויסער חידוש, וואָס ה׳ קאַטרבאַרב מאַכט זיך נישט וויסן, אַז נישט קיין אַנדערער ווי דער אַרכיוואַר מאַזיר האָט עס אַנטדעקט דעם באַלקן אין מאַגאַזין פון ה׳ קלוזאָ, וווּ ער האָט געפוילט אין משך פון גאַנצע צען יאָר אונטער דער נאָז און באָרד פון ה׳ קאַטרבאַרב, און נישט קיין אַנדערער ווי ער האָט וועגן זיעם צוויסן געגעבן דעם ה׳ דע טערמאָנדר, פּרעזעס פון

דער געזעלשאַפט פאַר אַרכעאָלאָגיע און אַגריקולטור, וועלכער האָט אָפּגעקויפט דעם באַלקן פאַרן מוזיי."

אין זיין איצטיקן מצב איז דאָס הויז פון בוכהענדלער פאַיאָ געווען א דריישטאָקעדיקע, ווייסע געביידע. איבערן מאַגאַזין מיט די גרין געמאָלטע הייצערנע פאַרפּוצונגען, איז געהאָנגען אַ שילד מיט גילדענע ווערטער: „פּ אַ י אָ, בּוּ ־ ה ע נ ד ל ע ר." אינם שויפענצטער זענען געווען אויסגעלייגט הימל און ערד־קוילן אין פאַרשידענע גרויסן, מאַטעמאַטישע מכשירים, שול־ביכער און קליינע האַנטביכער פאַר גאַרניזאָן־אָפיצירן, ווי אויך אייניקע ראָמאַנען און די נייעסטע מעמוארן: דאָס אַלץ האָט ביים ה' פאַיאָ געהייסן ליטעראַטור. אַ צווייט שויפענצטער, שמאָלער און נישט אַזוי טיף איז אָרויסגעגאַנגען אויף דער טענטעלערי־גאַס, און ס'איז געווען פאַרנומען מיט אַגריקולטור און יורידישע ביכער, וואָס האָבן צוזאַמען באַפרידיקט דאָס אינטעלעקטועלע לעבן אין דער הויפּטשטאָט פון דעפּאַרטאַמענט. אינעווייניק אין מאַגאַזין, זענען אויף פּאָליצעס געשטאַנען די ווערק פון דער ליטעראַטור, ראָמאַנען, קריטישע ווערק און מעמוארן.

די „קלאַסיקער" האָבן פאַרנומען די שענק, און גאָר טיף אין א ווינקל, ביי דער טיר, וואָס האָט געפירט ארויף צו די שטיגן, איז געווען א באַזונדער אָרט, רעזערווירט פאַר אַלטע ביכער. וואָס ה' פאַיאָ האָט אין זיין בוכהאַנדלונג געזאַמלט מאָדערנע ליטעראַטור, ווי אויך אַלטע ביכער, וואָס זענען שוין לאַנג נישט געווען אין פאַרקויף. דער דאָזיקער טונקעלער ווינקל האָט צוגעצויגן צו זיך די שטאָטישע ביבליאָפילן, וואָס פלעגן דאָ אַמאָל אַנטפּלעקן אמתע אוצרות. מ'האָט פאַרציילט, אַז ה' דע טערמאַנדר, דער פאָטער פון איצטיקן פּרעזעס פון דער געזעלשאַפט פאַר אַגריקולטור און אַרכעאָלאָגיע, האָט אין יאָר 1871 געפונען אין דאָזיקן ווינקל אַן עקזעמפּלאַר פון דריטן „בוך וועגן פּאַנטאַגרועל" אין אַן אָריגינעלער אויסגאַבע און אין א גוטן צושטאַנד. מ'פלעגט זיך איבערגעבן בסוד סודות וועגן אַן עקזעמפּלאַר פון מעלען דע

סען זשעלעס א בוך, וואס האט אויף דער אנדערער זייט פון
שער-ביאט, געהאט די אויטאגראפן פון דער קיניגין מאריא
סטיוארט; דעם דאזיקן עקזעמפלאר האט געזאלט געפינען אין
דער זעלבער צייט און אויפן זעלבן ארט, דער ה׳ דיוטילעל,
א נאָטאַר, וועלכער האט אפגעקויפט דאס בוך פאר גאנצע
דריי פראנק. אבער פון דעמאלט אן האט שוין קיינער מער
נישט דערמאנט וועגן נאך אזעלכע וונדערבארע מציאות.
יענער שטילער אין פינצטערער ווינקל האָט זיך שוין מער
נישט געענדערט. מ׳פלעגט דאָרט שטענדיק זען „די געשיכטע
פון רייזעס״ אין זעקס און פופציק בענדער, און איינצלנע
בענדער פון וואָלטער, אין גרויסן פאָרמאַט. א סך מענטשן
האָבן געצווייפלט בכלל אין דער אנטדעקונג פון ה׳ דיוטילעל,
אַנדערע האָבן אינגאַנצן נישט געגלויבט אין דעם. די דאָזיקע
האָבן זיך געשטיצט דערויף, וואָס דער געוועזענער נאָטאַר איז
געווען פעיק צו זאָגן אַ ליגן צוליב פוסטער גאיוה. נאָכן טויט
פון ה׳ דיוטילעל האָט מען אין זיין ביבליאָטעק נישט געפונען
קיין שום עקזעמפלאַר פון מעלען דע סען-זשעלעס פּאָעזיע.
פונדעסטוועגן פלעגן די שטאָטישע ביבליאָפילן, שטענדיקע
איינגייערס אין פּאַיאָס בוכהאַנדלונג, אָן אויפהער צו
נישטערן אינם ווינקל מיט די אַלטע ביכער, לכל הפחות איינ-
מאָל אין חודש. דערין פלעגט זיך באַזונדערס אויסצייכנען ה׳
דע-טערמאָנדר.

ה׳ דע-טערמאָנדר איז-געווען אַ גרויסער גוטבאַזיצער,
פון גרויסן יחוס און אַ מבין אויף קונסט-ווערק. ער האָט גע-
צייכנט די היסטאָרישע קאָסטיומען פאַר די קאַוואַלקאַדעס און
מאַניפעסטאַציעס, ער האָט אויך פרעזידירט אינם אָרגאַניזיר-
קאָמיטעט צו שטעלן אַ מאָנומענט פאַר זשאַננע ד׳ אַרק. פיר
חדשים אין יאָר פלעגט ער פאַרברענגען אין פאריז, מ׳פלעגט
שמועסן, אַז ער האָט נאָך ליב אַ לעב צו טון אַ גוטן טאָג.
אין עלטער פון פופציק יאָר איז ער נאָך געווען שלאַנק און
עלעגאַנט. מ׳פלעגט אים זייער גערן זען אין דער בע-
סערער געזעלשאַפט, און נישט איינמאָל האָט מען אים שוין

אָנגעבאָטן א דעפּוטאַטן־מאַנדאַט. ער פלעגט זיך אָבער אַלעמאָל אָפּזאָגן, פאַרעגטפּערנדיק זיך, אז זיין געזונט און אומאַפּהענגיקייט איז אים טייערער פאַר אַלץ. מ׳פלעגט בחינם זוכן די סיבה פון זיין אָפּזאָג.

ה׳ דע טערמאַנדר האָט געהאַט בדעה צו קויפן דאָס הויז פון דער הייליקער מאַרגעריט, כדי איינצוואָרדנען אין אים אַן אַרכעאָלאָגישן מוזיי און דערנאָך אים אָוועקצושענקען דער שטאָט. אָבער די אייגנטימערין פון דאָזיקן הויז, די אַלמנה מאַדאַם אוסיע, האָט זיך גאָרניש געמאַכט פון זיינע קויף־פאָרשלאָגן, זי איז געווען אַ פרוי פון אַ יאָר אַכציק; זי האָט געוווינט איינע אַליין אינעם הויז, און איר איינציקע געזעלשאַפט זענען געווען אַ טוץ קעץ. זי האָט געשמט פאַר אַ רייכע און קאַרגע. מ׳האָט געמוזט דערביבער וואַרטן אויף איר טויט. אַלעמאָל, בעת ער פלעגט אַריינקומען אין מאַגאַזין פון ה׳ פּאַיאַ, פלעגט ער פרעגן דעם בוכהענדלער:

— די קיניגין מאַרגעריט לעבט נאָך אַלץ אויף דער וועלט?

און ה׳ פּאַיאַ פלעגט ענטפערן, אז אין אירע יאָרן, ווען מען זי מסחמא אין אַ שיינעם פרימאָרגן געפינען אַ טויטע אין איר וווינונג. ער האָט אָבער מורא געהאַט, אז די אַלטיטשקע זאָל נישט אַמאָל אונטערצינדן איר הויז. דער דאָזיקער געדאַנק האָט אים נישט אויפגעהערט צו מאַטערן. ער פלעגט זיין אין איין מורא, אז זי זאָל נישט אַמאָל אונטערצינדן איר הויז צוזאַמען מיט זיינס.

די אַלמנה אוסיע פלעגט נישט אויפהערן צו אינטערעסירן דעם ה׳ דע טערמאָנדר. אים האָט אינטערעסירט דער מינדעסטער טריט פון דער, וועלכע ער האָט אַ נאָמען געגעבן קיניגין מאַרגעריט. בעת זיין לעצטן באַזוך ביי איר, האָט זי אים געוויזן אַ שלעכטע גראַוויור פון דער רעסטאַוראַציע עפּאָכע וואָס האָט פאָרגעשטעלט די פירשטין ד׳ אַנגולעם, ווי זי פּרעסט צו צום האַרצן אַ מעדאַליאָן מיט די בילדער פון קיניג לואי דעם זעכצנטן און מאַריאַ אַנטואַנעט זיין פרוי. די דאָזיקע

גראַוויור, איינגעפּאַסט אין אַ שוואַרצער ראַם, איז געהאַנגען אין זאַל אויפן פּאַרטער. ווייזנדיק די גראַוויור האָט פּרו־אוסיע געזאָגט:

— דאָס איז דאָס בילד פון דער קיניגין מאַרגעריט, וועלכע האָט מיט יאָרן צוריק געוווינט אין דאָזיקן הויז.

און ה׳ דע טערמאָנדר פלעגט זיך פרעגן, ווי אַזוי האָבן עס אַפילו די גרעסטע עמי־האַרצים געקאָנט אָננעמען דעם פּאָרטרעט פון מאַריע טערעסע שאַרלאָטאַ, דער קיניגין פון פראַנקרייך פאַר דעם פּאָרטרעט פון מאַרגעריט, קיניגין פון שאָטלאַנד? ער האָט געטראַכט וועגן דעם אַ גאַנצן חודש.

יענעם טאָג, אַריינקומענדיק אין דער בוכהאַנדלונג פון פּאַיאָ, האָט ער אויסגערופן:

— כ׳האָב געפונען!

און ער האָט געגעבן צו פאַרשטיין זיין גוטן פריינד דעם בוכהענדלער, די וואַרשיינלעכע סבות פון דער דאָזיקער וואונדערבאַרער מיספאַרשטייעניש.

— נעמט אייך גוט אין אכט, פּאַיאָ! מאַרגעריט פון שאָטלאַנד איז אָנגענומען געוואָרן פאַר מארגעריט לאַריוועָ, די ווידער איז פאַרטוישט געוואָרן מיט דער קיניגין מארגעריט וואַלואַ, מיט דער פרינצעסין ד׳אַנגולעם, און די לעצטע איז ווידער פאַרטוישט געוואָרן מיט דער פרינצעסין ד׳אַנגולעם, דער טאָכטער פון לואי דעם זעכצנטן און פון מאַריע אַנטואַנעט. מאַרגעריט לאַריווע — מארגעריט פון שאָטלאַנד — מארגעריט די פרינצעסין ד׳אַנגולעם — פרינצעסין ד׳אַנגולעם.

איך בין שטאָלץ, וואָס כ׳האָב עס אויסגעפונען, פּאַיאָ, מ׳דאַרף אַלעמאָל זיך אָן עצה האַלטן מיט דער טראַדיציע. ווען מיר וועלן אָבער באַקומען אין האַנט אריין דאָס הויז פון דער קיניגין מארגעריט, וועלן מיר אַביסל אויפפרישן די געדעכעניש פון גוטמוטיקן פיליפּ טריקויאַר.

ביי די רייד איז דער דאָקטאָר פאָרנעראַל אריין אין מאַגאַזין מיט זיין געוויינלעכן אימפּעט, מיט וועלכן ער פלעגט אַלעמאָל באַזוכן זיינע קראַנקע, ברענגענדיק מיט זיך האָפענונג

און דערקוויקונג. גוסטאוו פּאַרנעראַל איז געווען א דיקער מאנספּערשוין מיט גרויסע וואַנסעס. נאָך זיין שווער האָט ער געירשנט א קליינע דאָרפישע נחלה, און צוליב דעם פלעגט ער פאָזירן פאר א גוטבאזיצער און באזוכן זיינע קראנקע אין א ווייכן הוט, אין א יאגד-בלוזע און אין לעדערנע קאמאשן. הגם זיינע פאציענטן זענען מערסטנטייל געווען קליינבירגער און הינטערשטאָטישע דאָרפסלייט, האָט ער פונדעסטוועגן גע־שמט פארן בעסטן רופא אין דער גאנצער געגנט.

נישט געקוקט דערויף, וואָס ער איז געווען פּאיאָס א פריינד, ווי אלע זיינע מיטבירגער, פלעגט ער בחינם נישט קומען צו אים אין מאגאזין אריין און נישט פארלירן קיין צייט אויף פלוידעריי. דאָס מאָל אבער האָט ער זיך ארויפ־געוואָרפן אויף איינער פון די דריי געפלאָכטענע שטולן, וואס זענען געשטאנען אין ווינקל פון מאגאזין.

ער האָט אַ זיפץ געטון געגריסט מיט דער האנט דעם ה׳ פאיא, מיט רעספּעקט זיך פארנייגט פאר ה׳ דע טערמאנדר און געזאגט:

— איך בין אויסגעמאטערט!... נו, פּאיא, ווי איז אייך געפעלן דער נעכטיקער ספּעקטאקל? ווי איז די מיינונג פון מאדאם פּאיא וועגן דער פּיעסע און די אקטיארן?

דער בוכהענדלער האט נישט געענטפערט. ער האט געהאלטן, אז א סוחר טוט קלוג, ווען ער היט זיך אפּ פון ארויסזאגן זיינע מיינונגען ביי זיך אין געשעפט. ער פלעגט גאנץ זעלטן גיין אין טעאטער אריין און דאס אויך נאר מיט דער פאמיליע. פארנעראל אבער, וועלכער איז געווען דער טעאטער-דאקטאר און געהאט א פרייען איינטריט, פלעגט נישט דורכלאזן קיין איין פארשטעלונג.

א דורכפארנדיקע טרופּע האט מיט א טאג פריער געגעבן א פארשטעלונג פון דער „מארשאלין״ מיט פאולינע זשירי אין דער הויפּטראל.

— זי איז אלעמאל אויסגעצייכנט, פאולינע זשירי, — האט געזאגט דער דאקטאר.

— אלע זאגן אזוי, — האט געענטפערט דער בוכ־הענדלער.

— זי הייבט זיך שוין אן צו פלטערן, — האט זיך אנ־געררופען ה׳ דע טערמאנדר, וואס האט געהאלטן אין בלעטערן דעם אכט און דרייסיקסטן באנד פון דער „אלגעמיינער געשיכטע פון די נסיעות“.

— וואס רעדט איר?! — האט פראטעסטירט דער דאָקטאָר. — צי ווייסט איר, אז זי הייסט גאָר נישט זשירי?

— איר ריכטיקער נאמען איז זשירו, — האָט ה׳ דע טערמאָנדר געענטפערט מיט א טאָן פון אַן אויטאָריטעט. — איך האָב געקאָנט איר מוטער, קלעמענטינע זשירו. מיט פופצן יאָר צוריק איז פאַולינע זשירו געווען אַ שיינע ברונעטקע.

און אלע דריי, זיצנדיק אַין ווינקל פון דער בוכהאַנדלונג, האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַשעפטיקן מיט די יאָרן פון דער אקטריסע. מחמת דעם אָבער, וואָס זיי האָבן אָפּערירט מיט נישט פעסטגעשטעלטע אָדער פאַלשע ציפערן, האָבן זיי סוף כל־סוף באַקומען סתירהדיקע, טייַלמאָל, אַבסורדאַלע רעזולטאַטן פון וועלכע זיי זענען געבליבן אומצופרידן.

— איך בין מיד, — האָט געזאָגט דער דאָקטאָר. — איר ביידע זענט באַלד נאָכן טעאַטער געגאַנגען שלאָפן. מיך האָט מען אָבער אַרום האַלבער נאַכט גערופן צו אַן אלטן דאָרפסמאַן אין דיוראָק, וואַס האָט געליטן אויף אַ רופטור. זיין דינער האָט מיר געזאָגט; „ער האָט אויסגעבראָכן אַלץ, וואָס מ׳קאָן אויסברעכן. ער האַלט אין איין שרייען. ער גייט אויס.“ כ׳האָב געהייסן איינשפאַנען די פערד און כ׳פאָר גלייך אַהין קיין דיוראָק, ביים סאַמע סוף פון דער פאָרשטאָט דע טראַמאַי. איך געפין מיין חולה אין בעט, ער קען קוים איינליגן פאַר יסורים. דאס פנים פון א מת, ער ברעכט אויס מיט צואה. זייער גוט! זיין ווייב זאגט צו מיר: „עפעס האט אים אינע־ווייניק אנגעכאַפּט!“

— זי איז אַלט זיבן און פערציק יאר, פאַולינע זשירי— האָט אים ה׳ דע טערמאנדר איבערגעהאַקט די רייד.

— דאס איז גאַנץ מעגלעך, האט געענטפערט פּאַיא.

— מינדעסטנס זיבן אין פופציק יאר, — האט געענט־פערט דער דאקטאר, — די רופּטור איז געווען אַ טאָפּעלע און אַ פאַרגרעסערטע. זייער גוט! איך הייב אים אן צו מאַכן אַ רעדוקציע. הגם מען דריקט לייכט צו מיט דער האַנט, פילט מען אָבער נאָך אַ האַלבער שעה פון אַזאַ אַרבעט, ווי די פלייצעס און הענט זענען אינגאַנצן צעבראָכן. און ערשט נאָך גאַנצע פינף שעה און נאך דעם צענטן מאל איז מיר ערשט געלונגען צו ברענגען די רופּטור אין אָרדנונג.

אין דעם ארט פון דר׳ פארנעראלס דערציילונג, איז דער בוכהענדלער פּאַיא אַוועקגעגאַנגען צו באַדינען אייניקע דאַמען, וואס האבן געפאדערט אינטערעסאַנטע לעקטור כדי מיטצונעמען זיך אין דאָרף אַריין. און דער דאקטאר האט ווענדנדיק זיך צו ה׳ דע טערמאנדר, ווייטער גערעדט:

— כ׳בין געווען אינגאַנצן צעבראכן. כ׳זאג צום פּויער: „איר מוזט ליגן אין בעט, און ווי ווייט מעגלעך אויף די פלייצעס, ביז דער פעלטשער וועט אייך נישט מאַכן אַ באַנ־דאַזש לויט מיינע אנווייזונגען. ליגט אויסנעצויגן, אַז נישט וועט די רופּטור זיך ווידער אַרויסרוקן! איצט ווייסט איר שוין, וואָס פאַראַ טעם עס האט! שוין נישט רעדנדיק וועגן דעם, אַז אַ ליאַדע טאג וועט איר דערפון שטאַרבן. פאַר־שטאַנען?

— יא, מיין הער.

— זייער גוט.

— איך גיי אַראפּ אין הויף, כדי אַרומצווואַשן זיך ביים פּלומפּ. איר פאַרשטייט דאך, אַז נאך אַזאַ מלאכה מוז איך מיר אָביסל אפּרייניקן; איך טו מיך אויס גאקעט ביז צו דער העלפט און אין משך פון אַ פערטל שעה רייב איך מיר איין דעם קערפּער מיט גרינער זייף. דערנאך צי איך ארויף אויף זיך די קליידער. כ׳טרינק אויס א גלאז ווייסן וויין, וואס מ׳האט מיר אראפּגעבראכט אין גערטנדל אריין. כ׳גיב אַ קוק, אין דרויסן גרויט שוין, כ׳הער ווי די לערך זינגט און כ׳קער

מיך אום אין צימער פון קראַנקן. ס'הערשט דארט א פולשטענ־דיקע פינצטערניש. איך רוף אין דער ריכטונג פון בעט: „הע! פארשטאנען? נישט דערוועגן זיך צו רירן פון ארט, ביז מ'וועט אייך מאכן א נייעם באנדאַזש. דער באנדאזש איז גארנישט ווערט. איר הערט?" קיין ענטפער. „איר שלאָפט?" מיטאמאל הער איך הינטער מיינע פלייצעס די שטים פון דער אלטער: „הער דאקטאר, ער איז שוין נישטא אין דער וווינונג. ער האט זיך זייער געאיילט אראפצוגיין אין וויין-גארטן אריין.

— איך דערקאַן מיינע פויערן, — האט געענטפערט ה' דע טערמאַנדרע.

ער האָט זיך פארטראַכט און צוגעגעבן:

— דאָקטאָר, פאָולינע זשירי איז היינט צו טאָג אלט ביין און פערציק יאָר. זי האָט דעביוטירט אין יאר 1876 אין וואדעוויל; זינט דעמאלט איז שוין פאַרביי צוויי און צוואָנציק יאר. איך בין דערין פולשטענדיק זיכער.

— דאס איז אוממעגלעך, — האט געזאגט ה' דע טער־מאנדר, — ווארים זי איז מיט זעקס יאר עלטער פאַר ראָזא מאקס, וועלכע איז זיכער שוין אריבער די פערציקער.

— ראזא מאקס? איך פארלייקן עס נישט, זי איז נאך אבער געווען שיין, — האט געזאגט דער דאקטאר.

ער האט א געגעץ געטון, זיך אויסגעצויגן און געזאגט:

— צוריקקערנדיק זיך פון דיזראק, זעקס אזייגער אין דער פרי, טרעף איך אין מיין וואַרטצימער צוויי בעקער־געזעלן, וועלכע גיבן מיר איבער, אַז זייער באַלעבאָסטע, די בעקערין פון טענטעלערי, גייט צו קינד.

— אָבער, — האָט ה' דע טערמאנדר געפרעגט, — צי זענען אַזש צוויי יונגלעך נויטיק געווען, כדי אייך דאָס איבער־צוגעבן?

— מ'האָט זיי געשיקט איינעם נאָכן אַנדערן, — האָט געענטפערט דער דאָקטאָר. — איך פרעג זיי, צי די כאַראַק־טעריסטישע סמנים האבן זיך שוין באַוויזן. זיי ענטפערן נישט, און דאָ קומט צו פאָרן א דריטער געזעלן אין זיין באַלעבאָס

חעגעלע. איך זעץ מיך איין. מיר פארקערעווען און טראָגן זיך איבער דער טענטעלערי-גאַס.

— כ'האָב מיך דערמאנט ! — האט אויסגערופן ה' דע טער-מאנדר, וועלכער איז אלץ געווען באשעפטיקט מיט זיין גע-דאנק. — אין יאר 69 האט זי דעביוטירט אין וואדעוויל. און אין יאָר 76 האָט זי מיין קוזין באַקענט... און געווען מיט איר אין בענטערע באציונגען.

— איר רעדט וועגן זשאק דע קורטרע, וואָס איז געווען א דראַגאָנען-קאַפּיטאַן ?

— ניין, איך רעד וועגן אַזשענאָרע, וואָס איז געשטאָרבן אין בראַזיליע... זי האָט געהאט אַ זון, וואָס האָט פאַראַיאָרן געענדיקט סען-סיר.

ביי די רייד פון ה' דע טערמאָנדר איז אַריין אין מאַ-גאַזין ה' בערזשערע, דער פּראָפעסאָר פון ליטעראַטור אויפן הומאניסטישן פאקולטעט.

ה' בערזשערע איז געווען איינער פון די דריי קאנדי-דאטן אויף די אַקאַדעמישע שטולן פון דער בוכהאַנדלונג פּאַיאָ און איר שטענדיקער איינגייער. מיט אַ פריינדלעכער האַנט פלעגט ער דאָרט בלעטערן אַלטע און נייע ספרים, און הגם ער פלעגט קיינמאָל נישט קויפן קיין איין בוך, אויס מורא, ער זאל נישט כאַפּן א יאָג פון זיין ווייב און טאָכטער, איז ער פריינדלעך אויפגענומען געוואָרן דורך פּאַיאָן, וועלכער האָט זיך באצויגן צו אים מיט גרויס רעספעקט, ווי צו א רעזערווו-אר פון יענעם ליטערארישן וויסן, פון וועלכן די בוכהענדלער לעבן און ווערן רייך. דער ווינקל אין מאגאזין איז געווען דאָס איינציקע אָרט אין דער שטאָט, ווו ה' בערזשערע פלעגט פארברענגען מיט גרויס פארגניגן די צייט. וואָרים ביי זיך אין דער היים פלעגט אים מאדאם בערזשערע צוליב פארשי-דענע ווירטשאפטלעכע סבות טרייבן פון איין צימער צום אנ-דערן ; אין אוניווערזיטעט, האָט דער דעקאַן, וועלכער האָט אים פיינד געהאט, אים געצוווּנגען צו האלטן זיינע פּאָרטראגן אין א פינצטערן, אומגעזונטן, קעלער וווהין עס פלעגן קומען זייערו

דייער אָפּט סטודענטן, און אין די בעסערע קרייזן פון דער געזעלשאפט האָט מען געקוקט אויף אים קרום, מחמת דעם וואָס ער האָט אָנגערופן זשאַננע ד׳ארק: זעלנערקע, מכשפה.

ה׳ בערזשערע האָט זיך אַריינגעגליטשט אינעם ביכער־ווינקל.

— גוטמאָרגן, מיינע הערן! וואָס הערט זיך עפּעס נייעס?

— די בעקערין פון דער טענטעלערי־גאַס האָט געבוירן אַ קינד, — האָט געענטפערט דער דאָקטאָר, — איך האָב אים געבראַכט אויף דער וועלט מיט אַ צוואַנציק מינוט פריער. כ׳האָב עס גראָד געוואָלט פאַרציילן דעם ה׳ דע טערמאָנדר. און איך מוז צוגעבן, אַז דאָס איז געשען אָן שום מי.

— דאָס דאָזיקע קינד, — האָט געזאָגט דער פּראָפעסאָר,— האָט זיך געוואקלט געבוירן צו ווערן. עס וואָלט קיינמאָל נישט מסכים געווען דערויף, ווען עס וואָלט נאָר געהאַט אַ ביסל אינטעליגענץ און שכל, און געוווּסט וועגן גורל פון מענטש אויף דער וועלט, באַזונדערס אין אונזער שטאָט.

— דאָס איז אַ קליין, שיין מיידעלע, — דאָס געזאָגט דער דאָקטאָר, — אַ קליין שיין מיידעלע מיט אַ מאַלינע אונטער דער לינקער בראָדאַווקע.

דער שמועס האָט זיך ווייטער געצויגן צווישן דעם דאָקטאָר און ה׳ דע טערמאָנדר.

— אַ קליין שיין מיידעלע, מיט אַ מאַלינע אונטער דער לינקער בראָדאָווקע, דאָקטאָר? מ׳וועט זאָגן, אַז דער בעקערין האָט זיך פאַרגלוסט מאַלינעס, בעת זי האָט אַראָפּגענומען דעם קאָרסעט, דער חשד פון דער מוטער איז נישט גענוג, כדי צו שאַפן זיין בילד אויף איר אויסגעטראָגענער פרוכט, מ׳דאַרף נאָך, אַז זי זאָל זיך צורירן צו אַן אָרט אויף איר קערפּער. און ערשט דעמאָלט קומט דער צייכן אַרויס אויפן קינדס קערפּער. אמת, אַז אַזוי גלויבט דאָס פאָלק?

— אַזוי גלויבן אַלע נאַרישע ווייבער, — האָט געענטפערט דער דאָקטאָר פאַרנעראָל. — איך האָב געקענט מענער, און אַפילו

דאָקטוירים, וואָס זענען געווען הייבער אין דער הינזיכט און געווען אזוי לייכטגלויביק, ווי די אַמען. מיין לאַנגיעריקע דערפאַרונג, די קענטניש פון די אָבסערוואַציעס, וואָס זענען צונויפגעזאַמלט געוואָרן דורך די געלערנטע און איבערהויפּט מיין אַלגעמיינע אָנשויונג אויף דער עמבריאָלאָגיע, דערלויבן מיר נישט צו גלויבן אין די דאָזיקע פאָלקס-זאַבאָבאָנעס.

— לויט אייער מיינונג, הער דאָקטאר, זענען דאָס פלעקן, וואס טרעטן ארויס אויף דער הויט אן אַ שום באַקאַנטער סיבה.

— דערלויבט! די דאזיקע „ווונש-פלעקן" האבן אַ ספּעציפישן כאַראַקטער. זיי אַנטהאַלטן נישט קיין בלוט-געפעסן און קענען נישט אָנגעצויגן ווערן, ווי די געשווילעכצער, מיט וועלכע איר פארטוישט זיי וואַרשיינלעך.

— איר קאנסטאטירט פונדעסטוועגן, הער דאקטאר, אז זיי האבן אַ ספּעציפישן כאַראַקטער. צי דרינגט איר דערפון גארנישט ארויס וועגן זייער אפשטאַמונג?

— אַבסאלוט גארנישט.

— אויב די דאזיקע פלעקן זענען ווירקלעך נישט קיין „גלוסטונגען," אויב איר האַלט, אז זיי טרעטן ארויס אָן א פסיכישער סיבה, טא גיט זשע מיר צו פאַרשטיין, פון וואנען בעמט זיך די דאזיקע גלויבעניש אין דער ביבל און פארוואָס איז דער דאזיקער זאבאָבאן נאך ביים היינטיקן טאג אזוי שטארק פארשפרייט צווישן אַ באדייטנדער צאל מענטשן? מיין מומע פאסטרע איז געווען זייער אן אינטעליגענטע פרוי און לגמרי נישט קיין איבערגלויבערישע. זי איז געשטארבן אין עלטער פון זיבן און זיבציק יאר, דעם פאריקן פרילינג; און ביז צום טויט איז זי געווען זיכער, אז די דריי ווייסע ווייני פערלעך, וואָס זענען געווען אנגעצייכנט אויפן ארעם פון איר טאכטער בערטע, זענען פון א ווירדיקער אפשטאמונג, ווארים זיי זענען אנטשטאנען אין פארק נעי, ווו זי איז בעת איר שוואנגערשאפט, אין הארבסט פון 1834, פארגעשטעלט געווארן דער קיניגין מאריא אמעליא און צוזאמען מיט איר שפאציר

איבער א סטעזשקע, וואס פון אירעביידע זייטן זענען געוואקסן ווינפערלעך.

דערויף האט דאקטאר פארנעראל גארנישט געענטפערט. ער האט נישט געהאט קיין איבריק גרויסן חשק אנטקעגנצושטעלן זיך דער מיינונג פון זיין רייכער קליענטעלע. אבער ה׳ בערזשערע, דער פראפעסאר פון ליטעראטור אויפן הומאניסטישן פאקולטעט, האט איבערגעבויגן דעם קאָפּ אויפן לינקן אקסל, א קוק געטון אין דער ווייטן, ווי ער פלעגט עס טון יעדעס מאל, בעת ער האט אנגעהויבן צו רעדן. און ער האט געזאגט:

— מיינע הערן, עס איז א פאקט, אז די דאזיקע סמנים וואס ווערן גערופן „גלוסטונגען" רעדוצירן זיך צו א קלענער צאל מינים וועלכע לאזן זיך קלאסיפיצירן לויט דער קאליר און פארם, אויף: בערעלעך ווינפערלעך, מאלינעס און וויין און קאווע-פלעקן. מ׳וואָלט אפשר באַדאַרפט צוצוגעבן צו די דאָזיקע מינים די געלע, צעגאָסענע פלעקן, אין וועלכע מען ברוווט צו פונאנדערשיידן חלקים פון טאָרטן און קניידלעך. מער וואָלט געגלויבט, אַז די שוואַנגערע פרויען גלוסטן נאָר צו טרינקען וויין אָדער קאַווע מיט מילך, אָדער עסן רויטע פרוכטן, און ווי איינער וויל, קניידלעך? אַזאַ געדאַנק באַלייזיקט די נאַטור-פילאָזאָפיע. די תאווה, וואָס האָט לויט דער מיינונג פון געוויסע פילאָזאָפן באַשאַפן די וועלט, ווירקט ביי שוואַנגערע פרויען, ווי ביי אַלע לעבעדיקע באַשעפענישן, מיט אַ פיל גרעסערער קראַפט און ענערגיע. די תאווה צינדט אָן אין זיי פלאַמענדיקע באַגערן, באַהאַלטענע ליידנשאַפטן און רופט ארויס אַ איבערלישע אומרויקייט. אויב מיר זאָלן אפילו נישט זוכן לגמרי די סיבה, פון וואַנען עס נעמט זיך זייער איבערגעווייניקעכע השפעה אויף די גלוסטונגען, וואָס קומען פאָר ביי אַלע לעבעדיקע באַשעפענישן, אַפילו ביי געוויקסן, קומען מיר צו דער איבערצייגונג, אַז די שוואַנגערשאַפט איז נישט גורם קיין גלייכגילטיקייט, פאַרקערט, זי צערייצט די טיפע אינסטינקטן. אויב דאָס ניי-געבוירענע קינד וואָלט באמת

געזאָגט האָבן אויף זיך די סמנים פון זיין מוטערס תאווה, וואלט מען אפט געקאנט באמערקן אויף זיין קערפער אנדערע צייכנס, איידער די אומשולדיקע בערעלעך און קאווע־פלעקן, וואס דינען ווי א צייט פארטרייב פאר די ווייבער און מא־טראנעס.

— איך פארשטיי אייך, — האט געזאגט ה׳ טערמאנדר — די פרויען, וואס האבן ליב ביזשוטעריע, וואלטן אויף אזא אופן באדארפט צו געבוירן קינדער מיט סאפירן, שמאראגדן רובינען אויף די פינגער, און מיט גארדענע בראנסאלעטן אויף די הענד; טייערע פערל קאליעס און דימענטן וואלטן באַ־דארפט באדעקן זייערע העלזער און ברוסט. אַזעלכע קינדער וואלט מען געקאנט עפנטלעך ווייזן.

— טאקע דאָס האָב איך געמיינט, — האָט געענטפערט ה׳ בערזשערע.

און געמענדיק פון טיש דעם אכט און דרייסיקסטן באנד פון דעער אַלגעמיינער געשיכטע פון די רייזעס, האט דער פראָפעסאָר פון ליטעראטור אַריינגעשטעקט זיין נאָז אינעם בוך, צווישן די זייטן 212 און 213. דאָס דאָ־זיקע זייטל פלעגט זיך אין משך פון זעקס יאָר, אַלעמאָל אומפארמיידלעך באווייזן פאר זיינע אויגן, ווי א ביישפיל פון דער פארבלאָזיקייט, און וועלכער דאָס לעבן פליסט, ווי אַ סימבאָל פון דער איינטאָניקייט פון די אַרבעטן און טעג, פאַר־בראכט אויפן פראָווינציעלן אוניווערזיטעט, טעג וואָס איילן צו דעם טאג פון טויט און די ארבעט פונם קערפער, וואָס פוילט אין קבר. און דאָס מאל, ווי ער פלעגט עס טון אַלעמאָל, האָט ה׳ בערזשערע איבערגעלייענט אינם אכט און דרייסיקסטן באנד פון דער אַלגעמיינער געשיכטע פון די נסיעות, די ערשטע שורות אויפן זייטל 212:

דער איבערגאנג צו צפון. „דעם דאָזיקן אומגליק, האָט ער געזאָגט, האבן מיר צו פארדאַנקען די מעגלעכקייט צו באזוכן אויפסניי די סענדוויטש־

אינזלען אין צו באַרייכערן אונזער נסיעה מיט אן אנדענקונג, וואס קומט מיר פאַר אין אַ סך הינזיכטן צו זיין די וויכטיקסטע, הגם אויך די לעצטע וואס איז געמאכט געווארן דורך די איי־ראפּעער אויפן גאנצן שטח פון פּאציפישן אָקעאַן. די דאזיקע גליקלעכע נבואה, וואס האט געפונען איר אייסדרוק אין די רייד, איז ליידער נישט מקוים געווארן״.

און דאס מאָל, ווי אלע אנדערע מאל, האָט די לעקטור פון די דאזיקע שורות אריינגעבראכט דעם ה׳ בערזשערע אין א מרה שחורה. בערת ער איז אַזוי געווען באַהערשט פון זיין טרויער, האט דער בוכהענדלער פּאיאָ מיט ביטול און גרויסקייט אויפגענומען עפּעס א יונגן זעלנערל, וואס איז געקומען קויפן א בייגעלע שרייבפּאפּיר פאר א סו.

— איך האַלט נישט קיין שרייב־פּאַפּיר. — האָט ה׳ פּאיאָ דערקלערט, אויסדרייענדיק זיך צום זעלנערל מיט די פּלייצעס.

ער האָט זיך אָנגעהויבן צו באַקלאָגן אויף זיין משרת לעאָן, וואָס איז נאָך נישט געהאַט צוריקגעקומען פון גאַס, ווו ער פלעגט באַזאָרגן פאַרשידענע ענינים. אַלע מינוט פאַרדרייט מען אים, פּאַיאָן, מיט עפּעס אַנדערש, דעם קאָפּ. איצט וויל מען ביי אים למשל שרייב־פּאַפּיר!

— איך דערמאָן מיך, — האָט זיך דער דאָקטאָר גע־ווענדט צו אים, — אַנומלט, אין אַ מאַרק־טאָג, איז אַריינגע־קומען צו אייך אַ פּויערטע און געבעטן כעמיש פּאַפּיר. כ׳גע־דענק, אַז איך האָט געקאָקסט פיל מי איינצוהאַלטן די פּרוי, וואָס האָט שיער נישט אויפגעהויבן דאָס קלייד, כדי צו ווייזן אייך דאָס אָרט, ווו מען דאַרף איר צולייגן דאָס פּאַפּיר.

דער בוכהענדלער פּאיאָ האָט אויפן דאָזיקן שפּאס גע־ענטפערט מיט שווייגן, וואָס האָט אויסגעדריקט באַליידיקטע ווירדע.

— ביי גאָט! — האט אויסגערופן ה׳ טערמאנדר, דער ביבליאפיל, — דעם געלערנטן מאַגאזין פון אונזער פּראבען,

פון אונזער על׳זעוויר, פון אונזער דעביור, האט מען אנגענומען פאר די אפטייק פון טאמאַס דיעפואַרי, וואס פארא באַליי-דיקונג!

— די גוטמוטיקע פויערטע, — האט דער דאקטאר געענטפערט, — האט נישט געהאט קיין בייזע געדאנקען, ווייזנ-דיק פאַיאַן איר וונד. מ׳דארף זיך אבער נישט אראפנעמען פון איר א ביישפיל ועגן די פויערטעס. בכלל לאזן זיי זיך גארנישט גערן באטראכטן דורך א דאקטאר. מיינע קאלעגן, וואס פראקטיצירן אויפן דארף פלעגן מיך גאנץ אפט אויפמערקזאם מאכן דערויף. אפילו ווען זיי זענען שווער קראנק, לאזן זיי זיך נישט באטראכטן דורך א דאקטאר, און ווייזן דערביי ארויס א סך עקשנותדיקייט און ענערגיע, וואס מ׳טרעפט אבער נישט פאר קיין פאל ביי שטאטישע פרויען, און הויפט-זעכלעך צווישן פרויען פון דער געזעלשאפט. כ׳האב געזען א פויערטע פון לאסיני, וועלכע איז געשטארבן אויף א קרעבס, און זי האט זיך בשום אופן נישט געלאָזט באטראכטן דורך א דאקטאר.

ה׳ דע טערמאנדר, וואס האָט אלס פרעזעס פון צאל-רייכע לאקאלע וויסנשאפטלעכע אקאדעמיעס, געהאט אין דער פראגע זיינע אקאדעמישע פאראורטיילן, דאט אויסגענוצט דעם דאָקטאָרס אויספירן, כדי אָנצוגרייפן זאָלאַן, וועלכן ער האָט באַשולדיקט אין באַוואַרפן מיט זילזולים די פויערן אין זיין ראָמאַן „ערד״. די דאָזיקע באַשולדיקונג האָט אויפגעוועקט דעם ה׳ בערזשערע פון זיין מרה-שחורה, און ער האָט זיך אַריינ-געמישט אינם געשפּרעך:

— נעמט אין באַטראַכט, אז די פויערן זענען אָפט שכור, בעלי-זנותניקעס און פאַטערמערדער, ווי זאָלאַ האָט זיי גע-שילדערט. זייער עקל לגבי דער מעדיציגישער אָבסערוואַציע איז נאָך נישט קיין באווייז פון צניעות און פון ריינע מדות. דאָס איז נאר אַ באַווייז, ווי שטאַרק די פינצטערע איבערגלויבענישן

זענען נאָך איינגעוואָרצלט ביי באַגרענעצטע מוחות. די איבער־גלויבענישן זענען שטאַרקער, וואָס מער זיי זענען פּשוטער. דער פּאָראורטייל, אַז מ׳טאָר זיך נישט באַווייזן נאַקעט, איז שטאַרק איינגעוואָרצלט אין זיי. ער ווערט אָפּגעשוואַכט ביי מענטשן מיט אַ העכערער אינטעליגענץ, אַדאַנק דעם וואָס זיי זענען מער צוגעוווינט צו באָדן זיך, צו מאַכן זיך איינרייבונ־גען און מאַסאַזשן; אויסער דעם שפּילט ביי די אינטעליגענ־טערע מענטשן אַ גרויסע ראָל דאָס עסטעטישע געפיל און די שטרעבונג נאָך קערפּערלעכע תענוגים, און דער דאָזיקער פּאָר־אורטייל ווערט לייכט אָוועקגערוקט אין אַ זייט אַדאַנק די פּאָדע־רונגען פון דער היגיענע און פונם געזונט. אָט וואָס עס לאָזט זיך אַרויסבאַקומען פון דאָקטאָרס אָבסערוואַציעס.

— כ׳האָב באַמערקט, — האָט זיך אָנגערופן ה׳ דע טערמאָנדר, — אַז שיין געבויטע פרויען....

— אַזעלכע זענען גאָרנישט פאַראַן, — האָט אים דער דאָקטאָר איבערגעשלאָגן די רייד.

— הער דאָקטאָר, איר ברענגט מיר אויפן געדאַנק מיין פּעדיקוריסט, — האָט געענטפערט ה׳ דע טערמאָנדר. — ער האָט מיר אַמאָל געזאָגט: „ווען איר וואָלט געהאַט צו טון מיט פיס, ווי איך, וואָלט איר זיך אַרויסגעשלאָגן פון קאָפּ אַלע פרויען."

דער בוכהענדלער פּאַיאָ, וואָס האָט זינט אַ געוויסער צייט זיך צוגעהערט צום געשפּרעך, האָט זיך אַריינגעמישט:

— איך ווייס נישט, וואָס ס׳קומט פאָר אין הויז פון דער קיניגין מאַרגעריט; צו מיינע אויערן דערגרייכן געשרייען און אַ גערודער פון צעהאַקט מעבל.

ווידער האָט אים באַהערשט זיין אַלטע מורא.

— די דאָזיקע אַלטע מכשפה וועט נאָך אַמאָל אונטער־צינדן איר הויז, און אַ האַלבע שטאָט וועט אַוועק מיטן רויך; דאָס איז דאָך אַלץ פון האָלץ.

קיינער האָט זיך נישט צוגעהערט צו זיינע ווערטער, קיינער האָט נישט גענומען אויף זיך צו באַרויקן די דאָזיקע

קלאָגרייד. דער דאָקטאָר פאָרנעראָל האָט מיט גרויס מי אויס־בעגלייכט זיינע מידע פיס, ער האָט אויסגעצויגן די מוסקולן פון זיינע הענט און איז אַרויס אין גאַס אויף אַ וויזיט צו זיינע קראַנקע.

ה׳ דע טערמאָנדר האט אַרויפגעצויגן די הענטשקעס אויף די הענט און גענומען גיין צו דער טיר. מיטאַמאל האט ער באמערקט אַ הויכע, מאגערע געשטאַלט, וואס האט געשפרייזט איבערן פלאַץ מיט שטייפע, זעלנערישע שריט:

— אט גייט דער גענעראַל קאַרטיע דע שאַלמא, — האט ער געזאגט. — כ׳ווונש דעם פרעפעקט זיך נישט צו באַגעגנען מיט אים.

— פאַרוואָס דען? — האט ה׳ בערזשערע אַ פרעג געטון.

— מחמת דעם, וואס די דאזיקע באַגעגענישן ברענגען נישט קיין גליק דעם הער ווארמס־קלאַוועלען. דעם פאריקן זונטיק, האט דער פרעפעקט, פארנדיק אויף א שפּאַציר אין זיין פיאַטק, באגעגנט אויפן וועג דעם גענעראַל קאַרטיע דע שאַלמא, וואס האט שפּאַצירט צופוס, צוזאַמען מיט זיין פרוי און טעכטער. אַן אויסגעצויגענער אין זיין קאַרעטע, דעם הוט אויפן קאפּ, האט ער איבערגעשיקט דעם בראַוון זקן א באַגריסונג מיט דער האַנט, אויסרופנדיק: „א גוטן מארגן, גענעראַל, א גוטן מארגן.” דער גענעראַל איז רויט געווארן פון כעס. ביי אומדרייסטע מענטשן נעמט דער כעס אָן שרעקלעכע פארמען. דער גענעראַל שאלמא איז אינגאנצן ארויס פון די כלים. ער האט געהאַט אַ שרעקלעך אויסזעען. פאר די אויגן פון דער גאנצער שטאט, האט ער נאכגעמאַכט דעם פאמיליארן זשעסט פון ה׳ ווארמס קלאַוועלען און אויסגערופן מיט א דונערנדיקער שטים: „א גוטן מארגן, פרעפעקט, א גוטן מארגן!”

— מ׳הערט שוין ווידער גארנישט אינם הויז פון דער קיניגין מארגעריט — האט געזאגט ה׳ פאיא.

די מיטאג-זון האט ארויסגעשיקט אירע סובטילע און ווייסע שטראלן. דער הימל — קלאר, אָן איין וואלקנדל, די לופט — אומבאוועגלעך און ריין. אין דער ארומיקער שטיל-קייט, וואס האט זיך העט ווייט צעשפרייט, האט בלויז די ליכטיקייט אַ פלאַמענדיקן טאַנץ געטאנצט. אין דער פוסטער אלעע, איז א שאטן, א שווערער און פארגליווערטער געפאלן צופוסנס פון די ביימער. א באן-וועכטער איז געשלאָפן אין גראבן, וואס גרענעצט מיט די הויכקייטן. די פייגל האבן געשוויגן.

ה' בערזשערע איז געזעסן אויפן באשאטנטן ברעג פון דער באנק, וואס איז אין דריי פערטל פארגאסן געווען פון דער זון-ליכטיקייט; אונטערן שאטן פון די קלאסישע ביימער, אין דער ארומיקער. ליבלעכער איינזאמקייט פלעגט ער פאר-געסן זיין ווייב און זיינע דריי טעכטער. ווי אויך זיין עלנט לעבן אין די ענגע ד' אמות פון זיין קליינער וווינונג; און ווי עזאָפּ, האט ער געשעפּט נחת פון דער פרייהייט פון זיין געדאנק, און מיט זיין קריטישער פאנטאזיע האט ער ארומ-שפאצירט צווישן לעבעדיקע און געשטאָרבענע.

אין דער זעלבער צייט איז דער פאטער לאנטען, דער רעקטאר פון סעמינאר, מיט א תהלימל אין האנט, געגאנגען איבער דער הויפּט-אלעע. ה' בערזשערע האט זיך אויפגעהויבן און פארגעלייגט דעם גלח אן אָרט לעבן זיך אויף דער באַנק,

אין שאָטן. ה׳ לאַנטען האָט פאַרנומען אַן אָרט אָן איידעניס, מיט יענער פריסט־ערלעכער חשיבות, וואָס האָט אים קיינמאָל נישט פאַרלאָזן, און איז ביי אים געווען די פשטות אַליין. ה׳ בערזשערע האָט זיך אוועקגעזעצט לעבן אים אויפן אָרט, ווו די זון־שטראַלן האָבן זיך דורכגעבראָכן אַ וועג דורך די צווייגן און צעשפּרייט אויף זיין שוואַרצן ראָק גאָלדענע קיילעכלעך; ער איז געצוווּנגען געווען כסדר צו בלינצלען מיט די אויגן, וואס זענען פאַרבלענדט געוואָרן פון דער ליכטיקייט.

ער האָט געמאַכט דעם גלח לאַנטען אַ קאָמפּלעמענט:

— גלייבטער פאָטער, מ׳שמועסט אומעטום, אַז איר וועט נתעלה ווערן אויפן בישאָף־טראָן אין טורקוען.

„כ׳נעם אָן די נבואה, אין כ׳דערוועג מיך אַפילו אין איר צו גלויבן״.

דער דאָזיקער אויסוואַל איז באמת אַ צו גוטער, כדי מ׳זאָל נישט צווייפלען אין אים. מ׳האַלט אייך פאַר אַ מאָנאַרכיסט, און דאָס ברענגט אייך שאָדן. צי זענט איר דען נישט קיין רעפּובליקאַנער, ווי דער פויפּסט?

ה׳ לאַנטען. — כ׳בין דער זעלבער רעפּובליקאַנער, וואָס דער פויפּסט. דאָס מיינט, אַז איך בין פאַרן פרידן און נישט פאַרן קריג מיט דער רעפּובליקאַנישער רעגירונג. דער שלום איז אָבער נאָך נישט ליבע. און איך האָב נישט ליב די רעפּובליק.

ה׳ בערזשערע. — כ׳שטויס מיך אָן די סיבה פון אייער שנאה. איר וואַרפט פאָר דער רעפּובליק, אַז זי איז פריידענקעריש און פיינדלעך געשטימט לגבי די גלחים.

ה׳ לאַנטען. — ריכטיק, איך וואַרף איר פאָר אפיקורסות און שנאה צו די גלחים. אָבער די אפיקורסות און אומגינציקייט לגבי די גלחים זענען נישט איר פּרינציפּיעלע אייגנשאַפט. אין דעם זענען שולדיק די רעפּובליקאַנער, און נישט די רעפּובליק. די חטאים פון דער היינטיקער געזעלשאַפט פאַר־קלענערן זיך אָדער ווערן גרעסער אָפּהענגיק פון דער פאַר־זאַמלען־ענדערונג. היינט צו טאָג זענען זיי פאַראַן אין אַ קלענע־רער צאָל, ווי געכטן. מאָרגן וועלן זיי אפשר זיך פאַרגרעסערן

אין דער צאָל. ס'קאָן זיין, אַז ס'וועט נאָך אַמאָל קומען אַ צייט, ווען זיי וועלן אינגאַנצן פאַרשווינדן, ווי זיי האָבן נישט עק-זיסטירט אונטער דער פּרעזידענטשאַפט פון מאַרשאַל מאַק-מאַהאָן, אָדער מינדעסטנס אינם אילוזאָריש אָנהויב פון זיין הערשאַפט און בעת דער הערשאַפט פון דער רעגירונג, וואָס איז געקומען צו דער מאַכט דעם 16-טן מאַי. זיי זענען אַ פּועל-יוצא פון די מענטשלעכע באַציִונגען און נישט פון עצם ענין. און ווען די רעפּובליק וואָלט אַפילו רעספּעקטירט די רעליגיע און אירע דינער, וואָלט איך זי אויך פיינד געהאַט.

ה׳ ב ע ר ז ש ע ר ע. — פאַרוואָס?

ה׳ ל אַ נ ט ע ן. — ווייל זי איז די פאַרשידנאַרטיקייט, און דאָ שטעקט דער תוך פון איר שלעכטסקייט.

ה׳ ב ע ר ז ש ע ר ע. — איך פאַרשטיי אייך נישט אינ-גאַנצן גוט, געערטער פאָטער.

ה׳ ל אַ נ ט ע ן. — דאָס נעמט זיך דערפון, וואָס איר האָט נישט קיין טעאָלאָגישן שכל. אַמאָל, מיט יאָרן צוריק האָבן אפילו די לאַיקער געקאָנט פילאָזאָפירן. זייערע שול-העפטן פלעגן כולל זיין אין זיך די יסודות פון דער פילאָזאָ-פיע. דאָס איז הויפטזעכלעך ריכטיק בנוגע די מענטשן אין זיבצנטן יאָרהונדערט. דעמאָלט האָבן אַלע ליטעראַריש געבילדעטע מענטשן, נישט אויסשליסנדיק די דיכטער, געהאַט אַ טעאָלאָגישן פאַרשטאַנד. די דאָקטרין פון פאָרט-רויאַל *) איז דער יסוד פון ראַסינס „פעדראַ״ **). היינט אבער ווען די טעאָלאָגיע פאַר-שליסט זיך אין די חדרי חדרים פון סעמינאַרן, איז קיינער

---

*) פאָרט-רויאַל — די יאַנסעניסטישע קירך אין פראַנ-קרייך, צו וועלכער צוס האָבן געהערט פאַסקאַל, ראַסין א. א. אַנגעזעענע [illegible] אין פראַנקרייך (באַמ. פון איבערזעצער).

**) ראַסין — פראַנצויזישער דראַמאַטירג, געלעבט אין זיבצנטן יאָרהונדערט, געשריבן אַ ריי קלאַסישע טראַגעדיעס און אַנדערע באַהאַנדלונג: „אַנדראָמאַקע״ „פעדרא״ א. א. (באַמ. פ. איבערזעצער).

שוין מער נישט אימשטאנד צו פילאָזאָפירן, און די מענטשן פון דער העכערער געזעלשאפט זענען אזעלכע טפשים, ווי די דיכטער און געלערנטע. אָט האָט ה׳ דע טערמאָנדר באגעגנט מיך נעכטן אויפן פלאַץ און זיך געוועגדעט צו מיר, זיכער, אז ער דריקט זיך ריכטיק אויס; „די קירך און די מלוכה דארפן גיין אויף קעגנזייטיקע קאָמפּראָמיסן". מ׳ווייסט פון גאָרנישט, מען טראכט פון גאָרנישט. פוסטע פראזן און לאָזונגען טראָגן זיך ארום אין דער לופטן. מיר זענען אין א בבל-טורעם. איר, הער בערזשערע, איר האָט זיך פארטיפט א סך מער אין וואל-טערן, ווי אין היילקן טאמאס.

ה׳ בערזשערע. — דאס איז אמת. צי האט איר זיך אָבער נישט געהאַט אויסגעדריקט, געערטער פאָטער, אַז די רעפובליק איז פּאַרשידנאַרטיקייט און אַז אין דעם שטעקט דער תוך פון איר שלעכטסקייט? כ׳בעט אייך, גיט עס מיר בעסער צו פאַרשטיין. אפשר וועל איך זיין ביכולת אייך צו באַגרייפן. כ׳האָב אַ סך מער ידיעות אין טעאָלאָגיע, ווי איר שטעלט אייך פאָר. כ׳האָב געלייענט באַראָניוסן מיט דער פעדער אין האַנט.

ה׳ לאַנטען. — באַראָניוס איז נישט מער ווי אַ כראָניק-שרייבער, אָבער דער גרעסטער פון אלע; כ׳בין זיכער, אז איר האָט זיך פון אים פאַרצייכנט בלויז קליינע, נישט וויכטיקע היסטאָרישע פרטים. ווען איר וואָלט אין דער אמתן געווען כאָטש אַ שטיקל טעאָלאָג, וואָלט איר אייך לחלוטין נישט געחידושט איבער דעם, וואָס איך האָב איצט געזאָגט.

„די פאַרשידנאַרטיקייט איז פיינדלעך. די פאַרשידנאַרטי-קייט — דאָס איז דער עצם פון שלעכטס. דאָס דאָזיקע מאַני-פעסטירט זיך אינם רעפובליקאַנישן רעזשים, וועלכער דערוויי-טערט זיך, ווי יעדער אַנדערער, פון דער געטלעכער אייניקייט. עס פעלט אים אויך די אומאָפּהענגיקייט, די פערמאַנענץ און די קראַפט. עס פעלט אים דער באַוווסטזיין, און מ׳קאָן זאָגן וועגן אים, אַז ער ווייס נישט, וואָס ער טוט. הגם ער דויערט אינז אויף צו להכעיס, פעלט אים אָבער די אידעע פון דויער-

האַפּטיקייט. וואָרים די אידעע פון דויערהאַפּטיקייט פּאָדערט אידענטישקייט, און די רעפּובליק איז היינט קיינמאָל נישט דאָס, וואָס זי איז געווען נעכטן. אַפילו איר העסלעכקייט און אירע חטאים געהערן אויך נישט צו איר. איר זעט דאָך אַליין, אַז קיין שום זאַך אין דער וועלט נעמט נישט צו ביי איר דעם כבוד. די חרפות, סקאַנדאַלן, וועלכע וואָלטן עלול געווען חרוב צו מאַכן די מעכטיקסטע אימפּעריע, וואָלטן איר נישט אָנגע-מאכט דעם מינדעסטן שאָדן. מען קאָן זי נישט פארניכטן, זי איז אָבער די פארניכטונג אליין. זי איז דאָס פונאנדערפאלן זיך, די אומקאָנטינויטעט, די פארשידנארטיקייט, זי איז דאָס שלעכטס אליין.

ה׳ בערזשערע. — צי רעדט איר וועגן דער רעפּו-בליק בכלל, צי נאָר וועגן אונזערער?

ה׳ לאנטען. — מיינע רייד האָבן נאטירלעך גישט קיין שייכות נישט מיט דער רוימישער, נישט מיט דער באַ-מאווישער, נישט מיט דער העלוועטישער, נאָר אויסשליסלעך מיט דער פראנצויזישער רעפּובליק. וואָרים די אלע רעגירונגען האָבן נאר א געמיינזאמען נאָמען, און איר גלויבט נישט מן הסתם, אז איך גיב ארויס וועגן זיי אן אורטייל אויפן סמך פון זייער נעמען, און אויך נישט דערפאר, וואָס זיי זענען דער היפוך פון דער מאָנארכיע; די דאָזיקע אָפּאָזיציע קעגן דער מאָנארכיע פארדינט נאָך אין דער אמתן נישט פאראורטיילט צו ווערן. די רעפּובליק אין פראנקרייך איז פאקטיש נישט מער, ווי א רעזשים, ווו עס פעלט נאָר א מאָנארך און אן אויטאָריטעט. און דאָס פראנצויזישע פאָלק איז בעת דער אמפּוטאציע געווען צו אלט, כדי מ׳זאָל נישט מורא האָבן, ס׳זאָל דערפון נישט שטארבן.

ה׳ בערזשערע. — פונדעסטוועגן האָט פראנקרייך מיט גאנצע זיבן און צוואנציק יאָר איבערגעלעבט די צווייטע אימפּעריע, מיט אכט און פערציק יאָר — די בורזשואזע מאָ-נארכיע, און מיט זעקס און זעכציק יאָרן — די לעגיטימע מאנארכיע.

ה׳ ל א נ ט ע ן. — זאָגט בעסער, אז זינט הונדערט יאָר, באהערשט פון א שרעקלעכן כעס אָדער פון א שוי דערלעכן יאוש ברענגט אויס די פראַנצויזישע אומה די רעשטלעך פון איר עלנט לעבן. און איר זאָלט חס וחלילה נישט מיינען, אַז איך לויב די פארגאַנגענע צייט, אָדער אַז איך בענק נאָך די אילוזאָרישע בילדער פון אַ גאָלדענער עפּאָכע, וואס האָט קיינמאָל נישט עקזיסטירט.

דער גורל פון די פעלקער איז מיר באקאַנט. זייערע שעהן זענען אנגעצייכנט דורך געפאַרן, זייערע טעג דורך פורעניותן. און אַזוי איז ריכטיק, און אזוי דארף צוזיין. זייער לעבן ווי דאס לעבן פון מענטשן, וואלט נעוועזן אינגאַנצן אומפארשטענדלעך, ווען עס וואלט פריי געוועזן פון א נסיון. די געשיכטע פון אמאָליקן פראנקרייך איז פול מיט פארברעכנס און חרטות. גאט האָט אומאויפהערלעך געשטראפט דאָס דאָזיקע פאָלק מיט אומדערשעפּלעכער ליבע. און זיין גוטסקייט האט בעת דער הערשאפט פון די מלכים, נישט געקארגט דער פראַנצויזישער אומה קיין יסורים. אָבער פראנקרייך איז דעמאלט געוועזן א קריסטלעך לאַנד, און די אלע צרות און פורעניות זענען איר געווען צום גוטן. די פראַנצויזישע אומה האט פון זיי דערקענט דעם דערהויבענעם כאראקטער פון דער שטראָף. די שטראף איז געווען פאר איר אַ לערע, איר אויסלייזונג, איר קראפט, איר רום. ביים היינטיקן טאג האבן די אלע יסורים פארלוירן זייער זין; פראנקרייך פארשטייט זיי נישט און איז נישט מסכים אויף זיי. זי ליידט צרות, זי נעמט זיי אבער נישט אָן פאַר ליב. און זי, וואָס איז אראפּ פון זינען, וויל זיין גליקלעך! ווארים אז מען פארלירט דעם גלויבן אין גאט, פארגירט מען צוזאמען מיט דער אידעע פון אַבסאלוט, אויך די פארשטענדניש פאר רעלאטיווע זאַכן און אפילו די פארשטענדניש פאר געשיכטע. גאָט אליין פורעמט דעם לאגישן המשך פון די מענטשלעכע געשעענישן, וועלכע פארלירן אָן זיין מיטהילף זייער ארדנונגסמעסיקייט. און אין משך פון די לעצטע הונדערט יאר איז די געשיכטע פון פראנקרייך א רעטעניש

אפילו פאר די פראנצויזן אליין. פונדעסטוועגן זעגען אין אונ־זערע צייטן אויך אמאל געווען מאמענטן פון דערוואַרטונג און האָפנונג.

„דער ריטער, וועלכער בעווייזט זיך אין דער דורך גאנץ באשטימטער שעה, וואס זיין נאמען איז אמאל נבוכדנאצר, אמאל כורש, קאמביזעס, מעמיוס, טיטוס, אלאריק, אטילא, מאהאָמעט דער צווייטער, אָדער ווילהעלם, איז ווי א פייער דורכגעריטן איבער פראנקרייך. אַ הכנעהדיקע, א פאר־בלוטיקטע און א צעטרעטענע, האט די פראנצויזישע אומה אויפ־געהויבן אירע אויגן צום הימל. הלוואי זאל איר דער דאָזיקער מאמענט פארערכנט ווערן צום גוטן. א סברה, אז זי האָט אָנ־געהויבן צו פארשטיין, צו באגרייפן און אָפּצושאצן דעם ווערט און נוצן פון אירע געוואַלטיקע יסורים, וואס זענען איר אראָפּ־געשיקט געווארן דורך דער השגחה העליונה. זי האט ארויסגע־געבן יושרדיקע מענטשן, קריסטן, כדי צו שאפן פון זיי די סו־ווערענע. פארזאמלונג. מ׳האט געזען, ווי די דאָזיקע פאַרזאַמ־לונג האט באנייט דעם פייערלעכן מנהג און געווידמעט פראנק־רייך צום יעזוס־הארץ. ווי אמאל אין די צייטן פון לואי דעם הייליקן, אזוי האט מען אויך איצט געזען באזיליקן, וואס זענען אויפגעבויט געווארן אויף די שפיצן־בערג אקעגנאיבער זינדיקע שטעט, מ׳האט געזען די בעסטע בירגער, וואס האבן צוגעגרייט די רעסטאַווראַציע פון דער מאָנאַרכיע.

ה׳ בערזשערע שטילערהייט — 1) די פארזאמלונג אין באָרדאָ, 2) די קירך פון הייליקן הארץ אין מאנמארטר און די קירך דע פורוויער אין ליאָן, 3) די קאמיסיע פון ביין און די מיסיע פון ה׳ שענעלאן.

ה׳ לאנטען. — וואָס זאָגט איר?

ה׳ בערזשערע. — גארנישט. איך מאך פאר מיר באמערקונגען צום „טראקטאט וועגן דער אוניווערסאלער גע־שיכטע.”

ה׳ לאנטען. — מאכט נישט חוזק און פארלייקנט

גישט. מ׳העדט שוין אויף די וועגן, ווי ס׳קלאַפּן מיט די פּאָד־קאָווע׳ס די ווייסע פערד, וואס טראָגן אויף זיך דעם קיניג פון פראַנקרייך. אַנרי גאַטס שליח, האָט זיך צוריקגעקערט, כדי צוריקצושטעלן דעם אויטאָריטעט פון דער מאַכט, פון וואַנען עס קומען אַרויס בצרע סאָציאַלע כּוחות: דער באַפעל און די גע־האָרכזאַמקייט. ער האָט זיך צוריקגעקערט כדי צו רעסטאַווירן די מענטשלעכע אָרדנונג גלייכצייטיק מיט דער געטלעכער אָרד־נונג, די פּאָליטישע חכמה מיטן רעליגיעזן גייסט, די היעראַר־כיע, דאָס געזעץ, די אמתע פרייהייט, די איינקייט. דאָס פאָלק האָט זיך צוריקגעקערט צו דער טראַדיציע און געפונען דעם ריכטיקן זין פון זיין שליחות, דעם סוד פון זיין קראַפט אין דעם צייכן פון זיין נצחון... גאט האָט אָבער דאָס נישט געוואָלט. די דאָזיקע גרויסע פּלענער זענען צעשטערט געוואָרן דורך אונ־זער שונא, וועלכער האָט נאָך אַלץ נישט געקענט איינשטיקן זיין שנאה און איז באַקעמפט געוואָרן דורך אַ באַדייטנדע צאָל פראַנ־צויזן. די גרענעץ פון פּאָטערלאַנד איז פאַרשלאָסן געוואָרן פאַר אנרין, גאָטס שליח, און דאָס פאָלק איז איינגעזונקען אין דער רעפּובליק, דאָס הייסט, עס האָט אָפּגעוואָרפן פון זיך די ירושה, אפּגעזאגט זיך פון זיינע רעכט און פליכטן, כדי צו רעגירן לויט זיין אייגענעם ווילן און לעבן, ווי אים גלוסט זיך, אין יענער פרייהייט, וואס איז נישט נושא חן אין גאטס אויגן און מאַכט אַ תל פון זיין ערדיש בילד, וואס דריקט זיך אויס אין ארדנונג און אין געזעץ. זינט דעמאלט האט דאס שלעכטס אנגעהויבן צו הערשן און ארויסגעבן זיינע געזעצן. די קירך איז אויסגעשטעלט געווארן אויף אומאויפהערלעכע אומאַנגענעמ־לעכקייטן און ס׳זענען איר איבערגעלאזן געווארן צוויי אויס־וועגן: אדער אַן אוממעגלעכע אַבדיקאַציע, אָדער א פארברעכע־רישע מרידה.

ה׳ בערזשערע. — צו די אומאַנגענעמלעכקייטן פאַר־רעכנט איר מסתמא דאָס אַרויסטרייבן די קאָנגרעגאַציעס?

ה׳ לאַנטעז. — נאַטירלעך, אז דאס ארויסטרייבן די

קאָנגרעגאַציעס *) איז געזען א בייזוויליקער געדאנק און א פועל יוצא פון אפיקורסישער אויסרעכענונג. עס איז אויך זיכער, אז די אַרויסגעטריבענע גלחים האָבן נישט פארדינט אויף אזא באהאנדלונג. טוענדיק זיי שלעכטס, האט מען געוואלט א רעה טון דער קירך. דער קלאפ האט אבער נישט דערגרייכט זיין ציל און האט נאך מער פארפעסטיקט די קירך, וועלכע מ׳האט געוואלט חרוב מאכן, און פארשטארקט דעם אויטאריטעט פון די קירכלעכע דיעצעזיעס, וואס האט זיך פון זיי געהאט אפגעקערט. אונזערע פיינד האבן נישט געקענט די קירך: זייער דעמאלסטיקער ראש האט א סך מער געשטרעבט צופרידנצושטעלן זייערע באַגערן ווי אונז צו פאַרניכטן, און ער האָט אונז דעריבער דערקלערט אַ כלומרשטע, סימולירטע מלחמה. וואָרים איך גלויב נישט, אַז דאָס אַרויסטרייבן די נישט אויטאָריזירטע קאָנגרעגאַציעס, זאָל האָבן געהאַט אַ ווירקזאַמע פעולה. בלי ספק גיב איך אָפּ דעם געהעריקן כבוד די קרבנות פון דער דאָזיקער אומגעשיקטער רדיפה, איך האַלט אָבער, אַז די וועלטלעכע גייסטלעכקייט וועט זיך אָן די קאָנגרעגאַציעס אויך אַן עצה געבן.

צום אומגליק האָט אָבער די רעפּובליק געמאַכט דער קירך אַ סך מיפערע און פאַרבאָרגענערע וווּנדן. איר קענט דאָך צו גוט די ענינים פון שול־ווען, געערטער הער בערזשערע, אַז איר זאָלט נישט זען די דאָזיקע ווונדן; די אייטערדיקסטע ווונד איז אָבער דאָס, וואָס מ׳האָט אַרויפגעפירט אויפן בישאָף־

*) אין יאָר 1909 האָט די דעמאָלסטיקע פראַנצויזישע רעגירונג אָפּגעשאַפן דעם קאָנקאָרדאַט מיט דער רוימישער קירך, וואָס האָט פאַרפליכטעט פון נאַפּאָלעאָנס צייטן אָן. די קירך איז אָפּגעטיילט געוואָרן פון דער מלוכה, און דאָס קירכלעכע אייגנטום איז קאָנפיסקירט געוואָרן לטובת דער מלוכה. דאָס אַרויסטרייבן די קאָנגרעגאַציעס איז געווען דער ערשטער עטאַפּ אויפן וועג פון אפטיילן די קירך פון דער מלוכה אין פראַנקרייך. (באַמ. פון איבערזעצער).

פֿראַן גלחים אָן חיין און אָן כאַראַקטער... דערמיט האָב איך שוין גענוג געזאָגט. דער קריסט טרייסט זיך לכל־הפּחות און חייסט, אַז די קירך וועט נישט גיין פֿאַרלוירן. מיט וואָס זאָל זיך אָבער טרייסטן דער פּאַטריאָט? צי זעט ער דען נישט, ווי אַלע אבֿרים פֿון דער מלוכה זענען דורך און גאַנגרענירט און צעפֿוילט. וואָס פֿאַרא געוואַלדיקער פּראָגרעס אינעם צעפֿאַלונגס־פּראָצעס אין משך פֿון די לעצטע צוואַנציק יאָר!

דער ראש פֿון דער מלוכה, וואָס זיין איינציקע טוגנט איז אנמאכט, וועלכער טראָגט די שולד פֿאַרן פֿאַרברעכן, בעת ס׳איז נאָר פֿאַראַן דער מינדעסטער חשד, אַז ער ווירקט, אָדער לכל הפּחות אַז ער טראַכט וועגן דעם; מיניסטאָרן, וועלכע מוזן זיך אונטערוואַרפֿן אַן אומבאַהאָלפֿענעם פּאַרלאַמענט, אַן אינסטיטוציע, וואָס מען קאָן לייכט אויסערקויפֿן; די מיטגלידער פֿון פּאַרלאַמענט, וואָס זענען מיט יעדן טאָג נאַרישער און טעמפּער, ווערן אויסגעקליבן און באַשטימט דורך די אַפּיקורסישע מאַסאָנען־לאָזשעס. און די דאָזיקע פּאַרלאַמענטס־מיטגלידער דאַרפֿן עס ברענגען דאָס שלעכטס אויף דער וועלט, הגם זיי זענען דערצו אינגאַנצן נישט פֿעיק און ברענגען נאָך מער שאָדן מיט זייער אומגעלומפּערטער פּאַסיוויטעט.

פֿון טאָג צו טאָג צעוואַקסט זיך אַ ביוראָקראַטיזם, אַ רייזיקער, אַ גיריקער און אַ שאָדן־ברענגענדיקער, וואָס מיט זיין הילף האָט עס די רעפּובליק ברעה זיך אנהענגער צו פֿאַרשאַפֿן, און אין דער אמתן דערציט זי זיי פֿאַר איר אייגענער רעה; באַאַמטע, וואָס ווערן רעקרוטירט אָן שום כּלל און פּרינציפּ. וואָס די רעגירונג חנפֿט זיי מחמת העפֿלעכקייט; אַן אַרמעע, וואָס איז אָן אויפֿהער, צוזאַמען מיטן גאַנצן פֿאָלק, דורכגעדרונגען פֿון דעם טרויעריקן גייסט פֿון אומאָפּהענגיקייט און גלייכקייט, און לאָזט אַרויס איבערן גאַנצן לאַנד אַ ריזיקע מחנה מענטשן, וואָס זענען אין די קאַזאַרמעס פֿאַרדאָרבן געוואָרן, זענען נישט פֿעיק צו קיין שום מלאָכה און פֿילן אַן עקל צו יעטוועדער אַרבעט.

אַ לערערשאַפֿט, וואָס איר מיסיע איז צו פּרעדיקן אַטעיזם און אוממאָראַליטעט; אַ דיפּלאָמאַטיע, וועלכע האָט נישט קיין

צייט און קיין אויטאריטעט און לאזט איבער די זארג וועגן אונזער אויסערלעכער פאליטיק און דאס שליסן אונזערע אפּ־מאכן פאר קרעמערס, מאַגאזין־פארקויפערינס און זשורנאליסטן; לסוף די געזעצגעבערישע און אויספיר־מאַכט, דאס גערילכטס־וועזן, די מיליטערישע און ציווילע מאכט, זענען אלע צוזאמען פארבונדן און צונויפגעמישט. און זענען סותר איינס דאס אנדערע.

א רעגירונג, וואס פארדינט, מ'זאל פון איר חיזוק מאַכן, וועלכע האט אבער אין איר דעסטרוקטיווער הילפלאזיקייט גע־געבן דער געזעלשאפט די צוויי מעכטיקסטע מארד־אינסטרומענטן, וועלכע זענען ווען עס איז פאבריצירט געווארן דורך די אפיקורסים: דער גט און דער מאלטוזיאניזם. און אלע צרות, וועלכע איך האב דא בקיצור אויסגערעכנט קומען ארויס פון דער רעפּובליק און זענען א נאטירלעכער פועל־יוצא פון רעפּו־בליקאנישן רעזשים.

די רעפּובליק איז אין תוך גענומען שלעכט. זי איז שלעכט, ווייל זי שטרעבט צו פרייהייט, און דאָס דאזיקע איז געווען קעגן דעם ווילן פון גאט, דעם האר פון דער וועלט, וועלכער האט איבערגעטראגן א טייל פון זיין מאכט אויף די גלחים און מלכים; זי איז שלעכט, ווייל זי שטרעבט צו גלייכ־קייט, וואס איז קעגן דעם ווילן פון גאט, וועלכער האט באשטימט אוהיעראַרכיע אין הימל און אויף דר'ערד.

זי איז שלעכט, ווייל זי האט איינגעשטעלט די טאָלע־ראַנץ, וואָס איז קעגן ווילן פון גאָט, וואָרים דאָס שלעכטס טאָר נישט ווערן טאָלערירט; זי איז שלעכט, וואָריב זי הערט זיך צו צו דער שטים פון פאָלק, פונקט ווי א המון עמי־הארצים וואָלט געקאָנט האָבן די בכורה לגבי דער קליינער צאָל אויסדערוויילטע, וואָס טוען גאָטס רצון; וואָרים דער דאָ־זיקער רצון באַציט זיך אויף דער רעגירונג און אויף אַלע פרטים פון דער אַדמיניסטראַציע, ווי דער גרונט־יסוד, וואָס איינע קאָנסעקווענצן הערן קיינמאָל נישט אויף.

די איז ענדלעך אויך שלעכט דער־אַר, ווייל זי דעקלאַ־

זײַנע איר רעליגיעזע גלײַכגילטיקײט, דאָס הײסט איר אפּיקורסות. אירע זלזולים, פון װעלכע אַפילו דער קלענסטער פּאַרדינט טױטשטראָף; זי איז שלעכט, װאָ־ים זי איז אַן אָנהענגערין פון דער פּאַרשידנאַרטיקײט, װאָס איז דאָס גרעסטע שלעכטס אויף דער װעלט און דער טױט אַלײן.

ה׳ בערזשערע. — צי האָט איר, געערטער פּאָטער, נישט געזאָגט מיט אַ רגע פריער, אַז איר זענט דער זעלבער רעפּובליקאַנער, װאָס דער פּויפּסט, און אַז איר זענט אַנטשלאָסן צו לעבן בשלום מיט דער רעפּובליק?

ה׳ לאַנטען. — אמת, איך װעל לעבן מיט איר בשלום און זײַן איר געהאָרכזאַם און אונטערטעניק. װאָרים אויב איך װאָלט ארויסגעטרעטן קעגן איר, װאָלט איך געהאנדלט אין הסכם מיט אירע פּרינציפּן און קעגן מיר. אויב איך װאָלט איר ארויסגעװיזן אַ װידערשטאַנד, װאָלט איך ענלעך געװאָרן צו איר און פאַרלוירן די ענלעכקײט מיט זיך אלײן.

„מ׳טאָר נישט זײַן שלעכט לגבי שלעכטע. זי, די רעגירונג איז די הערשערין. צי זי רעגירט שלעכט, צי זי רעגירט אינגאנצן נישט, איז דאָס איר חטא. זאָל די זינד פאַלן אויף איר קאָפּ! מײַן חוב איז צו זײַן געהאָרכזאַם. איך װעל אים אויספירן. איך װעל מיך אונטערװאַרפן איר װילן. אַלס גלח, אָדער אויב אַזעלכער װעט זײַן גאָטס רצון, אַלס בישאָף, װעל איך קײנמאָל נישט אָפּזאָגן דער רעפּובליק, דאָס װאָס איר קומט. אין מײַן זכרון לעבט נאָך די געשיכטע פון הײליקן אויגוסטין, װעלכער איז געשטאָרבן אַלס בישאָף און רוימישער בירגער אין דער שטאָט היפּאָנאַ, בעת זי איז באַלעגערט געװאָרן דורך די װאַנדאַלן.

און איך, אומבאַדײַטנדער מיטגליד פון דער באַרימטער גאַליִשער קירך, װעל אַראָפּנעמען אַ בײַשפּיל פון גרעסטן קירכע־פּאָטער און כ׳װעל מתפּלל זײַן צו גאָט, ער זאָל פאַרטרײַבן די װאַנדאַלן, און כ׳װעל שטאַרבן אין פראַנקרײַך, װי עס פּאַסט פאַר אַ גלח אין אַ פראַנצױזישן בירגער.״

די בײמער האָבן אָנגעהױבן צו װאַרפן זײַערע שאָטנס

צו מזרח צו. אַ פּריש ווינטל האָט געבראַכט אַ בשורה פון ער־בעץ אַ ווייטן שטורעם און אַ טרייסל געטון מיט די גלעטער. אַ מוראַשקע איז זיך פאַמעלעך געקראָכן איבערן אַרבל פון ה׳ בערזשערעס ראָק, און ה׳ בערזשערע האָט מיט אַ פריינדלעכן טאָן געענטפערט דעם ה׳ לאַנטען:

— געערטער פאָטער, מיט דער הילף פון אייער וווּנדער־באַרער עלאָקווענץ האָט איר נאָר וואָס אָנגעצייכנט די גרונט־ל ניען פון דעמאָקראַטישן רעזשים. דער דאָזיקער רעזשים איז מער ווייניק אַזאַ, ווי איר שטעלט אים פאָר. ער איז מיר אָבער ליבער ווי אַנדערע.

ס׳הערשט אין דאָזיקן רעזשים אַן אַנאַרכיע, וואָס שוואַכט אָפּ די מלוכה, דערפאַר אָבער איז זי אַ גליק פאַר די בירגער, זי גיט זיי די מעגלעכקייט לייכטער צו לעבן און לאָזט זיי איבער אַ געוויסע פרייהייט, וואָס ווערט צום אומגליק צעשטערט דורך דער יאָקאָלער טיראַניע. בלי ספק הערשט אינם רעפּו־בליקאַנישן רעזשים אַ פיל גרעסערע קאָרופּציע, ווי אין דער מאָנאַרכיע. דאָס נעמט זיך דערפון, וואָס ביי דער מאַכט גע־פינען זיך אַ סך און פאַרשידנאַרטיקע מענטשן. אָבער די דאָ־זיקע קאָרופּציע וואָלט זיך ווייניקער אָנגעזעען, ווען דער סוד וואָלט בעסער פאַרבאָרגן געוואָרן. דאָס נישט האַלטן קיין סודות און דער מאַנגל אין קאָנטינויטעט זענען פאַר דער דעמאָקראַ־טישער רעפּובליק אַ מניעה אויף טריט און שריט. מחמת דעם אָבער, וואָס די גרויסע אונטערנעמונגען פון די מאָנאַרכיעס האבן אין גרעסטן טייל פאַלן רויגירט זייערע פעלקער, נעם איך מיך גאָרנישט אַזוי שטאַרק איבער דערמיט, וואָס אונזער רעגירונג איז נישט פעיק צו גרויסע אונטערנעמונגען.

דאָס, וואָס פאַרשאַפט מיר יאָ אַן אמתע פרייד, איז די אויפריכטיקע שטרעבונג פון אונזער רעפּובליק נישט צו דערלאָזן צו קיין מלחמה אין אייראָפּע. זי איז גערן אַ מיליטאַריסטישע, אָבער נישט קיין קריגערישע. באַטראַכטנדיק די שאַנסן פון אַ קריג, האָבן די אַנדערע רעגירונגען נאָר מורא פאַר אַ מפּלה, אונזער רעגירונג האָט אין דער זעלבער מאָס, — און דאָס

אין נאַטירלעך, — מורא סיי פאַר אַ נצחון, סיי פאַר אַ מפּלה. די דאָזיקע אויסלייזנדיקע מורא איז פאַר אונז די בעסטע פאַר־זיכערונג פון שלום, וועלכער איז אונזער העכסט גליק.

דער ערגסטער חסרון פון איצטיקן רעזשים איז, וואָס ער קאָסט טייער. ער שפּילט זיך נישט אין רעפּרעזענטאַציע־ענינים, ער יאָגט זיך נישט נאָך גלאַנץ. ער גיט נישט אויס נישט אויף פרויען, נישט אויף פערד. אָבער נישט געקוקט אויף זיין כלומרשטער באַשיידנקייט און אָפּגעלאָזענער אויסערלעכקייט, איז ער אָבער זייער פאַרשווענדעריש. ער האָט אַ סך אָרעמע קרובים, גוטע פריינד, וועמען מ׳דאַרף העלפן. ער איז פאַר־שווענדעריש.

דאָס ערגסטע איז, וואָס ער לעבט פון די הכנסות פון פאַרגרעסערטן לאַנד, וואָס ווערט אַלץ שוואַכער און האָט נישט מער קיין אויסזיכטן אויף רייך צו ווערן. און דער איצטיקער רעזשים בויטיקט זיך גאָר שטאַרק אין געלט. ער קוקט זיך אַרום און זעט, אַז ער איז אין פאַרלעגנהייט. און זיין פאַר־לעגנהייט איז פיל גרעסער, ווי ס׳קומט אים פאַר. זי וועט נאָך גרעסער ווערן. דאָס שלעכטס איז נישט ניי. צוליב דעם איז געגאַנגען צו גרונט דער אַלטער רעזשים. געערטער פאָטער, איך וועל אייך אַנטפּלעקן אַ וויכטיקן אמת:

כל־זמן די מלוכה וועט זיך צופרידנשטעלן מיט די הכנסות, וועלכע עס טראָגן איר אַריין די אָרעמלייט, כל זמן זי האָט גענוג די שטייערן, וועלכע עס פאַרזיכערן איר מיט אַ מעכאַנישער רעגלמעסיקייט די, וואָס לעבן פון פיזישער אַרבעט, אַזוי לאַנג איז די מלוכה גליקלעך, רויק און רעספּעק־טירט. די עקאָנאָמיסטן און פינאַנסיסטן אַנערקענען איינשטימיק איר אָרנטלעכקייט.

זאָל נאָר אָבער די דאָזיקע אומגליקלעכע מלוכה, צוגע־דריקט דורך דער נויט, פּרוּוון פאָדערן געלט ביי די וואָס פאַרמאָגן עס, און אַרויפלייגן כאָטש די מינדעסטע קאָנטרי־בוציע אויף די רייכע, וועט מען איר באַלד געבן צו פאַרשטיין, אַז זי באַגייט אַ שרעקלעכן אַטענטאַט, פאַרגוואַלטיקט אַלע גע־

זעצן, רעספּעקטירט נישט די הייליקייטן, רויִנירט דעם האנדל און אינדוסטריע, און מאַכט אומגליקלעך די קבצנים, אָנרירנדיק די קעשענעס פון די רייכע. מען באַהאַלט נישט פאַר אַזאַ מלוכה, אַז זי מאַכט פון זיך אַליין חוזק.

די גוטע בירגער הייבן אָן צו קוקן אויף איר מיט אויפריכטיקן ביטול. דער חורבן דערנענטערט זיך דערווייל מיט לאַנגזאַמע און זיכערע טריט. די מלוכה נעמט זיך צו דער רעגטע. זי איז פאַרלוירן.

אונזערע מיניסטאָרן מאַכן חוזק פון אונז, בשעת זיי רעדן וועגן אַ קלעריקאַלער אָדער סאָציאַליסטישער געפאַר. ס'איז נאָר פאַראַן איין איינציקע סכנה, דאָס איז די פינאַנסיעלע געפאַר. די רעפּובליק הייבט זי אָן צו באַמערקן. איך האָב אויף איר רחמנות, איך וועל זי באַדויערן.

בעת דער אימפּעריע בין איך דערצויגן געוואָרן אין אַ קולט פאַר דער רעפּובליק. „זי איז די גערעכטיקייט אַליין" — פלעגט צו מיר זאָגן מיין פאָטער, אַ פּראָפעסאָר פון רעטאָריק אינם ליצעאום פון סען-אָמער. ער האָט זי נישט געקענט. זי איז נישט די גערעכטיקייט. זי איז דערפאַר די פאַרלייכטערונג פון לעבן.

געערטער הער לאַנטען, אויב אייער נשמה וואָלט געווען חייניקער דערהויבן, נישט אַזוי ערנסט און מער צוגענגלעך פאַרפריילעכע געדאַנקען, וואָלט איך מיך פאַרטרויט פאַר אייך, אַז די איצטיקע רעפּובליק, די רעפּובליק פון יאָר 1896 געפעלט מיר זייער שטאַרק און רירט מיך פשוט מיט איר באַשיידנקייט. זי וויל נישט, מ'זאָל זי באַוואונדערן. זי פאָדערט פאַר זיך נאָר אָביסעלע רעספּעקט.

זי איז צופרידן, אַז זי לעבט. דאָס איז איר איינציקער באַגער, א פולשטענדיק באַרעכטיקטער. אַפילו די עלנטסטע באַשעפענישן ווילן אויך לעבן. ווי יענער האַלצהעקער פון דעם מעשהלע, ווי יענער אַפּטייקער פון מאַנטואַ, וועלכער האָט איבערראַשט דעם מטורפן ראָמעאָ, אַזוי האָט זי אויך מורא פאַרן טויט און דאָס איז איר איינציקע מורא. זי האָט נישט קיין צוטרוי

צו פירשטן און צו מיליטער-לייט. אויב איר לעבן וואָלט געווען אין געפאַר, וואָלט זי געוואָרן זייער שלעכט. די שרעק וואָלט זי אַרויסגעבראַכט פון גלייכגעוויכט און זי ווילד געמאַכט. ס׳וואָלט דעמאָלט געווען אַ גרויסער שאָד. כל זמן מען מאַכט נישט קיין אַטענטאַט אויף איר לעבן און מ׳שטעלט זיך בלויז צופרידן מיטן באַוואָרפן זי מיט שמוץ, אַזוי לאַנג איז זי רויק.

אַזאַ מין רעגירונג געפעלט מיר און באַרויקט מיך. וויפיל אַנדערע רעגירונגען זענען נעיזען אומברחמנותדיק בלויז צוליב אמביציע! וויפיל אַנדערע רעגירונגען האָבן מיט דער הילף פון אכזריות פאַרפעסטיקט זייערע רעכט, גרויסקייט און זיכערקייט! וויפיל בלוט איז פאַרגאָסן געוואָרן, כדי צו פארפעסטיקן די פרעראָגאַטיוון און דעם מאַיעסטעט פון די הערשער.

די רעפובליק האָט נישט קיין אייגנליבע, זי האָט נישט קיין מאַיעסטעט! דער דאָזיקער פעלער איז פאַר אונז אַ גליק, ווארים ער ברענגט אונז נישט קיין שאדן. זי איז צופרידן, וואס זי לעבט. זי רעגירט ווייניק. איך וואלט חשק געהאט זי צו ליבן דערפאַר, מער ווי פאַר עפּעס אַנדערש. און מחמת דעם, וואָס זי רעגירט ווייניק, בין איך איר מוחל, וואָס זי רעגירט שלעכט.

איך בין חושד די מענטשן, אַז זיי האָבן אין אַלע צייטן צו מגזם געווען די נויטווענדיקייט פון אַ שטאַרקער האַנט. א שטאַרקע רעגירונג איז נאַטירלעך גורם, אַז דאָס פאָלק זאָל ווערן שטארק און בליענדיק. די פעלקער האָבן זיך אָבער זייער פיל אָנגעליטן און אין משך פון פיל יאָרהונדערטער צוליב זייער כלומרשטער גרויסקייט און ווילטאָג, כ׳בין דעריבער מער ווי זיכער, אַז זיי וואָלטן זיך גערן דערפון אָפּגעזאָגט. דער רום האָט זיי צו טייער געקאָסט, און מיר קאָגען זיין דאַנקבאַר אונזער איצטיקער רעגירונג, וואָס זי איז אונז מזכה מיט... קאָלאָניאַלן רום. אויב מען וואָלט זיך ענדלעך איבערצייגט, אַז יעדע רעגירונג איז פולשטענדיק איבריק, וואָלט די דאָזיקע אומשאַצבאַרע אַנטדעקונג געדאַרפט געמאַכט ווערן דורך דער רעגירונג פון פרעזידענט קאַרנאָ. און דערפאַר וואָלט איר גע-

קומען אַן אמתער יישר-כוח. נעמענדיק דאָס אַלץ אין אַכט מוז איך מודה זיין, אַז איך בין אויפריכטיק צוגעבונדן צו אונ־זערע רעפּובּליקאַנישע אינסטיטוציעס.

אַזוי האָט גערעדט ה׳ בערזשערע, דער פּראָפעסאָר פון ליטעראַטור אויפן הומאַניסטישן פאַקולטעט.

דער גלח לאַנטען האָט זיך אויפגעשטעלט, ער האָט אַרויס־געצויגן פון דער קעשענע זיין נאָזטיכל אין בלויע קוואַדראַטן, זיך אויסגעווישט די ליפּן און דערנאָך עס צוריק צעריינגעלייגט אין קעשענע אַריין; ער האָט אַ שמייכל געטון קעגן זיין גע־ווינהייט און געזאָגט:

— איר דריקט זיך אויס זייער שיין, ה׳ בערזשערע. אַזוי האָבן אַמאָל גערעדט די רעטאָרן אין רוים, בעת אַלאַריק און זיין וויזיגאָטיש חייל איז געשטאַנען אונטער די טויערן פון דער שטאָט. פונדעסטוועגן האָבן די רעטאָרן פון פינפטן יאָרהונדערט נישט גערעדט אַזעלכע פוסטע רייד. וואָרים רוים איז דעמאָלט געווען אַ קריסטלעכע שטאָט. איר זענט שוין מער נישט קיין קריסט.

— הער לאַנטען, — האָט געענטפערט דער פּראָפעסאָר פון ליטעראַטור, — איך וואָלט גאָרנישט געהאַט קעגן דעם, אַז איר זאָלט ווערן בישאָף, כ׳וואָלט אָבער קיינמאָל נישט גע־וואָלט, אַז איר זאָלט ווערן רעקטאָר פון אוניווערזיטעט.

— דערמיט זענט איר גערעכט, ה׳ בערזשערע, — האָט דער גלח זיך הייך צעלאַכט, -- וואָרים, ווען איך וואָלט גע־ווען אוניווערסיטעט — רעקטאָר, וואָלט איך אייך פאַרווערט צו לערנען די יוגנט.

— איר וואָלט מיר דערמיט געטון אַ גרויסע טובה: וואָרים דעמאָלט וואָלט איך אָנגעהויבן צו שרייבן אין די בלעטער, ווי ה׳ זשיל לעמעטר, און ווער ווייס נאָך, צי אַזוי ווי ער...

— הע! הע! איר וואָלט געווען אויפן געהעריקן אָרט צווישן די דאָזיקע עלעגאַנטן פון גייסט. און די פראַנצויזישע אַקאַדאמיע האָט אַ שוואַכקייט צו ליבערטינען...

ביי די רייד האָט ער זיך דערווייטערט מיט פעסטע און

שווערץ טריט. ה׳ בערזשערע איז געבליבן איינער אַליין אויף דער באַנק, וועלכע איז דריי פערטל געווען פאַרזווקען אין שאָטן.

די מוראַשקע, וואָס האָט אַ געוויסע צייט אַרומשפּאַצירט אויף זיין אַרבל, איז אַוועקגעפלויגן.

ה׳ בערזשערע איז פאַרזונקען אין זיינע רעיונות. ער איז נישט געווען גליקלעך. ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ פיינער, סובטילער אינטעליגענץ, וואָס האָט בטבע נישט אָנגעגריפן די אויסערלעכע וועלט און ער פלעגט גאַנץ אָפט זיך אַליין פאַרוווּנדן מיט די שטעכלקעס פון זיין אייגענער קריטיק.

ער האָט געליטן אויף אַנעמיע, געהאַט זייער אַן איידעלן כאַראַקטער און אָפּגעשוואַכטע חושים, וואָס האָבן אים פאַרשאַפן פיל מער צרות און יסורים, ווי פאַרגעניגן און צופרידנקייט. ער איז געווען נישט פאָרזיכטיק אין זיינע רייד.

ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַן אומפאַרענדערלעכער און זיכערער אומגעשיקטקייט; ער פלעגט אויסנוצן יעדע געלעגנהייט, כדי זיך אַליין צו שאַדן. ער פלעגט וועקן ביי די מענטשן אַ נאַטירלעכן עקל, און שטאַרק דערפון ליידן, ווייל ער האָט זייער ליב געהאַט צו פאַרברענגען אין מענטשלעכער געזעלשאַפט.

עס איז אים קיינמאָל נישט געלונגען צו שאַפן זיך תלמידים; זיינע פּאָרטראַגן וועגן דער לאַטיינישער ליטעראַטור פלעגט ער האַלטן אין אַ פינצטערן, פייכטן און פאַרלאָזענעם קעלער, ווהין עס האָט אים פאַרטריבן די פלאַמענדיקע נישט גינציקייט פון דעקאַן. די אוניווערסיטעט-געביידע איז פונדעסט-וועגן געווען געגנוג ברייט.

אויפגעבויט אין יאָר 1894 „איז די דאָזיקע נייע געביידע, — ווי דער פּרעפעקט, וואָרמס-קלאַוועלען האָט זיך אויסגעדריקט אויף דער אינאוגוראַציאָנס-עפענונג, — דער בעסטער באַווייז, ווי שטאַרק די רעפּובליקאַנישע רעגירונג זאָרגט פאַר דער פאַרשפּרייטונג פון ליכט״. ס׳איז דאָרט געווען אַן אַמפיטעאַטער, דעקאָרירט דורך לעאָן גלעז מיט אַלעגאָרישע מאָלערייען, וואָס

שטעלן פאָר די וויסנשאַפט און ליטעראַטור; ה׳ קאָמפּאַניאָן האָט דאָרט געלייענט לעקציעס וועגן מאַטעמאַטיק. אַנדערע פּראָפעסאָרן, געקליידעטע אין געלע אָדער רויטע טאָגעס האָבן געהאַלטן פאָרטראַגן אין ליכטיקע שיינע זאַלן. בלויז ה׳ בערזשערע, באַגלייט פון די איראָנישע בליקן פון דעם אוניווערסיטעט־וועכטער, פלעגט אַראָפּגיין אין קעלער אַריין צוזאַמען מיט דריי צוהערערס.

דאָרט, אין דער דעמפּיקער, פייכטער לופט, פלעגט ער פאַרטייטשן די ע נ ע י ד ע מיט דייטשער גענויקייט און פראַנצויזישער גייסטרייכקייט; דאָרט פלעגט ער מיט זיין ליטעראַרישן און מאָראַלישן פּעסימיזם טרויעריק מאַכן זיין בעסטן תּלמיד דעם ה׳ רו פון באָרדאָ; דאָרט פלעגט ער עפּענען נייע האָריזאָנטן, וואָס פלעגן אים אַליין איבערשרעקן;

דאָרט, האָט ער אין איינעם אַן אָווגט אַרויסגעזאָגט יענע באַרימטע ווערטער, וואָס האָבן בעסער באַדאַרפט פאַרלוירן גיין אין דער טונקלקייט פון קעלער: „די איליאַדע און אָ ד י ס ע ע באַשטייען פון לויזע אָפּשניטן, וואָס שטאַמען פון פאַרשידענע צייטן. אָט וואָס פאַראַ דיכטונג האָט עס געדינט אַלס מוסטער פאַר ווערגילן, פענעלאָן און בכלל פאַר אַנדערע עפּישע דיכטער אין דער קלאַסישער ליטעראַטור".

ה׳ בערזשערע איז נישט געווען גליקלעך. ער איז נישט באַשאָנקען געוואָרן מיט קיין שום וויסנשאַפטלעכער אויסצייכענונג. אמת איז, אַז ער פלעגט זיך באַציען מיט ביטול צו כבוד. ער האָט אָבער געפילט, אַז אַ סך שענער וואָלט געווען באַציען זיך מיט פאַראַכטונג צו כבוד, באַקומענדיק אים פון אַנדערע. סיי ער, סיי זיינע ליטעראַרישע ווערק זענען געווען אין שטאָט פיל ווייניקער באַקאַנט, ווי ה׳ דע טערמאָנדר, דער מחבר פון א „וועגווייזער פאַר טוריסטן", אָדער ווי גענעראַל מילער, באַקאַנט אין יענער געגנט אַלס פּאָלינראַף: ער איז געווען אפילו ווייניקער באַקאַנט ווי זיין תּלמיד, ה׳ אַלבערט דו פון באָרדאָ, דער מחבר פון „גירעיס", א פּאָעמע אין ווייסע פערזן.

אמת איז, אז ער האָט זיך באַצויגן מיט ביטול צו ליטעראַרישן רום, וואָרים ער האָט געוווּסט, אז דער רום פון ווערגילן אין אייראָפּע שטיצט זיך אויף א פּאָר אבסורדן. ער האָט זיך אָבער שטאַרק גענומען צום הארצן, וואָס ער האָט נישט קיין שום באַציונגען מיט אזעלכע שרייבער, ווי פאגע, דומיק אָדער פּעליסיע, וועלכע האָבן, ווי ס'האָט זיך אים אויס־געוויזן, אנטשפּראָכן זיין כאַראַקטער און גייסט.

ער וואָלט זייער שטאַרק זיך מיט זיי געוואָלט באַקענען, לעבן צוזאַמען מיט זיי אין פּאַריז, ווי זיי, שרייבן אין די זשורנאַלן, פּאָלעמיזירן מיט זיי, זיך פּאַרמעסטן מיט זיי און אפשר אויך איבעריאָגן. ער האָט נעפּילט, אז ער פאַרמאָגט אין זיך א סך גייסט און אינטעליגענץ, און ער האָט אָנגע־שריבן א סך זייטלעך, וועגן וועלכע ער האָט געוווּסט, אז זיי האָבן א געוויסן ווערט.

ער איז נישט געווען גליקלעך. ער איז געווען אן אָרעמאַן, געוווינט מיט זיין ווייב און דריי טעכטער אין אן ענגער דירה, וווּ ער האָט ביז צו דער זעט געגאָסן די באַקוועמלעכקייטן פון א פאַמיליען־לעבן. ער פלעגט אומעטיק ווערן, בעת ער האָט געפונען אויף זיין אַרבעטס־טיש בינטלעך מיידלשע האָר, אָדער כתב־ידן, וואָס, זייערע ראַנדן זענען געווען פאַרברענט פון אייזנ־דלעך צו פריזירן האָר.

ער האָט אין ערגעץ נישט געהאַט קיין זיכער און אנ־גענעם אָרט, חוץ דער באַנק אין דער שפּאַציר־אַלעע, אונטערן שאָטן פון אַלטן בוים, און דעם ווינקל אין דער בוכהאַנדלונג פון פּאַיאַ.

א ווײַלע האָט ער נאָך געטראַכט וועגן זיין טרויעריקער לאַגע, דערנאָך האָט ער זיך אויפגעהויבן און איז אַוועק מיטן וועג, וואָס פירט צו דער בוכהאַנדלונג.

XIV

בעת ה׳ בערזשערע איז אריין אין דער בוכהאנדלונג, איז פּאיא, מיט אַ בלייפּעדער הינטערן אויער, פאַרנומען געווען ביים סאָרטירן די „חזרות." ער האט פונאנדערגעשטעלט אין רייען בענדער, וואָס זייערע געלע איינבאנדן, אויסגעשטעלט אַ לאַנגע צייט אויף דער זון, זענען אויסגעבלאקירט אין פאראומרייניקט געוואָרן דורך פליגן.

דאס זענען געווען עקזאמפּלארן, וואס האבן נישט נושא חן געווען ביי די לעזער, און פּאיאַ פלעגט זיי דעריבער צוריקשיקן צו די ארויסגעבערס... ה׳ בערזשערע האט צווישן די חזרות דערקענט אַ סך ווערק, וועלכע ער האט זייער ליב געהאט. ער האט דערפון געהאט ווייניק עגמת־נפש, ווארים ער האט געהאַט צופיל געשמאק, כדי צו ווינשן זיינע געליבטע מחברים דערפאלג ביים המון.

ער האָט, ווי אלעמאל פארנומען אַ פלאץ אין זיין ווינקעלע, און ווי געוויינלעך גענומען אין האַנט אריין דעם דרייאון דרייסיקסטן באַנד פון דער אַ ל ג ע מ י י נ ע ר ג ע ש י כ ט ע פ ו ן ד י נ ס י ע ו ת. דאס בוך איינגעבונדן אין גרינע לעדער, האט פון זיך אליין זיך געעפנט אויף דער זייט 212, און ה׳ בערזשערע האָט גאָך אַמאָל איבערגעלייענט די פאטאלע שורות:

„אַ דאַנק דעם דאזיקן אומגליק, — האט ער גע־
„זאָגט — האבן מיר געקענט אויפסניי באזוכן די
„סענדוויטש-אינזלען...

און ה׳ בערזשערע איז ארייגעפאלן אין א מעלאנכאליע.

ה׳ מאזור, דער ארכיוואר פון דעפארטאמענט, און ה׳ דע טערמאנדר, פרעזעס פון דער געזעלשאפט פאר אגריקולטור און ארכעאלאגיע, וואס האבן געהאט זייערע פלעצער אין ווינקל, זענען אריינגעקומען אין מאגאזין. ה׳ מאזור האט געהאט גרויסע פארדינסטן פאר דער פאלעאגראפיע. זיינע מדות און באנעמונג האבן זיך נישט אויסגעצייכנט מיט קיין איבעריקער עלעגאנץ. ער האט חתונה געהאט מיט דעם דינסט-מיידל פון פריערדיקן ארכיוואר, און פלעגט זיך באווייזן אויף דער גאס אין א צעריסענעם שטרויענעם הוט. ער איז געווען א ראדיקאל און פארעפנטלעכט א ריי דאקומענטן וועגן דער געשיכטע פון דער דעפארטאמענטאלער הויפטשטאט בשעת דער רעוואלוציע.

ער פלעגט גערן אויסרעדן אלדאס בייז אויף די מאנארכיסטן פון דעפארטאמענט; אבער ווען ער האט געפאדערט פאר זיך און נישט באקומען קיין אקאדעמישע פאלמען, האט ער מיט דער זעלבער סאטיספאקציע אנגעהויבן צו שעלטן זיינע פאליטישע פריינד און באזונדערס דעם פרעפעקט ווארמס-קלאפלען.

ער איז געווען בטבע א כעסן, און מחמת דעם, וואס ער איז פון דער פראפעסיע געוווינט געווען צו דערציילן פון חדר, פלעגט ער גערן אויפכאפן די פארשידענסטע רכילות. נישט געקוקט דערויף איז ער געווען א גאנץ אנגענעמער פארשוין, באזונדערס ביים וויין, און נאך א פאר כוסות פלעגט ער בגילופינדיק זינגען פריילעכע לידלעך.

— צי האט איר געהערט, — האט ער זיך געווענדעט צו ה׳ דע טערמאנדר און ה׳ בערזשערע, — דער פרעפעקט טרעפט זיך מיט פרויען אינם הויז פון ראנדאנא דעם יונגערן. מ׳האט איבערגעזאגט דערביי געפאקט. דער גלח גיטרעל איז דארט אויך א שטענדיקער אייגנייער. און גראד דאס דאזיקע הויז ווערט אינם קאטאסטער פון יאר 1783, אנגערופן „דאס הויז פוןביידע סאטירן.״

— וואס רעדט איר, — האט געזאגט ה׳ דע טערמאנדר, —

— אין ראַנדאָנאָס הויז איז נישט פאַראַן קיין פּראָסטיטוטקעס.
— מ'האט זיי געזעען דאָרט אַריינגיין, — האָט געענט־פערט דער אַרכיוואַר מאַזור.
— מיין טייערער הער בערזשערע, — האָט זיך אָנגערופן ה' דע טערמאָנדר, — כ'האָב געהערט, אַז בעת די געשפּרעכן אין דער אַלטע פירט איר אַראָפּ פון וועג מיין אַלטן פריינד לאַנטען, אַז איר פּרעדיקט צינישע געדאַנקען וועגן פּאָליטישער און סאָציאַלער אוממאָראַליטעט. מ'פּאַרציילט, אַז איר רעכנט זיך נישט מיט די רייד...
— מ'האָט אַ טעות, — האָט געענטפערט ה' בערזשערע.
... אַז אייך איז גלייכגילטיק די רעגירונגס־פאָרם.
— בשום אופן נישט! אָבער דעם אמת זאָגנדיק, איז מיר אַלץ איינס, וואָס פאַראַ רעגירונגס־פאָרם מיר האבן. די ענדערונגען פון רעזשים האָבן אַ גאַנץ קליינע השפּעה אויף דער לאַגע פון די בירגער. מ'ר זענען זייער וויניק אָפּהענגיק פון דער קאָנסטיטוציע און געזעצן, דערפאַר שפּילן ביי אונז א גרויסע ראָל די אינסטינקטן און מנהגים. עס האָט נישט דעם מינדעסטן זין צו ענדערן דעם נאָמען פון דעם הערשנדן רע־זשים. און נאָר נאַראָנים און לייט מיט אמביציע מאכן רעוואָלו־ציעס.
— אינגאנצן א יאר צען צוריק האט זיך אנגערופן ה' מאזורי, — וואלט איך מיך געלאָזט צעשפּאלטן דעם קאפּ פאר דער רעפּובליק. היינט צו טאג, ווען איך וואלט געזעען, ווי זי דרייט זיך איבער מיטן קאפּ אראפּ און מיט די פיס ארויף, וואלט איך מיך אויסגעלאכט, און געשטאנען פון דער ווייטן מיט פארלייגטע הענט.
מען באַציט זיך היינט מיט ביטול צו די אלטע רעפּו־בליקאנער. דעם איבן אן פירן די פריש געבאקענע רעפּובלי־קאנער. נישט אייך בין איך אויסן דערמיט, הער דע טער־מאנדר. ס'איז מיר שוין אבער דערעסן דאס אלעס. כ'הייב אן צו טיילן די מיינונג פון ה' בערזשערע. אלע רעגירונגען זענען אומדאנקבאר.

— זיי אלע זענען אנמעכטיק, -- האט זיך אריינגעמישט ה׳ בערזשערע, — כ׳האב גראד אין קעשענע א קליינע דערציילונג, וואס כ׳וואלט געוואלט אייך איבערלייענען. איך האב זי פארפאסט לויט אן אנעקדאט, וואס מיין פאטער האט מיר א סך מאל פארציילט. פון דער דערציילונג זעט מען, אז די אבסאלוטע מאכט איז דווקא די אנמעכטיקסטע. כ׳וואלט געוואלט הערן אייער מיינונג וועגן דער דאזיקער זאך. אויב זי וועט ביי אייך נושא חן זיין, וועל איך זי אריינשיקן אין דער צייטשריפט: „רעווי דע פארי״.

די ה׳ ה׳ טערמאנדר און מאזור האבן זיך צוגערוקט נענטער צו ה׳ בערזשערען. יענער האט ארויסגעצויגן פון דער קעשענע א העפט און אנגעהויבן צו לייענען מיט א שוואכער, אבער קלארער שטים:

„ד ע ר ו ו י צ ע - פ ר א ק ו ר א ר״

„די מיניסטאָרן זענען געווען פארזאמלט . . .

— דערלויבט מיר אויך צו הערן, -- האָט געזאָגט ה׳ פאַיא, דער בוכהענדלער.—כ׳וואַרט אויף לעאָנען, וואָס האָט זיך נאָך אלץ נישט צוריקגעקערט פון גאס. קוים גייט ער נאָר ארויס פון געוועלב, קערט ער זיך שוין מער נישט אום. כ׳מוז אָפהיטן דאָס געשעפט און ענטפערן די קונים. פונדעסטוועגן וועל איך כאָטש עפעס הערן. כ׳האָב ליב זיך צו לערנען.

— זייער גוט, פאַיאָ, — האט געענטפערט ה׳ בערזשערע.

און ער האָט אָנגעהויבן:

„ד ע ר ו ו י צ ע - פ ר אָ ק ו ר אָ ר״

די מיניסטארן זענען געווען פארזאמלט אויף אַ באראטונג, וואָס איז אָפגעהאַלטן געוואָרן אונטערן פאָרזיץ פון קייזער, אין איינעם פון די זאלן אין טיולערי-פאלאץ. נאַפּאָלעאָן דער דריטער, א שווייגנדיקער, האט געמאכט נאטיצן מיט א בלייפעדער אויף דעם פלאן פון א צוקונפטיקן ארבעטער-קווארטאל.

זיין לענגלעך, בלאס פנים האט מיט זיין צארטן אומעט זיך מאדנע אויסגעטיילט פון די פירקאנטיקע קעפּ פון די פּראַקטישע לייט און די רויטע פנימער פון די ארבעטס-מענטשן.

ער האָט האַלב אויפגעהויבן די אויגן־לעדלעך, אַ ווײַלע האָט ער אַרומגעבלאָנזשעט מיט זײַן פּאַרנעפּלטן און מילדן בליק איבערן אָוואַלן טיש, און געפרעגט:

— מײַנע הערן, צי איז שוין מער נישט פאַראַן קיין אַנדערע ענינים?

זײַן שטים האָט דורך די געדיכטע וואָנסעס אַרויסגעגעבן אַ דערשטיקטן און הוילן קלאַנג, און מ'האָט געהאַט דעם אײַנדרוק, ווי זי וואָלט נעקומען פון ערגעץ ווײַט.

אין דעם מאָמענט האָט דער יוסטיץ-מיניסטער געמאַכט זײַן קאָלעגע דעם אינערן־מיניסטער אַ צייכן, וועלכן יענער האָט אפנים נישט באַמערקט.

יוסטיץ־מיניסטער איז דעמאָלט געווען ה' דעלאַרבר, אַ ריכטער פון דורי-דורות, וועלכער האָט אויף זײַנע הויכע אַמטן אַרויסגעוויזן אַ אָנשטענדיקע בויגעוודיקייט. פון צײַט צו צײַט פלעגט זי אומגעריכט איבערגעריסן ווערן דורך אויסברוכן פון שטײַפער פּראָפעסיאָנעלער חשיבות, וואָס קיין שום זאך אויף דער וועלט האָט זי נישט געקענט גובר זײַן.

מ'האָט געשמועסט, אַז זינט ער איז געוואָרן פּאַרטרויונגס-מאַן פון דער קייזערין און די אולטראַמאָנטאַנען, פלעגט דער יאַנסעניזם פון זײַנע אבות, באַרימטע אדוואָקאַטן, גאַנץ אָפט אים נישט צורו לאָזן. די אָבער, וואָס האָבן אים נענטער געקענט, האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ קליינלעכן, עטוואָס פאַנטאַסטישן מענטש, אַ גלײַכגילטיקן צו גרויסע ענינים, וועלכע זײַן מוח האָט בשום אופן נישט געקענט באַגרײַפן; דערפאַר איז ער געווען אײַנגעשפּאַרט אין קלייניקייטן, וואָס האָבן גראָד זיך גע־פּאַסט צו זײַן ענגן מוח פון אַן אונטריגאַנט.

דער קייזער, מיט בײדע העווט אָנגעשפּאַרט איגם געגילדעטן פאָטעל, האָט שוין געהאַט בדעה אויפצושטיין. דעלאַרבר, וועענדיק, אַז דער אינערן־מיניסטער, מיט דער נאָז אין זײַנע פּאַפּירן, מיידט אויס זײַנע בליקן, האָט אים אַליין אינטערפּע־לירט:

— זײַט מיר מוחל, מײַן טײַערער קאָלעגע, איך וועל

איצט באַדירן אַ פראגע. וואָס הגם זי געהערט צו אייער רעסאָרט, האָט זי פאר מיר אויך אַ געוויסן אינטערעס. איר אַליין האָט זיך געהאַט פאר מיר אויסגעדריקט, אַז איר ווילט באַרירן אויפן ראַט די אויסערגעוויינלעך דעליקאַטע סיטואַציע, אין וועלכער עס געפינט זיך א ריכטער אדאנק דער האנדלונג פון פרעפעקט אין איינעם פון די מזרח-דעפארטאמענטן.

דער אינערן-מיניסטער האָט געהויבן מיט די ברייטע אקסלען און אומגעדולדיק א קוק געטון אויף דעלארברן. ער האָט געהאט יענעם יאָוויאלן און גלייכצייטיק הארטן אויסדרוק פון פנים, וואָס איז אזוי כאראקטעריסטיש פאר די יעניקע, וואָס האבן צו באפעלן איבער א סך מענטשן.

— אָ! — האָט ער זיך אנגערופן, — דאס זענען נארישע און אויסגעדראשענע רכילות און איך וואלט מיך באמת געשעמט אונטערצוטראגן זיי צו די אויערן פון אייער מאיעסטעט, ווען נישט מיין קאלעגע, דער יוסטיץ-מיניסטער, וועלכער וויל זען דערין עטוואס אינטערעסאנטעס, בעת איך הייב דא גארנישט אן צו זען.

נאַפאלעאן האט ווידער אנגעהויבן צו צייכענען מיט דער בלייפעדער.

— עס האנדלט זיך וועגן פרעפעקט פון דער נידריקערער לוארע, — האט ווייטער גערעדט דער מיניסטער. — דער דאזיקער באאמטער האט אין זיין דעפארטאמענט די רעפוטאציע פון א מענטש. וואס האָט גרויס דערפאלג ביי פרויען. און דער דאזיקער לעגענדע וועגן זיין גאלאנץ, ווי אויך וועגן זיין אלגעמיין באקאנטער פיינער באנעמונג און מסירת-נפש פארן הערשנדן רעזשים, האט ער נישט אין קיין קליינער מאס צו פארדאנקען זיין פאפולאריטעט אין דער גאנצער געגנט.

זיינע הנדלען לגבי מאדאם מערא, דער פרוי פון גענעראל-פראקוראר, האבן געצויגן אויף זיך די אלגעמיינע אויפמערקזאמקייט און זענען פארשידן אויסגעטייטשט געווארן. כ'מוז מודה זיין, אז דער פרעפעקט ה' פעליסאן האט באריכערט די סקאנדאל-כראניק אין נאנט, און אז אין די בורזשואזע ספערן

פון שטאָט פלעגט מען זיך וועגן אים זייער שאַרף אויסדריקן, באַזונדערס אין די הייזער, וואָס ווערן באַזוכט דורך די העכערע געריכטס-מיטגלידער.

די האַנדלונג פון פּרעפעקט פּעליסאָן לגבי מאַדאַם מעראָ, וואָס איר געזעלשאַפטלעכע פּאָזיציע דאַרף זי אין אַ געהעריקער מאָס צו באַשיצן קעגן פלערליי צווייידייטיקע כוונות, וואָלט נאַטירלעך פאַרדינט באַדויערט צו ווערן אין דעם פאַל, ווען זי וואָלט געדויערט לענגער. אָבער די אינפאָרמאַציעס, וועלכע איך האָב צונויפגעזאַמלט, דערלויבן מיר פעסטצושטעלן, אַז מאַדאַם מעראָ איז פּאַקטיש נישט קאָמפּראָמיטירט געוואָרן, און אַז מ'דאַרף נישט מורא האָבן פאַר אַ סקאַנדאַל. מ'דאַרף נאָר זעען צו פאַרהאַלטן זיך פאָרזיכטיק, און דער דאָזיקער גאַנצער ענין וועט נישט האָבן קיין שום אומגינסטיקע רעזולטאַטן.

דער אינערן-מיניסטער האָט געענדיקט, ער האָט פאַרמאַכט זיין פאָרטפעל און זיך באַקוועם אנידערגעזעצט אין זיין בענקל.

דער קייזער האָט געשוויגן.

— דערלויבט, מיין טייערער קאָלעגע! — האָט מיט אַ שרוקענער שטים זיך אָנגערופן דער יוסטיץ-מיניסטער, — די נייע פון גענעראַל-פּראָקוראָר ביים געריכט אין נאַנט, איז דעם פּרעפעקטס געליבטע; דער דאָזיקער פאַקט, וואָס איז אומעטום באַקאַנט, קאָן ברענגען אַ גרויסן שאָדן דעם פּרעסטיזש פון געריכטס-וועזן. אויף דעם דאָזיקן צושטאַנד דאַרף מען טאַקע אויפמערקזאַם מאַכן זיין מאַיעסטעט.

— בלי ספק, — האָט געענטפערט דער אינערן-מיניסטער און געווענדעט זיין בליק צו די אַלעגאָרישע בילדער אויפן כופּיט — אַזעלכע געשיכטעס דאַרפן בלי ספק באַדויערט צו ווערן; פונדעסטוועגן דאַרף מען אָבער אויך נישט מגזם זיין. ס'איז גאַנץ מעגלעך, אַז דער פּרעפעקט איז געווען אַביסל אומפאָרזיכטיק, און מאַדאַם מעראָ — עטוואָס לייכטזיניק, אָבער...

דער מיניסטער האָט איבערגעשיקט זיינע נישט פאַרשנ-

היקטע רייד צו די מיטאלאגישע פיגורן, וואס האבן ארומגעפלאַטערט אויפן געמאָלטן הימל. אַ ווײַלע האָט אין זאַל געהערשט אַ שטילקייט, בעת ווען מ׳האָט נאָר געהערט דאָס חוצפּהדיקע צוויטשערן פון די ווראָבלעס אויף די ביימער פון גאָרטן און אויף די קאַרניזן פון פּאַלאַץ.

ה׳ דעלאַרבר האָט פון צייט צו צייט פאַרביסן זײַנע דינע ליפּן, און געצופּט זײַנע פּאַוואָריטן.

— אַנטשולדיקט מיר, וואָס איך גיב אײַך נישט נאָך: די געהיימע ראַפּאָרטן, וועלכע איך האָב באַקומען, לאָזן נישט איבער קיין שום ספק בנוגע די באַציונגען צווישן ה׳ פּעליסאָן און מאַדאַם כּעראַ. די דאָזיקע באַציונגען דויערן שוין זינט 2 יאָר.

אין סעפּטעמבער ...18, האָט דער פּרעפעקט פּעליסאָן אײַנגעלאַדן דעם גענעראַל-פּראָקוראָר אויף דער יאַגד אין די וועלדער פון גראַף דע מאַרעַנוויל, דעפּוטאַט פונם דריטן קרייז אין דעפּאַרטאַמענט, און בעת דער אָפּוועזנהייט פון פּראָקוראָר, האָט ער זיך הינטערווײַלעכץ אַרײַנבאַקומען אין צימער פון מאַדאַם כּעראַ. ער איז אַרײַן דורכן גאָרטן. דער גערטנער האָט אויפגעמערקט באַמערקט שפּורן פון דער אײַנברעכונג און מודיע געווען וועגן דעם די יוסטיץ-מאַכט. מ׳האָט אפילו פאַרהאַלטן עפּעס אַ שלעפּער, וועלכער איז אָפּגעזעסן עטלעכע חדשים אין תּפיסה און נישט געקאָנט באַווײַזן זײַן אומשולד. ער האָט איבעריקנס געהאַט זייער אַ שלעכטע פאַרגאַנגענהייט און גייט אונז אין דער אמתן זייער ווייניק אָן. אָבער נאָך ביזן הײַנטיקן טאָג האַלט זיך דער מיינונג בײַ דער פּראָקוראָר, אַז נאָר דער וואַגאַבונד איז שולדיק אין דער אײַנברעכונג. זײַן מיינונג ווערט אָבער אונטערגעהאַלטן פון אַ גאַנץ קליינעם טייל פון דער באַפעלקערונג. די סיטואַציע איז אָבער נישט געקוקט דערויף נישט קיין אַנגענעמע און איך חזר נאָכאַמאָל איבער, אַז זי ברענגט שאָדן דעם פּרעסטיזש פון גערעכטסוועזן.

דער אינערן-מיניסטער האָט ווי געווײנלעך אַרײַנגעוואָרפן אין דער דיסקוסיע אַ פּאָר שטאַרקע פראַזן, וואָס פלעגן זי־

איבעררייסן און דערדריקן מיט זייער משא. ער האָט זיינע פרעפעקטן אין דער צוים:

ער וועט שוין וויסן, ווי אַזוי צו רופן צו אָרדנונג דעם הער פעליסאָן, און דערביי נישט אָננעמען קיין שטרענגע מיטלען קעגן אַן אינטעליגענטן און פלייסיקן פונקציאָנאַר, וואָס האָט אַ סך פאַרדינסטן פאַר זיין דעפּאַרטאַמענט און איז באַזונדערס ווערטפול אין צוזאַמענהאַנג מיט די נאָנטסטע וואַלן. קיינער איז נישט אַזוי פאַראינטערעסירט ווי ער, איינצוהאַלטן גוטע באַציונגען צווישן דער אַדמיניסטראַטיווער, און יוסטיץ־מאַכט.

דער קייזער האָט געשוויגן און ווי אַלעמאָל געמאַכט דעם איינדרוק פון איינעם, וואָס איז פאַרזונקען אין זיינע רעיונות. ער האָט אַפּנים געטראַכט וועגן גאַנץ אַנדערע זאַכן, וואָרים ער האָט זיך מיטאַמאָל אָנגערופן:

— דער אָרעמער פעליסאָן, איך האָב געקענט זיין פאָטער. ער האָט געהייסן אַנאַכאַרזיס פעליסאָן. ער איז געווען אַ זון פון אַ רעפּובליקאַנער אין די צייטן פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. אַליין אַ רעפּובליקאַנער, פלעגט ער בעת דער יולי־מאָנאַרכיע שרייבן אין די בלעטער פון דער אָפּאָזיציע. בעת איך בין געזעסן אַרעסטירט אין דער פעסטונג האַן. האָט ער מיר צוגעשיקט אַ פריינדלעכן בריוו.

איר קאָנט אייך גאָר נישט פאָרשטעלן, וואָס פאַראַ פרייד עס איז פאַר אַן אַרעסטאַנט צו באַקומען פון דרויסן כאָטש דעם מינדעסטן באַווייז פון סימפּאַטיע. זינט דעמאָלט, זענען מיר אַוועק אויף פאַרשידענע וועגן. מיר האָבן זיך שוין מער נישט געזען. ער איז געשטאָרבן.

דער קייזער האָט פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס, און איז אַ ווײַלע געזעסן פאַרטראַכט. דערנאָך האָט ער זיך אויפגעהויבן פון אָרט און געזאָגט:

— מיינע הערן, איך וועל אייך לענגער נישט פאַרהאַלטן.

ער האָט געשטעלט אומגעשיקטע טריט, ווי אַ פויגל, וואָס האָט אומגעלומפּערט גרויסע פליגל, און זיך געלאָזט גיין אין זיינע

פריוואטע אפּארטאמענטן ; די מיניסטאָרן זענען ארויסגעגאנגען איינער נאָכן אנדערן דורך א לאנגער ריי סאלאנען, באַגלייט פון די פינצטערע בליקן פון די דינערס. דער מארשאל און קריגס-מיניסטער האָט דערלאַנגט זיין פּאַרטסיגאַר דעם יוסטיץ-מיניסטער.

— ה׳ דעלאַרבר, אפשר וועלן מיר מאכן א קליינעם שפּאַציר ? איך וויל מיר אביסל אויסגלייכן די ביינער.

זיי זענען געגאַנגען לענגאויס דער ריוואָלי-גאַס, לעבן דעם פּלויט, וואָס רינגלט אַרום די טעראַסע פון דער גאַס דע פעיאַן.

— וואָס שייך ציגאַרן, — האָט זיך אָנגערופן דער מאַר-שאַל. כ׳האָב ליב ציגאַרן, אַ סך פאר אַ שטיק, גוט אויסגעטרי-קנטע. אַנדערע מאַכן אויף מיר דעם איינדרוק פון קאָנפיטורן. איר פאַרשטייט ?

ער האָט צוגעגעבן :

— דער דאָזיקער פעליסאָן, וועגן וועלכן איר האָט גאַר-וואָס גערעדט אויף דער זיצונג, צי איז ער נישט אַמאָל אַ נידריק, פאַרדאַרט און שוואַרץ מענטשעלע, וואָס איז מיט פינף יאָר צוריק געווען וויצעפּרעפעקט אין סען-דיע ?

דעלאַרבר האָט געענטפערט, אַז פעליסאָן איז טאַקע גע-ווען וויצע-פּרעפעקט אין די וואָגעזן.

— אַזוי האָב איך טאַקע געטראַכט : איך קען פעליסאָנען. און איך דערמאַן מיך אויך זייער גוט די מאַדאַם פעליסאָן. כ׳האָב געגעסן מיטאָג צוזאַמען מיט איר, בעת איך בין דאָרט איינגע-לאַדן געוואָרן אויפצוהילן עפּעס אַ מאָנומענט. איר פאַרשטייט ?

— וואָס איז דאָס פאַראַ פרוי ? — האָט דעלאַרבר געפרעגט.

— אַ קליינע, אַ שוואַרצע און א דאַרע. כלומרשט מאגער-אין דער פרי, פאַרקנעפּלט פון אויבן ביז אראָפּ אין איר קלייד, האָט זי נישט געצויגן אויף זיך קיין אויפמערקזאַמקייט. דער-פאַר אין אוונט ביים טיש, האָט זי געמאַכט א גאר נישט קשה-

דיקן איינדרוק אין איר דעקאָלטירט קלייד, מיטן בוקעט בלומען אויף דער ברוסט.

— אבער פון מאראלישן שטאנדפונקט, הער מארשאל?

— מאראליש?... איך בין נישט קיין שוטה, נישט וואר? אזוי איז עס! איך האב קיינמאל נישט געקענט באגרייפן די מאראל פון פרויען. איך קען אייך נאר זאגן, אז מאדאם פּאַ-ליסאן האָט געשמט פאר א סענטימענטאלע. מ׳פלעגט שטענדיק, אז זי האט ליב שיינע מענער.

— זי האָט אייך געגעבן אַ גרונט אַזוי צו טראַכטן, הער מאַרשאַל?

— לחלוטין נישט. זי האָט זיך צו מיר אָנגערופן ביים דעסער: „איך האָב ליב ביז צו משוגעת שיינרעדנעריי. איך הער שטאַרק נתפּעל פון שיינע רייד.״ די דאָזיקע רייד האָבן נישט געקאָנט גיין אויף מיין חשבון. אמת איז, אַז איך האָב דעם זעלבן פרימאָרגן געהאַלטן אַ רעדע. איך האָב זי אָבער געהייסן רעדאַגירן מיין אַדיוטאַנט, אַן אַרטילעריע-אָפיציר און דערצו אַ קורצזיכטיקער. ער האָט אָנגעשריבן די רעדע מיט אַזעלכע קליינע אותיות, אַז כ׳האָב זיי נישט געקענט איבער-לייענען... איר פאַרשטייט?...

זיי האָבן דערגרייכט דעם וואַנדאָם-פּלאַץ. דעלאַרבר האָט אויסגעשטרעקט זיין טרוקענע האַנט צום מאַרשאַל, און איז אַריין אין טויער פון יוסטיץ-מיניסטעריום.

* *
*

אין אַ וואָך אַרום, ביים סוף פון דער זיצונג, בעת די מיניסטאָרן האָבן זיך שוין אָנגעהויבן פונאַנדערצוגיין, האָט דער קייזער אַ קלאַפּ געטון דעם יוסטיץ-מיניסטער איבער דער פּלייצע און געזאָגט:

— מיין טייערער דעלאַרבר, איך האָב מיך צופעליק דערוווּסט, — אין מיין לאגע ווערט מען אלץ צופעליק געוויר, — אַז אינם געריכט אין נאַנט איז וואַקאַנט דער פּאָסטן פון אַ וויצע-פּראָקוראָר. איך בעט אייך אַ טראַכט צו טון פאַרן דאָזיקן פּאָסטן וועגן א געוויסן יונגן יוריסט, וואָס האָט אָנגעשריבן אַן אינטערעסאַנט ווערק וועגן די טרייד-יוניאָנען. ער הייסט שאַנאָ. ער איז אַ קוזין פון מאדאם ראמעל. ער וועט נאָך היינט בעטן ביי אייך אַן אוידיענץ. אויב איר וועט מיר פאַרלייגן זיין נאָמינאציע, וועל איך זי אונטערשרייבן מיט פארגעניגן.

דער קייזער האט מיט אַ רירנדיקער שטים ארויסגעזאגט דעם נאמען פון זיין מילך-שוועסטער, וועלכע ער האט נישט אויפגעהערט ליב צו האבן; זי, א הייסע רעפובליקאנערן, האט בשום אופן נישט געוואלט אננעמען זיינע טובות, און הגם זי איז געווען אן ארעמע אלמנה און געווינט ערגעץ אין א בוידעם-שטיבל, פלעגט זי זיך אפזאגן אנצונעמען זיין הילף און אָפן אויסדריקן איר כעס צוליבן מלוכה-אטענטאַט אין יאר 1852.

נאך פופצן יאָר עקשנות האט זי ענדלעך נאכגעגעבן די בסדרדיקע ביטעס פון נאפאלעאן דעם דריטן און אלס באוויז, אז זי האט זיך מיט אים איבערגעבעטן, איז זי צו אים געקומען בעטן פראטעקציע נישט פאר זיך, נאָר פאר איר קוזין, דעם יונגן שאנא, א יוריסט, וואס האט מיט אויסצייכנונג געענדיקט דעם אוניווערזיטעט. די ביטע פון מאדאם ראמעל איז איבעריקנס געווען א גאנץ גערעכטע. דער יונגער שאנא האט געהאט אלע קוואליפיקאציעס אנגענומען צו ווערן אלס מיטגליד פון געריכטס-וועזן.

מאדאם ראמעל האט אבער אומבאדינגט געוואלט, אז איר קוזין זאל באקומען די נאמינאציע אין דעפארטאמענט פון דער לוארע, ווו זיינע עלטערן האבן געווינט. דעם דאזיקן אומשטאנד האט נאפאלעאן זיך טאקע איצט דערמאנט און אים מיטגעטיילט זיין יוסטיץ-מיניסטער.

— עס וואלט געווען זייער געוווּנשן, — האט ער צו-

געגעבן, — אַז מיין קאַנדידאַט זאָל נאָמינירט ווערן אין נאַנט, ווי ער איז געבוירן געוואָרן, און ווו עס ווינען איך זיינע עלטערן. דער דאָזיקער אומשטאַנד איז זייער ווינטיק פאַר א יונגן מענטשן, וואָס איז נישט פאַרמעגלעך און האָט ליב דאָס פאַמיליען-לעבן.

— שאַנאָ... אַן ארבייטזאַמער, נישט פאַרמעגלעכער..., — האָט דער מיניסטער געשעפּטשעט.

ער האָט צוגעגעבן, אַז ער וועט זיך באַמיען צו האַנדלען אין הסכם מיטן ווונש פון זיין מאַיעסטעט. ער האָט בלויז מורא געהאַט, אַז דער גענעראַל-פּראָקוראָר זאָל אים נישט האָבן אַמאָל שוין פאָרגעשטעלט אַ ליסטע פון קאַנדידאַטן, אויף וועלכער ס׳פיגורירט נישט מסתמא דער נאָמען פון שאַנאָ.

גענעראַל-פּראָקוראר אין יענעם דעפּארטאמענט איז געווען טאַקע דער זעלבער ה׳ מערא, וועגן וועלכן עס איז געווען די רייד אויף דער פאריקער זיצונג פון מיניסטארן-ראַט. דעם יוסטיץ-מיניסטער איז שטארק געגאַנגען אין לעבן צו באהאנדלען דעם גענעראַל-פּראקוראר מיט דער גרעסטער גינציקייט, ער וועט זיך אבער באַמיען צו האנדלען אין הסכם מיטן ווונש פון זיין מאיעסטעט.

ער האט זיך פארנייגט און איז אַרויסגעגאַנגען. דאָס איז געווען זיין אודיענץ-טאָג. ווי נאר ער איז אריין אין זיין קאַבינעט, האט ער אנגעפרעגט ביי זיין סעקרעטאר, לאבאריט, צי ס׳איז פאַראַן א סך פעטענטן אין ווארטזאל. אין ווארטזאל זענען געווען צוויי געריכטס-פּרעזעסן, א געריכטסראַט פון קאַסאציאנס-געריכט, דער קארדינאַל-ערצבישאף פון ניקאמעדיע און א גרויסע צאָל ריכטער, אדוואקאַטן און גלחים.

דער מיניסטער האט געפרעגט, צי איז דארט אויך פאראן איינער שאנא. לאבארט האט דורכגעווארפן די וויזיט-קארטן, וואָס זענען געלעגן אויף דער זילבערנער טאַץ און צווישן א סך אַנדערע האָט ער ענדלעך געפונען די קאַרטע פון שאנא, א יוריסט אין לאורעאט פון יורידישן פאקולטעט אין פאריז. דער מיניסטער האָט אים געהייסן דעם ערשטן אריינבעטן און צוי-

געגעבן בקויז, אז מ׳זאל אים אריינפירן דורך די הינטערשטע קאָרידאָרן, כדי נישט צו באַליידיקן די העכערע געריכטס-באַאַמטע און דעם קלער.

דער מיניסטער האָט זיך אַנידערגעזעצט בײַ זײַן אַרבעטס-טיש און שטיל צו זיך געשעפּטשעט: „אַ סענטימענטאַלע, האָט געזאָגט דער מאַרשאַל, זי האָט ליב שיינע מענער, וואָס רעדן שיין...״

דער דינער האָט אַרײַנגעפירט אין קאַבינעט אַרײַן אַ יונגנמאַן, עטוואָס אַן אײַנגעהויקערטן, אין ברילן, מיט אַ שפּיציקן שאַרבן; זײַן גאַנצע אומגעשיקטע געשטאַלט האָט אויסגעדריקט נישט דרייסטקייט פון אַן אָפּגעזונדערטן מענטשן און גלײַכצײַטיק דעם מוט פון אַ דענקער.

דער יוסטיץ-מיניסטער האָט אים באַטראַכט פון קאָפּ ביז פיס און באַמערקט, אַז ער האָט אַ פּנים פון אַ קינד און שמאָלע פּלייצעס. ער האָט אים געבעטן זיך צו זעצן. דער פּעטענט האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן עק שטול, פאַרשלאָסן זײַנע אויגן און אָנגעהויבן צו רעדן:

— עקסעלענץ, איך וויל אײַך בעטן, אַז איר זאָלט אין אײַער חסד, פאַרלײַכטערן מיר דעם צוטריט צום געריכטס-וועזן. אײַער עקסעלענץ וועט מסתמא מוזן אָנערקענען, אַז די גוטע טאָטן, וועלכע איך האָב באַקומען אויף די פאַרשידענע עקזאַמענס און דער פּריז פאַר מײַן אַרבעט וועגן די טרייד-יוניאָנען, זענען דוכט זיך אַ גענוגנדער באַווײַז: איר וועט דאָך אויך מודה זײַן, אַז דער שוועסטערן-זון פון מאַדאַם ראַמעל די מילך-שוועסטער פון קייזער, איז בלי ספק ווערט....

דער יוסטיץ-מיניסטער האָט אים איבערגעשלאָגן מיט אַ זשעסט פון זײַן קליינער, געלער האַנט.

— בלי-ספק, הער שאַנאַ, איר האָט די העכסטע פּראָטעקציע, און איך בין מער ווי זיכער, אַז איר האָט זי מסתמא כשר פאַרדינט. איך ווייס דערפון. דער קייזער אינטערעסירט זיך זייער שטאַרק מיט אײַך. איר ווילט באַקומען דעם פּאָסטן פון אַ געהילף-פּראָקוראָר, הער שאַנאַ?

— אייער עקסעלענץ, — האט געענטפערט שאנא, — וואלט פארווירקלעכט מיינע טיפסטע באגערן, ווען ער וואלט מיך נאמינירט אלס געהילף-פראקוראר אין נאנט. דארט, וווּ מיין פאמיליע וווינט.

דעלארבר האט אנגעשטעלט אויף שאנא זיינע בלייערנע אויגן און געענטפערט:

— ס'איז ליידער נישט פאראן קיין וואקאנס אין נאנטער געריכט.

— זאל מיר אייער עקסעלענץ מוחל זיין, כ'האב געמיינט...

דער מיניסטער האט זיך אויפגעהויבן.

— ס'איז נישט פאראן קיין וואקאַנס.

און בעת שאנא האט זיך אומגעשיקט געלאזט גיין צו דער טיר און אין אן א שיער פארבויגונגען געזוכט א דורכגאנג צווישן די ווייסע פליגלען פון דער טיר, האט דער יוסטיץ-מיניסטער גערעדט צו אים מיט אן איבערצייגנדיקן און כמעט פארטרויליכן טאן:

— גלויבט מיר, ה' שאנא, גיט צו פארשטיין אייער געערטער מומע, זי זאל זיך אפזאגן פון ווייטערדיקע באמיונגען, וואָס וואָלטן אייך געבראַכט פיל מער שאָדן, ווי נוצן, און וויסן זייט, אַז דער קייזער אינטערעסירט זיך מיט אייך. רעכנט אויף אויך מיין גינציקייט.

אַז די טיר האָט זיך פאַרמאַכט, האָט דער מיניסטער אַריינגערופן זיין סעקרעטאַר:

— לאַבאַרט, ברענג אַהער דיין קאַנדידאַט.



דעם זעלבן אָוונט, אַרום אַכט אַ זייגער, איז לאַבארט אריין אין א הויז אויף דער יאַקאָב־גאַס, ער איז ארויפגעלאָפן איבער די טרעפּ אַזש ביז צום בוידעם און אויסגערופן, שטייענדיק נאָך אין קאָרידאָר:

— ביסט פּאַרטיק, לעפּאַרדאַ?

די טיר פון אַ קליין בוידעם-שטיבל האָט זיך געעפנט. דאָרטן זענען אויף אַן עטאזשערקע געשטאַנען אייניקע יורידישע ביכער און אַ פּאָר ראָמאַנען: איבערן בעט — אַ שוואַרצע, סאמעטענע מאַסקע מיט אַן אויסגעהאָפטענער באָרד, אַ קרענצל פּארטריקנטע פיילעכלעך און א שווערד... אויף דער וואַנד איז געהאָנגען אַ שלעכטער פּאָרטרעט פון מיראַבאָ.

אין מיטן צימער האָט א הויכער ברונעט געמאכט איבונגען מיט געוויכטער. ער האט געהאַט געקרייזלטע האר, א נידריקן שטערן, קאשטאן־אויגן, אויסערגעוויינלעך ליבלעכע און שמייכלענדיקע, א נאז, וואס האט געציטערט, ווי די נאזלעכער פון א פערד, און פונם האלב־צעעפנטן מויל האבן זיך ארויס געוויזן געזונטע, וועלפישע ציין.

— כ׳האב געווארט אויף דיר, — האָט ער געזאגט.

לאבארט האט אים צוגעזאגט, ער זאל זיך וואס שנעלער אנטון. ער איז געווען הונגעריק. ווען וועלן זיי שוין אמאל עסן מיטאג?

לעפּארדא האט אוועקגעשטעלט די געוויכטער אויפן דיל, און אויסגעטון זיין וועסטל: ס׳האט זיך באוויזן א קארק פון א העריקולעס, וואס האט פאראייניקט דעם קיילעכדיקן קאפ מיט די ברייטע פלייצעס.

— ער מאכט דעם איינדרוק פון א זעקס און צוואנציק־יעריקן, — האט לאבארט געטראכט.

בעת לעפּארדאַ האָט אַרויפגעצויגן אויף זיך זיין זשאקעט, דורך וועלכן ס׳האָבן זיך בולט אַרויסגעוויזן די שטאַרקע און אָנגעשפּאַנטע מוסקולן, האָט אים לאבארט ארויסגעשטופּט אין דרויסן אַרויס.

— מיר וועלן זיין ביי מאני אין משך פון דריי מינוט, ב׳האָב דעם מיניסטערס קאָטש.

אין רעסטאָראַן האָבן זיי זיך געהייסן געבן א באזונדער קאבינעט, חוּ זיי האָבן געקענט פריי שמועסן.

נאכדעם, ווי זיי האבן געגעסן פיש און געבראָטנס, האָט לאַבארט קורץ און שארף פאָרמולירט די פראַגע:

— הער מיך גוט אויס, לעפארדא, דו וועסט מארגן אויפ־גענומען ווערן דורכן מיניסטער, דיין נאָמינאַציע וועט דאָנערש־טיק פאָרגעשטעלט ווערן דעם מיניסטער דורכן גענעראַל־פּראָ־קוראָר פון נאַנט, און מאָנטיק וועט מען זי געבן דעם קייזער אונטערצושרייבן. מ׳וועט זי אים אומגעריכט אונטעררוקן, אין דעם מאָמענט, ווען ער וועט צוזאַמען מיט ה׳ אַלפרעד מאָר זיין באַשעפטיקט בייִם אויסגעפינען דאָס אָרט, וווּ ס׳איז גע־לעגן די שטאָט אַלעזיאַ.

דער קייזער שרייבט אונטער אַלץ, וואָס מ׳וויל נאָר, בשעת ער שטודירט די טאָפּאָגראַפיע פון גאַליע אין צעזאַרס צייטן. זאָלסט אָבער געדענקען, וואָס מ׳פאָדערט פון דיר. דו מוזט זען געפעלן צו ווערן דעם פרעפעקטס פרוי. דו מוזט זען צו האַלטן זיך אין דיין ראָל ביזן סוף. נאָר אויף אַזאַ אופן וועלן מיר נעמען נקמה אינעם פרעפעקט.

לעפאַרדאַ האָט געגעסן מיטביידע באַקן און געהערט, א צופרידענער, און א שמייכלענדיקער.

— וואָס פאַרא משונהדיקער געדאַנק, — האָט ער זיך אָנ־גערופן, — איז עס געבוירן געוואָרן אין דעלאַרברס מוח? איך האָב געמיינט, אַז ער איז אַ מענטש מיט שטרענגע מדות.

לאַבארט האָט אויפגעהויבן זיין מעסער, און איבערגעשלאָגן זיין חברס רייד:

— קודם כל, מיין טייערער, בעט איך דיך נישט צו קאָמפּראָמיטירן מיין מיניסטער, העלכער מוז שטיין פונדערווייטנס פון דעם אַלעם, וואָס ס׳קומט דאָ פאָר, אויב דו האָסט אָבער אָנגערופן זיין נאָמען, וועל איך דיר זאָגן, אַז ער איז

אַ שטרענגער, אָפּגעהיטענער יאַנסעניסט. ער איז אַ ווייטער קרוב פון דיאַקאָן פּאַריס.

זיין עלטער-פעטער פון דער מאמעס צד איז געווען נישט קיין אַנדערער, ווי ה׳ קאַרע דע מאָנזשעראָן. וועלכער האָט פאַרטיידיקט אין פּאַרלאַמענט די עפּילעפּטיקער פון סען-מעדאַר-קלויסטער. וויסן זאָלסטו, אַז די יאַנסעניסטן זענען נאָר שטרענג ביי זיך אין אַלקער; זיי האָבן אָבער ליב אַ שטיף צו טון דאָרט, ווו עס האַנדלט זיך וועגן דיפּלאָמאַטיש-קאַנאַנישע ענינים. דאס איז אַ פּועל יוצא פון זייער פולשטענדיקער ריינקייט. חוץ דעם לייענען זיי די ביבל. דער אַלטער טעסטאַמענט איז פול מיט אַ סך אַזעלכע געשיכטעס, ווי דיינע, מיין טייערער לע-פּאַרדאַ.

לעפּאַרדאַ האָט נישט געהערט. ער איז געווען באַהערשט פון אַ נאַיווער פרייד. ער האָט זיך געפרעגט: „וואָס וועט זאָגן דערויף דער טאַטע? וואָס וועט זאָגן די מאַמע?‟ און געטראַכט וועגן זיינע עלטערן, נישט איבריק פאַרמעגלעכע אָבער גאָוהדיקע קרעמערס אין אַזשאַן.

ער האָט פאַרגלייכט זיין גליק מיטן רום פון מיראַבאָ, זיין באַליבטן העלד. נאָך אין דער שולע האָט ער געחלומט צו מאַכן אַ קאַריערע מיט דער הילף פון פרויען און פון זיין עלאָקווענץ.

לאַבאַרט האָט אים אָבער געצוווּנגען אויסצוהערן אויפ-מערקזאַם זיינע ווייטערע רייד.

— דו מוזט וויסן, מיין הער געהילפס-פּראָקוראָר, אַז מ׳קאָן דיך באַזייטיקן פון דיין פּאָסטן, אויב דו וועסט אין משך פון אַ געוויסער צייט נישט געפינען חן אין די אויגן פון מאַדאַם פעליסאָן, זאָג איך דיר גאַנץ אָפן, אַז דו האָסט פאַרשפּילט דיין קאַריערע.

— אָבער, וויפיל צייט גיט איר מיר, כדי אַנטגילטיק געפעלן צו ווערן דער מאַדאַם פעליסאָן?

— ביז צו די פעריען, — האָט ערנסט געענטפערט דער סעקרעטאַר פון מיניסטער. — חוץ דעם וועלן מיר דיר מאַכן

פאַרשידענע פאַרקייכטערונגען, מיר וועלן דיר אָנפאַרטרויען פאַרשידענע געהיימע מיסיעס און ד. גל. אלץ, חוץ געלט. מיר ווענען קודם כל אין אָרנטלעכע רעגירונג. מ׳גלויבט נישט אין דעם. מ׳וועט זיך אָבער שפּעטער דערוויסן, אַז מיר זענען נישט געווען קיין שווינדלערס. דעלאַרבר למשל האָט ריינע הענט.

געהיימע דיספּאָזיציאָנס-פאָנדן זענען איבריקנס פאַראַן בלויז אין רשות פון אינערן-מיניסטעריום. כדי צו פאַרפירן מאַדאַם פעליסאָן מוזטו נאָר רעכענען אויף דיינע צוויי טויזנט פיר הונדערט פראַנק און דיין העלדישע מינע.

— צי איז זי כאָטש אַ שיינע, די מאַדאַם פעליסאָן ? — האָט לעפּאַרדאַ געפרעגט.

ער האָט געשטעלט די דאָזיקע פראַגע דרך-אגב, נישט שענקענדיק איר קיין צו גרויסע אויפמערקזאַמקייט, רויק, ווי אַ יונגער מענטש, וואָס אין זיינע אויגן זענען אַלע פרויען שיין. אָנשטאָט אַן ענטפער האָט לאַבאַרט אַ וואָרף געטון אויפן טיש די פאָטאָגראַפיע פון אַ מאָגערער פרוי אין אַ קיילעכדיקן הוט, מיט אַ טאָפּעלער קאָקאַרדע, וואָס איז אַראָפּגעפאַלן אויף איר ברוינעם האַלז.

— אָט האָסטו דעם פאָרטרעט פון מאדאם פעליסאָן. דאָס מיניסטעריום האָט זי ארויסגעפאָדערט אין דער פאָליציי-פּרעפעקטור, וואָס האָט זי איבערגעשיקט אהער מיט איר חתימה, ווי דו קאָנסט עס זעען.

לעפּאַרדאַ האָט זי האַסטיק אַ כאַפּ געטון מיט זיינע גראָבע פינגער :

— זי איז שיין, — האָט ער זיך אָנגערופן.

— האָסט עפּעס אַ פּלאַן ? — האָט געפרעגט לאַבאַרט. — אָדער אַ סיסטעם פון ראַציאָנעלער פאַרפירונג ?

— ניין, — האָט לעפּאַרדאַ אויפריכטיק געענטפערט.

לאַבאַרט, וועלכער איז געווען אַן אינטעליגענטואַליסט, האָט באַמערקט, אַז מ׳וואָלט באַדאַרפט פונדעסטוועגן עפּעס פאַראויסזען, קאָמבינירן, כדי נישט צו ווערן איבעראַשט דורך אַן אומגעריכטן צופאַל.

— זיכער איז, — האט ער צוגעגעבן, — אז דו וועסט איינגעלאדן ווערן אויף די בעלער פון דער פרעפעקטור און וועסט טאנצן מיט מאדאם פעליסאן. קאנסט טאנצן? ווייז מיר, ווי דו טאנצסט?

לעפארדא האט זיך אויפגעהויבן און האלטנדיק די שטול אין די ארעמס, אנגעהויבן צו טאנצן א וואלס, מיט דער מינע פון א גאלאנטן בער.

לאבארט האט אים ערנסט באטראכט דורך די בינאקלען.

— דו ביסט א שווערער, אן אומגעשיקטער, דיר פעלט יענע עלעגאנטע באכלעסיקייט, וואס...

— מיראבא האט אויך שלעכט געטאנצט, — האט גע־ענטפערט לעפארדא.

— איבריקנס, האט זיך אנגערופן לאבארט, — ס'קאן זיין דערפאר, וואס די שטול וועקט נישט אין דיר קיין עמא־ציעס.

בעת זיי האבן זיך געפונען אויפן פייכטן טראטואר פונם שמאלן קאנטרקארפ־געסל, האבן זיי באגעגנט גאסנמיידלעך, וואס האבן זיך ארומגעדרייט לעבן דער וויין־שענק אויף דער דא־פין־גאס.

איינע פון זיי, א דיקע און א שווערע, אין א שווארץ טרויער־קלייד. איז א מרדה־שחורה־דיקע און מידע פארביי־געגאנגען לעבן א לאמטערן. לעפארדא האט זי פלוצלינג ארומ־געכאפט פאר דער טאליע, אויפגעהויבן זי אין דער לופטן, און איידער זי האט באוויזן זיך אומצוקוקן, האט ער אין גאס אנגעהויבן צו טאנצן מיט איר א וואלס.

אז זי איז געקומען צו זיך, האט דאס מיידל באַ־ווארפן איר טענצער מיט די שמוציקסטע זלזולים; ער אבער, גלייכגילטיק צו אירע קללות, האט זיך אן אויפהער געדרייט מיט איר אין טאנץ. ער האט אונטערגעברומט פאר זיך א ניגון מיט זיין באריטאן־שטים, א ווארעמע און א זאפטיקע, ווי מילי־טערישע מוזיק, און זיך אוועקגעלאזט מיט איר אין אזא משוגענעם טאנץ, אז ער האט זיך און זיין טענצערין בא־

שפריצט מיט בלאָטע און וואַסער; בעת זיי האָבן אַחוץ געטאַנצט האָבן זיי אַלע ווײַלע זיך אָנגעשטויסן אין די דורכפאָרנדיקע דראָשקעס און געשפּירט אויפן פּנים דעם אָטעם פון די פערד. נאָכדעם, ווי זיי האָבן געענדיקט טאַנצן, האָט זי שוין אָן כעס דער קאָפּ אַראָפּגעזונקען אויף דער ברוסט פון טענצער, און שטיל אַרײַנגעשעפּטשעט אים אין אויער אַרײַן:

— דו ביסט פאָרט אַ שיינער בחור, דו מיינער. זיי מוזן זײַן גליקלעך, דײַנע מיידלעך פון בוליע, העם?

— געגוג אויף היינט, מיין פרייגד, — האָט אויסגערופן לאַבאַרט. — קאָנסט נאָך אַרײַנפאַלן אין ג'רעסט. קום, דו ביסט עס דער, וואָס וועט נעמען נקמה פאַרן באַעוולהטן גערעכטס־וועזן!

* *

*

1

אין פיר חדשים אַרום, אין אַ ליכטיקן, זוניקן סעפּטעמבער־טאָג, איז דער יוסטיץ־מיניסטער צוזאַמען מיט זײַן סעקרעטאַר דורכגעגאַנגען פאַרביי די אַרקאַדן פון דער רו ריוואָלי. מיטאַמאָל האָט ער באַמערקט ה׳ לעפאַרדאַן, דעם געהילפס־פּראָקוראָר, אינם מאָמענט, בעת ער איז גיך אַרײַן אין לוווער־פּאַלאַץ.

— לאַבאַרט, — האָט געפרעגט דער מיניסטער, — צי האָט איר געוווּסט, אַז אײַער פּראָטעזשירטער איז אין פּאַריז? צי פאַרהאַלט אים גאָרנישט אין נאַנט? זינט אַ געוויסער צייט, דוכט זיך מיר, האָט איר מיר אויפגעהערט אָפּצוגעבן די פּאַר־פּרווילעכע באַריכטן בנוגע זײַן פּערזאָן. זײַנע ערשטע טריט האָבן מיך אינטערעסירט, איך ווייס נאָך אָבער נישט, צי ער

אנטשפּרעכט באמת דער גינסטיקער מיינונג װאָס איר האָט װעגן אים.

לאבארט האָט אָנגעהויבן צו פארטיידיקן דעם געהילפס־פּראקוראר; ער האָט אויפמערקזאם געמאכט דעם מיניסטער, אז לעפארדא איז איצט אויף אורלויב; אז אין גאָר א קורצער צייט איז אים געלונגען צו געווינען דעם צוטרוי פון זיין העכערער מאכט און אז גלייכצייטיק האָט ער שטארק נושא חן געווען אין די אויגן פון פּרעפעקט.

— ה׳ פעליסאָן, — האָט ער צוגעגעבן, — קאָן זיך פּשוט נישט באגיין אָן אים. דער דאָזיקע לעפּאֶרדאַ אָרגאַניזירט דאָך אַלע קאָנצערטן פון דער פּרעפעקטור.

דער מיניסטער און זיין סעקרעטאַר זענען זיך ווייטער געגאַנגען זייער וועג, צו דער גאַס דע־לאַ־פע, לענגאויס די אַרקאַדן און זיי פלעגן זיך נאָר אָפּשטעלן פון צייט צו צייט פאר די שויפענצטער פון די פאָטאָגראַפישע אַנשטאַלטן.

— מ׳שטעלט היינט אויס אַזוי פיל נאַקעטקייט, — האָט זיך אָנגערופן דער מיניסטער. — מ׳וואָלט באַדאַרפט עטוואָס האלטן אין דער צוים די פרייהייט פון אויסשטעלן. אויפן דאָזיקן סמך גיבן די אויסלענדער ארויס אן אורטייל וועגן אונז, און אזעלכע ספּעקטאקל־ען זענען על־פי־רוב צו ברענגען גרויס שאָדן דער רעפּוטאַציע פון א גזער לאנד און פון דער רעגירונג.

בעת זיי זענען צוגעקומען צום עק פון דער גאַס ד׳עשעל האָט לאבארט מיטאמאל אויפמערקזאם געמאכט דעם מיניסטער אויף א פרוי אין א וואַל, וואָס איז מיט האסטיקע טריט געגאנגען אנטקעגן זיי. דעלארבר האָט זי א ווײַלע באטראכט און איינגעפונען אז זי איז א נידריקע און איז אנגעטון צו פּראָסט און ווייניק עלעגאנט.

— זי טראגט מיאוסע שיך, — האט ער געזאגט: — דאס איז מסתמא א פרוי פון דער פּראָווינץ.

בעת זי איז פארביי, האט לאבארט זיך אנגערופן:

— אייער עקסעלענץ האט נישט קיין טעות. דאס איז מאדאם פעליסאָן.

ווי דער מיניסטער האָט נאָר דערהערט דעם דאָזיקן נאָמען, האָט ער אַ פּאַראינטערעסירטער, זיך גיך אומגעקערט. ער האָט אָבער נישט געוואָגט זי צו פאַרפאָלגן. מ'האָט אָבער געזען אין זיינע גלאַנצנדיקע אויגן, אַז ער איז שטאַרק פאַראינטערעסירט.

לאָבאַרט האָט אים צוגעגעבן קוראַזש.

— כ'גיי אין אַ געוועט, עקסעלענץ, אַז זי גייט דאָ נישט ווייט.

זיי האָבן צוגעאיילט זייערע טריט און געזען, ווי מאַדאַם פּעליסאָן גייט פאַרביי די אַרקאַדן, דערנאָך איז זי דורך דעם פּלאַץ פון פּאַלע-רויאַל, אין וואַרפנדיק אויף רעכטס און אויף לינקס אומרויקע בליקן, איז זי שנעל פאַרשוווּנדן אין לוווער-פּאַלאַץ.

דער מיניסטער האָט אָנגעהויבן צו לאַכן פון גאַנצן האַרצן. זיינע קליינע בלייערנע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן, און דורך די ציין האָט ער אַרויסגעזאָגט די ווערטער, וועלכע זיין סעקרעטאַר האָט זיך מער אָנגעשטויסן, ווי געהערט:

— ענדלעך האָב איך מיך נוקם געווען פאַר דער עולה פון געריכטסוועזן!

* *

*

דעם זעלבן טאָג האָט דער קייזער ווי געוויינלעך געראַוכערט פּאַפּיראָסן אין דער פּאַלאַץ-ביבליאָטעק, אין זיין רעזידענץ אין פאָנטענבלאָ. ער איז געשטאַנען אומבאַוועגלעך מיטן פּנים פון אַ מעלאַנכאָלישן ים-פויגל, אָנגעשפּאַרט אין דער שאַנק, ווי

ס'איז געלעגן באַהאַלטן דער קאַסטן פון מאָנאַלדעשי. מיט אים צוזאַמען זענען געווען זיינע ביידע נאָנטע פריינד, וויאָלע-לע-דיוק און מערימע.

דער קייזער האָט געפרעגט:

— הער מערימע, פאַרוואס האָט איר אַזוי ליב די ווערק פון בראַנטאָם?

— סיר, — האָט מערימע געענטפערט, — איך געפין אין זיי די פראַנצויזישע ראַסע מיט אַלע אירע מעלות און חסרונות. זי איז דעמאָלט די ערגסטע, בעת זי האָט נישט קיין פירער, וואָס זאָל איר ווייזן אַ נאָבעלן ציל.

— צי געפינט מען דאָס באַמת אין די ווערק פון בראַנטאָם?

— מ'זעט דאָרט אויך, — האָט מערימע געענטפערט — וואָס פאַראַ שטאַרקן איינפלוס די פרויען האָבן געהאַט אויף די מלוכה-ענינים.

אין דער רגע איז מאַדאַם ראַמעל אַריינגעקומען און זאָל אַריין. נאַפּאָלעאָן האָט געהאַט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, מ'זאָל זי אַריינלאָזן צו אים, ווען זי וועט נאָר וועלן. דערזעענדיק זיין מילך-שוועסטער, האָט ער זיך אַזוי דערפרייט, אַז זיין פינצטערער און טרויעריק געזיכט האָט ממש אויפגעלויכטן.

— מיין טייערע פרוי ראַמעל, — האָט ער געפרעגט, — ווי גייט עס אייער קוזין אין נאַנט? איז ער צופרידן?

— אָבער, סיר, — האָט געענטפערט מאַדאַם ראַמעל, — ער איז דאָרט גאָרנישט אַרויסגעשיקט געוואָרן. אויף זיין אָרט איז אַן אַנדערער גאָר נאָמינירט געוואָרן.

— דאָס איז חידושלעך, — האָט דער הערשער אַ פּאַראַכטער געשעפּטשעט.

ער האָט אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף די פּלייצעס פון אַקאַדעמיקער:

— מיין טייערער מערימע, מענטשן גלויבן, אז איך האב אין מיין האנט דעם גורל פון פראנקרייך, אייראפע און פון דער גאנצער וועלט. און איך בין אפילו נישט בכוח צו נאמינירן א געהילפס-פראקוראר פון דער זעקסטער קאטע-גאריע, מיט א געהאלט פון צוויי טויזנט פיר הונדערט פראנק פרלעך.

## XV

נאכן ענדיקן דאס לייענען, האט ה׳ בערזשערע איינגע־
וויקלט זיין כתב־יד און אים אריינגעלייגט אין קעשענע אריין.
ה׳ מאזור, פאיא און דע טערמאנדר האבן דריי מאל שווייגנדיק
אראפגעבויגן די קעפ.

דערנאך האָט דער לעצטער ארויפגעלייגט זיין האנט
אויף ה׳ בערזשערעס ארבל.

— דאס, וואס איר האט אונז נאר וואס איבערגעלייענט,
מיין טייערער, — האט ער געזאגט צו אים, — איז באמת...

ביי די רייד איז לעאן אריינגעפאלן אין געוועלב
און אויסגערופן מיט א געררירטער און ערנסטער שטים:

— מ׳האט געפונען מאדאם אוסיע, א דערשטיקטע אין
איר בעט.

— וואס איך הער! — האט אויסגערופן ה׳ דע טער־
מאנדר.

— לויטן צושטאנד פון קערפער, — האָט לעאָן צוגע־
געבן, — איז מען זיך משער, אז זי איז דערמאָרדעט געוואָרן
מיט דריי טעג צוריק.

— אויף אזא אופן, — האָט זיך אָנגערופן ה׳ מאַזור,
דער אַרכיוואַר, — קומט אויס, אַז דער מאָרד איז אויסגעפירט
געוואָרן שבת.

פאיאָ דער בוכהענדלער, וואָס איז די גאַנצע צייט גע־

זעסן מיט אַן אָפן מויל און געשוויגן, רעספּעקטירנדיק דעם טויט־ האָט זיך אויסגעוויזן עפּעס צו דערמאָנען:

— שבת, פינף אַזייגער נאָכמיטאָג האָב איך גאַנץ גענוי געהערט דערשטיקטע הילפסרופן און אַ טעמפּן גערויש פון אַ פאַלנדיקן קערפּער. כ׳האָב אפילו געזאָגט צו די דאָזיקע הערן— ער האָט געוויזן אויף ה׳ דע טערמאַנדר און ה׳ בערזשערע, — אַז אין הויז פון דער קיניגין מאַרגעריט איז געשען עפּעס אייסערגעוויינלעכעס.

קיינער האָט נישט באַשטעטיקט די רייד פון בוכהענדלער, וועלכער האָט זיך איינגערעדט, אַז אַ דאַנק דער עמפּפינדלעכ־ קייט פון זיינע חושים און דער חריפות פון זיין שכל, האָט ער געהאַט אַ חשד נאָך אינעם מאָמענט, בעת דער מאָרד איז געשען.

פאַיאָ האָט אַ ווײַלע געשוויגן פול מיט רעספּעקט און צוגעגעבן:

— אין דער נאַכט פון שבת אויף זונטיק, האָב איך געזאָגט צו מאַדאַם פאַיאָ: „מ׳הערט שוין גאָרנישט אין הויז פון דער קיניגין.“

ה׳ מאַזור האָט געפרעגט, וויפיל יאָר די דערמאָרדעטע איז אַלט געווען. פאַיאָ האָט אים געענטפערט, אַז מאַדאַם אוסיע איז אַלט געווען לערך אַכציק יאָר און איז פופציק יאָר געווען אַן אַלמנה; זי האָט פאַרמאָגט אַ סך גיטער, ווערט־ פאַפירן און אַ גרויסע סומע געלט. זי איז אָבער געווען אַ קאַרגע און נישט געהאַלטן קיין דינסטמיידל, זי פלעגט קאָכן עסן ביי זיך. אין צימער און געלעבט איינע אַליין צווישן צעבראָכענע מעבל און כלים, וואָס זענען זיבט פינף און צוואַנציק יאָר גע־ ווען באַדעקט מיט אַ געדיכטן שטויב.

ס׳איז שוין בלי ספק אַ יאָר פינף און צוואַנציק, זינט מ׳האָט נישט אויסגעקערט די צימערן אין הויז פון דער קיניגין מאַר־ געריט. מאַדאַם אוסיע פלעגט זעלטן אַרויסגיין פון שטוב, זי פלעגט אַנגרייטן לעבנסמיטל אויף אַ גאַנצע וואָך און קיינעם

בישט אויפנעמען, הוץ דעם קצב־יונג און א צוויי דריי יונגלעך, וואָס פלעגן איר באזארגן פארשידענע ענינים.

— מ׳איז זיך אלזא משער, או דער מאָרד איז געשעען שבת נאָכמיטאָג? — האָט איבערגעפרעגט ה׳ דע טערמאָנדר.

— דאס באשטעטיקט אויך דער צושטאנד פון מת. — האָט געענטפערט לעאָן. — מ׳זאָגט, אַז ער זעט שרעקלעך אויס.

— שבת נאָכמיטאָג, — האָט ה׳ דע טערמאָנדר ווייטער גערעדט, — זענען מיר דאָ געווען, אָפּגעטיילט אינגאנצן מיט א וואנט פון דער שוידערלעכער סצענע און מיר האָבן גע־שמועסט וועגן גלייכגילטיקע ענינים.

א לאנגע ווײַלע האָט געהערשט א שטילשווייגעניש. דער־נאָך האט מען געפרעגט, צי מ׳האט געכאפט דעם מערדער, צי עמיצער האט אים געקענט. לעאָן האט אבער נישט געקאָנט געבן דערויף קיין ענטפער.

א געדיכטע, טרויעריקע טונקלקייט האט זיך וואס אמאל מער גענומען שפרייטן איבערן מאגאזין. זי האט זיך גענומען פונם המון נייגיריקע, וואס האבן זיך פארזאמלט אויפן פלאַץ פארן הויז ווו ס׳איז געשעען דער מארד.

מ׳וואַרט מסתמא אויפן פּאָליציי־קאָמיסאַר און דעם אויס־פאָרשונגס־ריכטער, — האָט זיך אָנגערופן דער אַרכיוואַר, ה׳ מאַזור.

פּאַיאָ, וועלכער איז געווען זייער אַ פּאָרזיכטיקער מענטש, האָט מורא געהאַט, אז דער פארזאמלטער המון זאל אים נישט צעברעכן אמאל די פענצטער־שויבן, ער האט דעריבער געהייסן לעאָנען פאַרשפאַרן די לאָדנס.

— לאז אָפּן, — האט ער זיך געווענדעט צו אים, — בלויז דאס פענצטער, וואס גייט ארויס אויף דער גאַס דע טענטעלערי.

די דאזיקע פארזיכטיקייט האט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ געוויסער מאָראלישער סובטילקייט. די הערן פונם „ווינקעלע" האבן געלויבט פּאַיאָס האנדלונג. מחמת דעם אבער, וואס די גאס דע טענטעלערי איז געווען זייער א שמאלע, און די שויבן

זענען געווען אויסגעקלעפּט מיט אַפישן און צייכנונגען, איז די בוכהאַנדלונג געווען כמעט אינגאַנצן פאַרזונקען אין אַ פינצטערניש.

דער ליאַרם און געפּילדער פון דרויסן, ביז איצט אַ שוואַכער, האָט דערגרייכט אַהער אינגאַנצן ווינקעלע, אַ טויבער, אַן ערנסטער, אַ שרעקלעכער, און אויסגעדריקט די איינשטימיקייט פון די מאָראַלישע געפילן.

ה׳ דע טערמאָנדר איז געווען שטאַרק גערירט און ווידער אויפגענומען זיין געדאַנק, וואָס האָט אים נישט צורו געלאָזט:

— עס איז באמת אַ חידוש, — האָט ער געזאָגט; — אַזוי נאָענט פון אונז איז געשען אַ מאָרד, און מיר האָבן געשמועסט וועגן גלייכגילטיקע ענינים.

ה׳ בע־זשערע האָט איבערגעבויגן דעם קאָפּ אין אַ זייט, זיך פאַרקוקט אין דער ווייטן און געזאָגט:

— מיין טייערער, לויט מיין מיינונג דאַרף מען זיך גאָרנישט אַזוי חידושן. בעת אַ מאָרד ווערט אויסגעפירט, איז נאָך נישט קיין ראיה, אַז איינעם ראַיאָן פון אייניקע קילאָמעטער אָדער אפילו אַ פּאָר טריט פונעם אָרט, וווּ ס׳איז פאָרגעקומען דער מאָרד, זאָלן די געשפּרעכן פון זיך אַליין אָנטשוויגן ווערן. אַ האַנדלונג, וואָס ווערט אינספּירירט דורך אַ פאַרברעכערישן געדאַנק, איז גורם גאַנץ נאַטירלעכע רעזולטאַטן.

ה׳ דע טערמאָנדר האָט גאָרנישט געענטפערט און די איבעריקע צוהערער האָבן זיך אָפּגעקערט פון ה׳ בערזשערע מיט אַ געפיל פון אומרו און פאַראורטיילונג.

דער פּראָפעסאָר פון ליטעראַטור אויפן הומאַניסטישן פאַקולטעט האָט נישט געקוקט דערויף ווייטער גערעדט:

— און פאַרוואָס זאָל אַזאַ נאַטירלעכע און פּשוטע האַנדלונג, ווי אַ מאָרד, אַרויסרופן אויסערגעוויינלעכע און חידושלעכע פאָלגן? דערמאָרדן איז אַ גאַנץ נאַטירלעכע דערשיינונג ביי חיות, מכל־שכן ביי מענטשן. אַ לאַנגע צייט האָט מען אין די מענטשלעכע געזעלשאַפטן געקוקט אויפן מאָרד, ווי אויף אַ

שטארקע טאג, און ביזן היינטיקן טאג עקזיסטירן נאך אין אונזערע מנהגים און אינסטיטוציעס, שפורן פון דער דאזיקער פארצייטיקער אנשויונג.

— וואס פארא שפורן? — האט געפרעגט ה׳ דע טערמאנדר.

— מיר געפינען זיי, — האט געענטפערט ה׳ בערזשערע, — אינם כבוד, וואס מען גיט אפ צו מיליטערלייט.

— דאס איז נישט דאס זעלבע, — האט געזאגט ה׳ דע טערמאנדר.

— הונגער אדער ליבע — האט ווייטער גערעדט ה׳ בערזשערע, — זיינען באטירלעך דער אימפולס פון אלע מענטשלעכע טאטן. דער הונגער האט אויסגעלערנט די בארבארן די מלאכה פון מארדן, ער האט זיי געשטויסן צו מלחמות, צו אינוואזיעס. די ציוויליזירטע פעלקער זיינען ווי יאגד-הינט. א פארקריפלטער אינסטינקט טרייבט זיי צו פארניכטן אן שום סיבה און נוצן.

די אומזיניקייט פון די מהדערנע מלחמות ווערט היינט אנגערופן: דער אינטערעס פון די דינאסטיעס און נאציאנאליטעטן, די גלייכגעוויכט פון איראפע, דער כבוד. דער לעצטער מאטיוו איז פון אלע דער משונהדיקסטער, ווארים ס׳איז נישט פאראן קיין איין פאלק אויף דער וועלט, וואס זיין געוויסן זאל נישט זיין באפלעקט מיט די גרעסטע פארברעכנס און נישט האבן אויסגעשטאנען די גרעסטע בזיונות.

ס׳איז נישט פאראן קיין איין פאלק, וואס זאל נישט האבן אויסגעשטאנען אלע דערנידריקונגען, וואס קענען נאר אויספאלן אויפן גורל פון אן עלנטער מענטשלעכער געזעלשאפט. אויב צווישן די פעלקער עקזיסטירט נאך ביים היינטיקן טאג דאס געפיל פון ערע, איז מיר א גרויס יוונדער וואס עס ווערט אונטערגעהאלטן מיט דער הילף פון אזא מיטל ווי מלחמות, דאס הייסט אזעלכע פארברעכנס, וואס דערנידריקן די מענטשלעכע ערע, ווי: אונטערצינדונגען, גזלות, פארגוואלטיקונג און מארדן.

האָט שייך די האַנדלונגען, וואָס זענען אַ פּועל יוצא פֿון דער ליבע, זענען זיי אין דער זעלבער מאָס אַכזריותדיקע, מוראדיקע און שוידערלעכע, ווי די האַנדלונגען, וואָס זייער מאָטיוו איז הונגער; עס איז דעריבער קלאָר, אַז דער מענטש איז אַ חיה, וואָס טוט שלעכטס. מ'וואָלט נאָך באַדאַרפֿט אויסגעפֿינען, פֿון וואַנען ווייס איך וועגן דעם, און פֿאַרוואָס דאָס מוזיקע נעמט מיך דורך מיט צער און אויפֿרעגונג. ווען עס וואָלט עקזיסטירט בלויז דאָס שלעכטס, וואָלט מען עס ניט אָנגעזען, פּונקט, ווי די נאַכט וואָלט ניט געהאַט קיין נאָמען, ווען עס וואָלט ניט געווען קיין טאָג.

דערווייל האָט ה' טערמאַנדר זיך געמאַכט פֿאָרווערפֿן צו־ליב דעם, וואָס ער האָט געפֿירט אַזאַ לײַכטזיניקן און פֿרייען געשפּרעך אין דער זעלבער צײַט, בעת עטלעכע טריט פֿון אים איז פֿאָרגעקומען אַ שרעקלעכער מאָרד. ער האָט אָבער גלײַכצײַטיק געהאַלטן, אַז דערמיט אַליין האָט ער שוין אָפּגעצאָלט זײַן חוב לגבי דער רעליגיע און דער מענטשלעכער ווירדע.

ער האָט אָנגעהויבן צו קוקן אויפֿן טראַגישן סוף פֿון דער אַלמנה אויבע, ווי אויף אַ פֿאַקט, וועלכן מ'דאַרף אויפֿנעמען מיט אַ לײַכט געמיט און אַרויסציִען פֿון אים די געהעריקע קאָנסעקווענצן. ער האָט געטראַכט אין האַרצן, אַז איצט איז שוין ניטאָ פֿאַראַן קיין שום זאַך אויף דער וועלט, וואָס זאָל אים שטערן צו קויפֿן דאָס הויז פֿון דער קיניגין מאַרגערעט, ווו ער וואָלט אײַנגעשטעלט זײַנע מעבל-קאָלעקציעס, די פּאַיאַנסן און טײַערע דיוואַנען און אויף אַזאַ אופֿן אײַנגעאָרדנט דאָרט אַ שטאָטישן מוזיי.

ער האָט גערעכנט דערויף, אַז פֿאַר זײַנע באַמיִונגען און זײַן מתנה, וועלכע ער וועט אונטערטראָגן דער שטאָט, וועט ער שטאַרק געלויבט ווערן פֿון זײַנע מיטבירגער. ווי אויך באַקומען דעם קרייץ פֿון דער ערן-לעגיאָן און אפֿשר אויך דעם טיטל: קאָרעספּאָנדענט פֿון פֿראַנצויזישן אינסטיטוט.

ער האָט געהאַט אין דער אַקאַדעמיע צוויי, דרײַ גוטע פֿרײַנד, אַלע בחורים ווי ער, מיט וועלכע ער פֿלעגט פֿון צײַט

צו צייט עסן מיטאָג אין אַ פּאַריזער רעסטאָראַן, און פאַרצייכן זיי געפעפערטע וויצן. חוץ דעם איז אין דעם ראָמאַן נישט געווען קיין איין קאָרעספּאָנדענט פון אינסטיטוט.

ער איז באַלד געפאַלן אויפן געדאַנק אָנצובאָטן אַ ביליקערן פּרייז פאַרן הויז.

— דאָס הויז פון דער קיניגין מאַרגעריט, — האָט ער געזאָגט. — האַלט זיך אויף הינערשע פיסלעך. די סופּיט-באַלקנס קרישלען זיך אָן אויפהער און די ווענט האַלטן ביים איינפאַלן. מ'וואָלט באַדאַרפט אַריינלייגן אַ סך געלט, כדי צו ברענגען דאָס הויז צו זיין פריערדיקן מצב.

— דאָס בעסטע וואָלט געווען, — האָט זיך אָנגערופן דער אַרכיוואַר מאַזור, — אַז מ'זאָל דאָס הויז איבערגעבן פונאַנדערוואַרפן און דעם פּלאַץ איבערטראָגן אין מוזיי-הויף. ס'וואָלט באמת געווען אַ שאָד צו לאָזן דעם הערב פון פיליפּ טריקויאַר אויפן באַראַט פון די מוליערס.

פון דער גאַס האָט מען דערהערט דער ליאַרם און געפילדער פון פאַרזאַמלטן המון. דאָס האָט די פּאָליציי פונאַנדערגעטריבן דעם המון, כדי צו מאַכן אַ וועג פאַרן אויספאָרשונגס-ריכטער, וואָס האָט זיך דערנענטערט צום הויז, וווּ ס'איז געשען דער מאָרד.

פּאַיאָ האָט אַרויסגעשטעקט די נאָז דורך דער האַלב-געעפנטער טיר:

— אָט גייען, — האָט ער געזאָגט. — ה' ראָקענקור, דער אויספאָרשונגס-ריכטער און זיין שרייבער, ה' סירקו. די זיינען גאָר וואָס אַריין אין הויז.

די אַקאַדעמיקער פון „ווינקעלע" האָבן זיך איינער נאָכן אַנדערן אַרויסגערוקט נאָכן בוכהענדלער, אויפן טראָטואַר פון דער גאַס דע טענטעליערי, פון וואַנען זיי האָבן געקאָנט אָבסערווירן דעם המון, וואָס האָט זיך פאַרזאַמלט אויפן פּלאַץ פון הייליקן עקזופּער.

פּאַיאָ האָט דערקענט אינם המון דעם פּרעזעס קאַסיניאַל. דער אַלטיטשקער האָט געמאַכט זיין געוויינלעכן שפּאַציר. דער

ריזעווודיקער המון, וואס האט אים פארשטעלט דעם וועג, האט געשטערט זיין שפאציר. ער איז אבער פונדעסטוועגן געגאַנגען נאך אלץ גלייך און זיכער, און הויך געטראגן זיין דאַרן, גראָען קאָפּ.

ווי נאר פּאיאַ האָט אים באמערקט, איז ער צו אים צוגעלאפן, און אראָפּנעמענדיק זיין סאמעטן היטעלע, האט ער אים גענומען פארן ארעם און געבעטן זיך אפצורוען אביסל ביי אים אין מאגאזין.

— וואס פארא אומפארזיכטיקייט פון אייער זייט, ה׳ קאַסיניאַל צו שטופּן זיך צווישן אזוי פיל מענטשן! מ׳וואלט געקענט מיינען, אַז אין גאס קומען פאר עקסצעסן.

ביים ווארט „עקסצעסן” איז דעם אלטן געקומען אויפן געדאנק די וויזיע פון די רעוואלוציאנערע יארן, וועלכע ער האט פערזענלעך דורכגעמאכט. ער איז אלט געווען זעקס און אכציק יאר און איז שוין געווען גאַנצע פינף און צוואנציק יאר אויף דער עמעריטור.

ער האט זיך אנגעשפארט אין ארעם פון ה׳ פּאיאַ, ער איז אריבער דעם שוועל פון מאגאזין און זיך אוועקגעזעצט אויף אַ געפלאכטענער שטול, ארומגערינגלט פון די רעספעקטפולע אַקאַדעמיקער. זיין שטעקן מיטן זילבערנעם הענטל האָט געציטערט אין זיין האנט. זיין רוקנביין איז געווען א סך שטייפער, ווי דער אָנלען פון שטול.

ער האט ארויסגענומען זיינע האָרן-ברילן, אויסגעווישט די גלעזלעך און אַ לאנגע צייט זיי נישט געקאָנט אָנטאָן. ער האָט קוים געדענקט די פנימער פון די מענטשן און הגם ער איז שוין געווען אביסל טויבלעך, פלעגט ער זיי אָבער דערקענען לויטן קול.

ער האט געפרעגט, וואס איז די סיבה פונם צוזאמענלויף אויפן פּלאַץ, ער האט אבער קוים אויסגעהערט דעם ענטפער פון ה׳ דע טערמאָנדר. זיין געזונטער, פארטרוקנטער מוח, ווי ער וואלט געווען קאָנסערווירט אין מירהא, איז שוין נישט בכח געווען מער אויפצונעמען קיין נייע איינדריקן, דערפאַר זענען

די אַלטע געפילן און געדאַנקען נאָך טיף געווען איינגעקריצט אין אים.

די ה׳ ה׳ דע טערמאנדר, מאָזור און בערזשערע האָבן אים ארומגערינגלט שטייענדיקערהייט. זיי האָבן נישט געקענט זיין לעבנס־געשיכטע, וואס האט זיך פארלוירן ערגעץ אין דער פארגעסענער פארגאנגענהייט. זיי האבן בלויז געוווּסט, אַז ער איז געווען א תלמיד, א פריינד און א חבר פון לאַקאָרדער און דע מאָנטאַלאַמבער, באקעמפט די איבעריע אין די גענוי באשטימטע גרענעצן פון זיינע רעכט און פונקציעס, אז ער האט זיינערצייט געהאַט אסך אויסצושטיין פון די זלזולים פון לואי וועיאָ, און יעדן זונטיק פלעגט ער גיין אין דער קירך, מיט א דיקן סידור אין האנט.

מ׳האט אים געזען, ווי ער פלעגט גיין איבער דער שטאָט ארומגערינגלט מיטן אוירעאָל פון ערלעכקייט און רום, אז ער האָט אין משך פון זיין גאנצן לעבן געקעמפט פאר דער פרייהייט.

קיינער האָט אָבער נישט געוווּסט, אין וואָס עס איז באַשטאַנען זיין ליבעראַליזם, ווארים קיינער האָט נישט געלייענט דעם זאַץ פון דער בראָשור, וואָס איז אין יאר 1852 ארויסגעגעבן געוואָרן דורך ה׳ קאַסיניאַל וועגן די ענינים פון דער רוימישער קירך: „ס׳איז פאראן נאר איין פרייהייט, דאס איז די, וועלכע גלויבט אין ישו הנוצרי און אין דער מאָראַלישער ווירדיקייט פון מענטשן.” מ׳פלעגט וועגן אים פארציילן, אז נישט געקוקט אויף זיין טיפן עלטער, איז ער דאָך פולשטענדיק געווען ביי די קלאָרע געדאנקען, ער פלעגט קלאסיפיצירן זיין קארעספאנדענץ און האט געארבעט איבער א בוך וועגן די באציונגען צווישן דער קירך און דער מלוכה. ער פלעגט נאָך אויך איצט רעדן א סך און לעבעדיק.

בעתן געשפרעך, וועלכן ער האט שוואך נאכגעפאלגט, האט ער דערהערט דעם נאמען פון ה׳ גאראן. דעם פראקוראר פון דער רעפובליק. דערויף האט ער זיך אנגערופן, נישט אראפלאזנדיק קיין אויג פונם זילבערנעם הענטל פון זיין שטעקן,

וואס איז אייגער אליין נאך פארבליבן און עדות פון די אמא־ליקע צייטן;

— אין יאר 1838 האב איך געקענט אין ליאן א קיניגלעכן פראקוראר, וואס האט געהאט זייער א הויכן באגריף וועגן זיינע פונקציעס. ער האט זיך געהאט אויסגעדריקט, אז דער אטריבוט פון געריכטס־וועזן איז קיינמאל קיין טעות נישט צו האבן און אז דער קיניגלעכער פראקוראר איז פונקט ווי דער קיניג, זיך קיינמאל נישט טועה. ער האט געהייסן ה׳ דע קלאוועל, און ער האט איבערגעלאזט א ריי ווערטפולע ווערק וועגן דער קרימינעלער פראצעדור.

און דער זקן איז אנטשוויגן געווארן, און איינזאמער מיט זיינע געדאנקען צווישן די מענטשן.

פאיא האט ארויסגעקוקט אויף דער גאס.

— ה׳ ראקענקור גייט איצט ארויס פון הויז.

ה׳ קאסיניאל האט טראכטנדיק וועגן אמאליקע צייטן, גע־זאגט:

— מיין דינסט האב איך אנגעהויבן אין קרימינאל־געריכט. מיין שעף איז געווען ה׳ דע קלאוועל, וואס פלעגט כסדר רעדן צו מיר: „נעמט איך גוט אין זינען אריין פאלגנדע מאקסימע: די פארטיידיקונג פון באשולדיקטן איז הייליק, די פארטיידיקונג פון דער געזעלשאפט איז צוויי מאל הייליק, די פארטיידיקונג פון דער יוסטיץ איז דריי מאל הייליק.“

דעמאלט האבן די מעטאפיזישע פרינציפן אויסגעאיבט א פיל גרעסערן איינפלוס אויף די מענטשן, ווי היינט.

— דאס איז אמת, — האט געזאגט ה׳ דע טערמאנדר.

— מ׳פירט ארויס א נאכט־טישל, די וועש און א קליין האנט־וועגעלע, — האט געזאגט ה׳ פאיא. — דאס זענען מסתמא די באשולדיקונגס־באווייזן.

ה׳ דע טערמאנדר האט זיך שוין מער נישט געקענט איינ־האלטן און ארויס־געקוקט, ווי מ׳האט געלאדנט די זאכן אויפן וועגעלע. מיט אמאל האט ער פארצויגן די ברעמען און אויס־געשריגן:

— צו אלדי רוחות!
אויפן פראַגע-בליק פון פּאַיאָ האט ער צוגעגעבן:
— גאָרנישט! גאָרנישט!
מחמת דעם, וואָס ער איז געווען אַ קונסט-קענער, האָט ער צווישן די ארויסגעגעבענע כלים באמערקט א קרוג פון פּאָר־צעליי, און ער האט זיך געגעבן דאָס וואָרט, אז ער וועט נאכן אורטייל איבעררעדן וועגן דעם מיטן שרייבער סירקו, מיט וועמען ער איז געווען אין גוטע באציונגען. ער פלעגט אפט זיך באנוצן מיט א פארטעל כדי צו קאמפּלעטירן זיינע קאָלעקציעס. „יעדער טוט, ווי ער קאָן, — פלעגט ער זיך פאר־ענטפערן פאר זיך אליין, — שלעכטע צייטן.
— אין עלטער פון צוויי און צוואַנציק יאר בין איך באמינירט געווארן אויפן פאסטן פון געהילפס-פּראָקוראָר — האט קאַסיגאָל ווייטער גערעדט. — דעמאָלט האָבן מיינע לאנגע געקרייזלטע האָר, מיינע גלאַטע ראזע באַקן און מיין יוגנטלעכער אויסזען פאַרשאַפן מיר פיל עגמת נפש. כדי צו וועקן רעס־פּעקט האָב איך געמוזט מאכן דעם אָנשטעל פון אַן ערנסטן, שטרענגן באַמטן, איך האָב אויסגעפירט מיינע פונקציעס מיט גרויס התמדה, וואָס איז סוף כל סוף באלוינט געוואָרן. אין עלטער פון דרייסיק יאָר בין איך געוואָרן גענעראַל פּראָקוראָר אין פּ י.
— דאָס איז אַ מאָלערישע שטאָט, — האָט זיך אָנגערופן ה' מאַזור.
— אז איך האב איבערגענומען מיינע פונקציעס, איז איך מיין חלק אויסגעפאלן ארויסצוטרעטן אלס באשולדיקער אין אַ נישט איבריק אינטערעסאנטן פּראָצעס, אויב מ'זאל בלויז נעמען אין אַכט די נאַטור פונם פארברעכן און דעם כאראקטער פון באשולדיקטן; דער פּראָצעס האט אָבער געהאַט אַ וויכטיקע באַ־דייטונג, ווארים עס האָט זיך אין אים געהאנדלט וועגן לעבן פון אַ מענטש.
א רייכן פּערמער האָט מען געפונען אַ דערמאָרדעטן אין בעט. איך לאָז דורך די אומשטענדן פון מאָרד, וואָס זענען ביז

היינטיקן טאָג איינגעקריצט אין מיין זכרון, הגם זיי זענען דיי־ער באַנאַל. ס׳וועט געניג זיין צו זאָגן, אז פונם אנהויב פון דער אויספאָרשונג איז דער חשד געפאַלן אויפן שמייסער, וואס האט געדינט ביים דערמארדעטן.

דער באַשולדיקטער איז אַלט געווען אַ יאָר דרייסיק. מ׳האָט אים גערופן פודראַי, ה׳ אַצינט פודראַי ער איז נעלם געוואָרן אינם טאָג פון מאָרד. מ׳האָט אים געכאַפּט אין אַ רעס־טאָראַן, ווו ער האָט אויסגעגעבן א סך געלט. קעגן אים זענען געווען אַ סך שווערע באַווייזן. מ׳האט געפונען ביי אים א סומע פון זעכציק פראַנק, פון וועלכע ער האט זיך נישט געקאנט אויס־לעגיטימירן; זיינע קליידער זענען געווען פאַרפלעקט מיט בלוט. צוויי עדות האבן געזעען, ווי ער האט זיך געדרייט אַרום דער פערמע אין דער נאַכט פון מארד. אמת איז, אַז איין עדות האט אפילו פאָרגעשטעלט אַן אַליבי, דער עדות איז אבער בא־קאַנט געווען מיט זיין אוממאָראַלישער הנהגה.

די אויספאָרשונג איז זייער גוט דורכגעפירט געוואָרן דורך אַ ריכטער, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט גרויסע פעיקייטן. דער באַשולדיקונגס־אַקט איז פאַרפאַסט געוואָרן מיט גרויס קענ־טעניש. פודראַי האָט זיך בשום אופן נישט געוואלט מודה זיין. אויפן פאַרהער און בעת די געריכטס־פאַרהאַנדלונגען האָט ער כסדר אָפּגעלייקנט זיין באַטייליקונג אין מאָרד.

איך האָב באַאַרבעט מיין באַשולדיקונגס־רעדע מיט דער גרעסטער זאָרגעוודיקייט. צו וועלכער איך בין געווען פעיק, מיטן פולן באוווסטזיין פון אַ יונגנמאַן, וואָס וויל ווייזן, אַז ער ער איז פולשטענדיק ראוי צו זיין הויכן פאָסטן. איך האָב גע־האַלטן מיין רעדע מיטן גאַנצן ברען פון מיין יוגנט. אַ געוויסע פרוי קאָרטאָ האָט בעת די פאַרהאַנדלונגען געטענהעט, אַז די נאַכט פון מאָרד האָט פודראַי פאַרבראַכט ביי איר. זי האָט מיך טאַקע אַריינגעבראַכט אין אַ גרויס פאַרלעגנהייט. איך האָב בזכרונו צעשלאָגן אירע טענות. איך האָב איר געדראָט מיט די שטרענגסטע שטראָפן, וואָס קומען פאַר פאַלש עדות זאָגן.

איינער פון מיינע אַרגומענטן האָט געמאַכט אַ באַזונדערן רושם אויף די געשווירענע ריכטער. איך האָב זיי אויפמערקזאַם געמאַכט אויפן עדות-זאָגן פון די שכנים, וואָס האָבן באַהויפּטעט, אַז די הינט האָבן נישט געבילט אויפן מערדער. אַ באַווייז, אַז זיי האָבן אים געקענט. דאָס האָט נישט געקענט זיין קיין פרעמדער. דאָס איז געווען דער שמייכלער, נישט קיין אַנדערער ווי פודראַי. איך האָב געפאָדערט פאַר אים טויט-שטראָף. פודראַי איז פאַרמשפּט געוואָרן אויף טויט מיט אַ מערהייט שטימען.

בעת מ'האָט איבערגעלייענט דעם געריכטס-אורטייל, האָט ער אויסגערופן מיט אַ שטאַרקער שטים: „איך בין אומשולדיק!" דעמאָלט האָט מיך באַהערשט אַ שטאַרקער ספק. איך האָב געטראַכט, אפשר האָט ער טאַקע געזאָגט דעם אמת, און די פריערדיקע זיכערקייט האָט מיך אינגאַנצן פאַרלאָזן. מיינע קאָלעגן אין אפילו. דעם מערדערס פאַרטיידיקער האָבן זיך דערנענטערט צו מיר און מיר גראַטולירט צוליב מיין גלענצנדן דערפאָלג. זייערע לויב-רייד האָבן מיר פאַרשאַפט אַ סך נחת-רוח. איין איז מסתמא באַקאַנט דער פיינער געדאַנק פון וואָווענאַרג, ווען די ערשטע שטראַלן פון רום. פונדעסטוועגן האָט דאָס קול פון פודראַי: „כ'בין אומשולדיק!" אָן אויפהער געקלונגען אין מיינע אויערן.

אין מיין מוח זענען געבוירן געוואָרן אַ סך ספקות און איך האָב געמוזט כסדר איבערחזרן מיין באַשולדיקונגס-רעדע.

די אַפּעלאַציע פון פודראַי איז געוואָרן אָפּגעוואָרפן און מיינע ספקות האָבן מיך אַלץ נישט געלאָזט צו רו. אין יענע צייטן פלעגט מען נישט אַזוי אָפט באַגנעדיקן די צום טויט פאַרמשפּטע. פודראַי האָט אומזיסט געבעטן, מ'זאָל אים באַגנעדיקן.

אינעם טאָג פון דער עקזעקוציע, בעת אין מאַרטירע איז שוין אויפגעשטעלט געווען דער שאַפאָט, בין איך אַוועק אין תפיסה. כ'האָב מיר געהייסן עפענען די קאַמער פון פאַרמשפּטן. אַז איך בין פאַרבליבן איינער אַליין מיט אים, האָב איך מיך געווענדעט צו אים: „אייער גורל איז שוין סיי ווי סיי פאַר-

התמעס. אויב אין אייער הארץ איז נאָך פאַראַן אַ פּינק מענטש־לעכקייט, אינעם אינטערעס פון אייער נשמה און פאַר דער באַרויקונג פון מיין געוויסן, זאָגט מיר פּודראַי, צי זענט איר אמת שולדיק אינעם פאַרברעכן, פאַר וועלכן איר זענט פאַרמשפּט געוואָרן.״

ער האט מיך באַטראַכט עטלעכע רגעס און נישט אויסגערעדט קיין וואָרט. איך זע נאָך איצטער פאַר מיינע אויגן זיין פּלאַטשיק פּנים און זיין ברייט שווייגנדיק מויל. אַ ווײַלע איז מיך באַפאַלן אַ שטערבלעכע אימה. צום סוף האט ער אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און אַרויסגעשעפּטשעט מיט אַ שוואַכער אָבער דייטלעכער שטים: „איצט, ווען ס׳איז מיר שוין אַלץ איינס, קאָן איך מודה זיין, אַז איך בין דער מערדער. ס׳איז מיר אָנגעקומען נישט אזוי לייכט, וואָרים דער אַלטער איז געווען אַ שטאַרקער מאַן. חוץ דעם איז ער געווען אַ שלעכטער מענטש.״ אַז איך האָב דערהערט דעם דאָזיקן ווידוי, איז מיר געוואָרן לייכטער אויפן האַרצן.

ה׳ קאַסיניאָל איז אַנטשוויגן געוואָרן. אַ לאַנגע ווײַלע האָט ער נישט אַראָפּגעלאָזט קיין אויג פונם זילבערנעם קנעפּל פון זיין שטעקן, און דערנאָך געזאָגט:

— אין משך פון מיין לאַנגער ריכטער־קאַריערע, האָב איך מיך קיינמאָל נישט געטראָפן מיט אַ יורידישן טעות.

— אָט אַזאַ פאַרזיכערונג באַרויקט מיך, — האט זיך אָנגערופן ה׳ דע טערמאַנדר.

— מיך נעמט עס דורך מיט אַ קאַלטן שוידער, — האט אַרויסגעשעפּטשעט ה׳ בערזשערע.

## XVI

ווי אַלע יאָר, איז דער פּרעפעקט וואָרמס-קלאָוועלען, אויף דאָס יאר איינגעלאַדן געווארן אויף דער יאַגד אין וואַלקאָמבּ, ביים גענעראל-ראַט ה׳ דעליאָן, וואָס האט געהאט די בעסטע הוטעס און די שענסטע וועלדער אין דער געגנט. דער פּרעפעקט האט זייער ליב געהאט צו פארברענגען אין וואַלקאָמבּ; עס האט אים שטארק הנאה געטון, וואָס ער האט דארט געהאַט די געלעגנהייט זיך צו טרעפן מיט די בעסטע פאמיליעס פון דעפּארטאַמענט, ווי למשל די גראָמאַנס און דע טערמאָנדרס. באַזונדערס שטאַרק פארגעניגן פלעגט אים פארשאפן שיסן צו פאַזאַנען.

מ׳פלעגט אים טאקע זעען, ווי ער האט זיך געשלענדערט איבער די וועלדער מיט אַ פּנים, וואָס האט געשטראַלט פאַר פרייד. ער פלעגט שיסן מיט צעשפּרייטע פיס, די פּלייצעס אַ ביסל אויפגעהויבן, דער קאָפּ איבערגעבויגן אין אַ זייט, און בלינצלען מיט די אויגן, פּונקט ווי די אַרענדאַרן פון בוא-קאָ-לאָמבּ, די בוקמייקערס און די קאָלאָניאַל-קרעמערס, זיינע ערשטע חברים אויף דער יאַגד.

ער פלעגט הויך אויפן קול, מיט אַ נישט דיסקרעטער הנאה, רעדן וועגן די דערשאָסענע פייגל; אָפט האָט זיך געטראָפן, אז ער האָט אָנגענומען פאַר זיינע אַזעלכע פייגל, וואס זענען לעבן אים דערשאָסן געוואָרן דורך זיינע חברים. עס פלעגט דעמאָלט דערגייז צו אַמפּערייען און קריגערייען, וועלכע ער פלעגט

פאַרגלעטן מיט זיין שטענדיק גוטן הומאָר, און אים איז קיינמאָל נישט איינגעפאַלן, אז ער האָט עמיצן געקאָנט דערצאָרנען.

אין זיין גאנצער האלטונג איז געווען אויסגעדריקט די ערנסטקייט פון אַ באַאַמטן און גלייכצייטיק די היימישקייט פון אַ פריילעכן חבר. ער פלעגט וואַרפן די מענטשן אין פנים אריין זייערע טיטלען, ווי פריינדלעכע צונעמען, און מחמת דעם, וואָס ער האָט צוזאמען מיטן גאנצן דעפּאַרטאמענט געוווסט, אז ה׳ דע גראָמאַנס ווערט שטילערהייט פארוואַסן פון זיין פרוי, פלעגט ער ביי יעדער באגעגעניש מיטן דאָזיקן צערעמאָניאַלן מענטש, קלאַפן אים איבער דער פלייצע מעשה גוטער פריינט.

ער האָט געגלויבט אז מ׳האָט איר ליב אין דער דאָזיקער אריסטאָקראטישער געזעלשאפט און ער האָט אויך נישט געהאט אינגאנצן קיין טעות. ער האָט נישט געוואָרפן יענעם אין פנים אריין קיין שריט אָדער חוצפהדיקע רייד, און דעריבער האָט מען אים געהאלטן פאר א געשיקטן און טאקטפולן מענטשן.

דאָס יאָר האָט ער מער ווי אלעמאל געהאט דערפאלג אין דער קאפיטאליסטישער וועלט. מ׳האָט געוווסט, אז ער איז א קענער פון הכנסה־שטייער, וועגן וועלכן ער האָט זיך פארטרוילעך געהאט אויסגעדריקט, אז ער איז אן אינקוויזיטאָריש מיטל. אין וואלקאמב האט מען אים כּון אלע זייטן גראטולירט צוליב זיין שטעלונג, און נאָכדעם דעליאן האט אנגעהויבן מילדער צו קוקן אויף אים מיט אירע בלויע שמאלענע אויגן און פריינדלעך צו אים געשמייכלט.

אז ער איז ארויסגעגאַנגען פון זיין צימער, ווו ער האָט זיך איבערגעטון צום מיטאָג, האָט ער אין טונקעלן קאָרידאָר דערזעען די שלאַנקע געשטאלט פון מאַדאַם דע גראָמאַנס, וואָס האט פארבייגעשלייכט לעבן אים, שאָרכענדיק מיט אירע זיידענע קליידער און בין־ושוטעריע.

אירע נאַקעטע פלייצעס האבן אין דער טונקלקייט זיך אויסגעזעהן צו זיין מער נאַקעטער. ער איז איר נאכגעלאפן, אנגענומען זי פאר דער טאַליע און אַ קוש געטון אין קארק.

אַז זי האָט זיך אַרויסגעריסן פון זיינע אָרעמס, האט ער שטיל צו איר געזאגט מיט אַ פאַרוואורף אין קול:

— פאַרוואָס איך אויך נישט, גנעדיקע גרעפין?

זי האט אים דערפאַר דערלאַנגט אַ פּעטשל, וואָס האט אים שטאַרק פאַרחידושט.

הינטן. אויפן פאָרטעל, האט ער באַגעגנט נעמען, וועלכע האט געמאַכט זייער א פיינעם איינדרוק אין איר שמאַרבן כאַמעטענעם קלייד, איינגעהאַפטן מיט שוואַרצן טיול: זי האָט גראָד אַרויסגעצויגן אירע לאַנגע הענטשקעס אויף די הענט. ער האָט פריינדלעך אַ חנק געטאָן צו איר. ער איז געווען אַ גיטער מאַן און באַצויגן זיך צו זיין פרוי מיט אַ סך רעספּעקט און זי' אַפילו אַביסל באַוואונדערט.

זי דאָט עס כשר פאַרדינט. זי האָט באמת געמוזט זיין גאָר געשיקט, כדי געפעלן צו ווערן דער אַנטיסעמיטישער געזעלשאַפט פון וואַלקאָמב. מ׳פלעגט זי דאָרט זייער גערן זעען. זי האָט זיך דאָרט אַפילו פאַרשאַפן אַ סך סימפּאַטיעס. און דאָס וואָס מ׳האָט באמת געקאָנט באַוואונדערן אין איר, איז געווען דער פאַקט, וואָס זי האָט לחלוטין נישט אויסגעזען, ווי אַן אייננגעבעטענע אין דער דאָזיקער געזעלשאַפט.

אין דעם קאַלטן פּראָווינציעלן זאַל, פלעגט זי מאַכן א פאַרחידושט פנים און א רויקן אויסזען, און בעת מ׳האָט געקוקט אויף איר האָט מען געצווייפלט אין איר שכל; דערבאַר האָט מען זי אָבער געהאַלטן פאַר אַן אָרנטלעכע, מידע און גוטע פרוי. אין דער קעגנוואַרט פון מאַדאַם דעליאָן און אַנדערע פרויען, פלעגט זי אַרויסווייזן אַ סך התפעלות, שאָקלען אויף אַלץ מיטן קאָפּ און שווייגן.

אַז אַ מאַנסביל מיט מער שכל און אינטעליגענץ פלעגט זיך דערנענטערן צו איר און אָנהויבן מיט איר צו שמועסן, איז זי געוואָרן נאָך מער באַשיידענער און פאַרשלאָסענער. דערנאָך פלעגט זי נישט דרייסט, מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, אומגעריכט צוזאַרפן אַ שאַרפזיניק וואָרט, וואָס האט שטאַרק געחנפעט זיין אייגנליבע און וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר אַ

באַזונדערן חסד, ווארים עס האבן אויסגעדריקט אַזעלכע
פארזיכטיקע ליפּן און אַזאַ פאַרשלאָסענע נשמה.

זי פלעגט באַזונדערס שטאַרק נושא חן זיין ביי אַלטע
פרויען. זי פלעגט אויסדריקן געדאנקען, וואס האבן שטארק
אויסגענומען ביי די מענער, און דעם מינדעסטן זשעסט, און
דער מינדעסטער באוועגונג, ניט שפּירנדיק זיך צומאל מיטן
מענער, קוים קוים, וואס זי האט א ריר געטאן מיט די אויגן-
לעדלעך און א מאך געטאן מיט די ליפּן. זי האט אפילו נושא
חן געווען ביים גרויסן פרויען-קענער, ה׳ מאריסע, וואס פלעגט
זיך אויסדריקן וועגן איר:

— זי איז אלעמאָל געווען מיאוס, זי איז איצט שוין
מער נישט שיין, און דאך איז זי אן אמתע פרוי!

דעם הער ווארמס-קלאוועלען האט מען אוועקגעזעצט ביים
טיש צווישן מאדאם דעליאן און מאדאם לאפרא-טעלע, די פרוי
פון א סענאַטאר. מאדאם לאפרא-טעלע איז געווען א קליינע,
בלאסע פרוי מיט צעפלאסענע געזיכט-שטריכן, וואס האבן גע-
מאכט דעם איינדרוק, ווי זי וואלט געווען איינגעהילט אין א
שלייער.

נאך אלס א יונג מיידל איז זי געווען אויסגעווייקט אין
פרומקייט, ווי אין בוימאייל. זי האט חתונה געהאט מיט לאפרא-
טעלען, א געשיקטן מענטשן, וואס האט זי גענומען צוליב איר
גרויס פארמעגן; זי פלעגט די גאַנצע צייט פארברענגען אין
א צושטאנד פון סענטימענטאלער פרומקייט, בעת איר מאן האט
געמאכט גלענצנדע געשעפטן מיט אנטיקלעריקאליזם און דער
דערווייטערונג פון די רעליגיעזע ארדנס. דערפאר האט זי זיך
מיטן גאנצן לעבן אפגעגעבן צו אומבאדייטנדע רעליגיעזע פראק-
טיקעס.

בעת מ׳האט אריינגעטראָגן אין סענאט א פארשלאג צוצו-
ציען צו געריכטלעכער פאראנטווארטלעכקייט ה׳ לאפרא-טעלע
און נאך איניקע סענאטארן, האט זי מחמת ליבע צום מאן,
געהייסן אָנצינדן צוויי וועקסענע ליכט אין דער קאפּליצע פון
הייליקן עקזופּער פאר דער געמאלטער סטאטוע פון הייליקן

אנטאָני, און זי האָט מתפלל געווען צום הייליקן, ער זאָל אָפּ־ווענדן פון איר דאָס שלעכטע און די אויספאָרשונג קעגן איר מאַן זאָל בטל ווערן. און אַזוי איז טאַקע אויך געשען.

ה׳ לאַפּראַ-טעלע, גאַמבעטאַס אַ תּלמיד, האָט געהאַט אין זיין באַזיץ עטלעכע קליינע פּאַפּירן, וואָס זייער פאָטאָגראַפישע רעפּראָדוקציע האָט ער אין דער געהעריקער צייט איבערגעשיקט צום יוסטיץ-מיניסטער.

מאַדאַם לאַפּראַ-טעלע האָט פאַר גרויס דאַנקבאַרקייט געהייסן איינמויערן אין דער וואַנט פון דער קאַפּליצע אַ מער־מלנעם טאָוול מיט אַן אויפשריפט, פאַרפאַסט דורך דעם ער־פאַרכטיקן פאַטער לאַפּרין אליין: דעם הייליקן אנטאנ׳ פאר זיין אומדערוואַרטן חסד, א דאנק פון א קריסטלעכער פרוי.

שפּעטער האָט ה׳ לאַפּראַ-טעלע ווידער עולה לגדולה געווען. ער האָט געגעבן די קאָנסערוואַטיסטן אַ ריי וויכטיקע גוואַראַנציעס, וואָרים אינם קאַמף מיט די סאָציאַליסטן האָבן די קאָנסערוואַטיסטן געטראַכט אויסצונוצן זיינע גרויסע פינאַנ־ציעלע פעיקייטן. זיין פּאָליטישע סיטואַציע האָט זיך באַדייטנד פאַרבעסערט מיטן תּנאי, אַז ער זאָל צו האַסטיק נישט צואיילן דעם לויף פון די געשעענישן און נישט איבערנעמען פּערזענלעך די מאַכט אין זיינע הענט אריין. און אין דער זעלבער צייט פלעגט מאַדאַם לאַפּראַ-טעלע אויסהעפטן טישטוכער מיט אירע וועק־סענע פינגער פאַרן אַלטאַר.

— גנעדיקע פרוי, — האָט דער פּרעפעקט נאָך דער זופּ זיך געווענדעט צו מאַדאַם לאַפּראַ-טעלע — ווי איז דער מצב פון אייער וווילטעטיקע אנשטאַלטן? צי ווייסט איר, אַז נאָך דער גענעראַלין קאַרטיע דע שאַלמאָ זענט איר די פאָר־זיצנדערין פון דער גרעסטער צאָל וווילטעטיקע אינסטיטוציעס?

זי האָט אים נישט געענטפערט. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז זי איז טויב, און ער האָט זיך געווענדעט צו מאַדאַם דעליאָן:

— אפשר וועט איר אַזוי גוט זיין און געבן מיר איי־

ליקע אינפאָרמאַציעס וועגן דער פונדאציע פון הייליקן אַנטאָני. דערמאָנט האָט מיך וועגן דעם די אָרעמע מאַדאַם לאַפּראַ-טעלע. מיין פרוי האָט מיר געזאָגט, אַז די דאָזיקע נייע פונ-דאַציע האָט גרויס דערפאָלג אין אונזער דעפּארטאמענט.

— מאדאם וואַרמס-קלאוועלען איז גערעכט. מיר זענען אלע איבערגעגעבן דעם הייליקן אנטאָני.

צו זייערע אויערן האָבן דערגרייכט די רייד פון ה׳ מאָ-ריסע, וועלכער האָט אין אלגעמיינעם טומל געענטפערט דער ה׳ דעליאָן:

— אייערע רייד פארשאפן מיר א נחת-רוח, מיין טייערער. די וועלדער אין פי-דע-רוא, וואָס זענען געווען זייער שטארק פארוואַרלאזט זינט די צייטן פון לוּאי דעם פערצנטן, קענען זיך גארנישט פאַרגלייכן מיט די וועלדער אין וואלקאמב. דארט איז פאַראן זייער ווייניק חיות.

פונדעסטוועגן האט דער באקאנטער וואלד-יעגער ריוואר בעת זיינע נאכט-וויזיטן אין פי-דע-רוא, אויסגעשאסן דארט א סך פאזאנען. און צי ווייסט איר, אז ער שיסט מיט א וווּנ-דערבארער ביקס? דאס איז א כלי, וואס איז ווערט אויסגע-שטעלט צו ווערן אין א מוזיי. איך בין אים זייער דאנקבאר, וואס ער האט אנומלט דערלויבט זי גענוי צו באטראכטן. שטעלט אייך פאָר...

— מ׳האט מיך פארזיכערט, מאדאם, — האט דער פרע-פעקט געזאגט, — אז די גאר פרומע פרויען שיקן איבער דעם הייליקן אנטאני זייערע בקשות אין געחתמעטע קאנווערטן און זיי באצאלן אים נישט פריער ביז זיי באקומען די געפאָ-דערטע זאך.

— מאכט נישט חוזק, — האָט געענטפערט מאַדאם דע-ליאָן: — דער הייליקער אנטאָני טוט א סך טובות.

—... דאָס איז, — האָט ה׳ מאָריסע ווייטער גערעדט, — א שיס-רער פון אן אלטער ביקס, וואָס איז אינמיטן איבערגע-האקט און איז צוגעשעפטשעט צו א מין שאָקלברעט...

— כ׳האָב געמיינט, — האָט זיך אָנגערופן דער פרע-

פעקט, — אז דעם הייליקן אנטאָניס ספּעציאַליטעט איז אויסצו־געפינען פאַרלוירענע זאַכן.

— טאַקע דערפאַר, — האָט מאַדאַם דעליאַן געענטפערט, — װענדעט מען זיך צו אים מיט אַזוי פיל בקשות.

ז' האָט אַ זיפץ געטון און צוגעגעבן:

— װער האָט אויף דער װעלט נישט פאַרלוירן עפּעס אַ טייערע זאַך? איינער האָט פאַרלוירן זיין נשמה־גלייכגעװיכט, אַ צװייטן לאָזט נישט צורו זיין געװיסן, אַ דריטע האָט פאַרלוירן אַן אַלטן פריינד נאָך פון די קינדער־יאָרן, אָדער... די ליבע פון איר מאַן. דעמאָלט װענדעט מען זיך צום הייליקן אַנטאָני.

— אָדער צו זיין חבר, — האָט צוגעגעבן דער פּרעפעקט. די גוטע װייַבן פון באַלעבאָס האָבן אים אַריינגעבראַכט אין אַ פריילעכע שטימונג, און ער האָט אין זיין באַריװיטעט פאַרטױשט דעם הייליקן אַנטאָני פון פּאַדואַ מיטן הייליקן אַנטאָני, דעם ערעמיט.

— צי דער דאָזיקער ריװואָר איז נישט אַמאָל דער װאַלד־יעגער פון דער פּרעפעקטור? — האָט געפרעגט ה' דע טער־מאָנדר.

— איר האָט אַ טעות, ה' דע טערמאָנדר, — האָט זיך אָנגערופן דער פּרעפעקט. — ער פאַרנעמט דעם הויכן פּאָסטן פון אַ װאַלד־יעגער ביים ערצבישאָף. ער שטעלט צו װילדבערעט פאַרן טיש פון זיין עמינענץ.

— ער שטייט אויך אין דינסט פון געריכט, — האָט זיך אַריינגעמישט דער פּרעזעס פון געריכט, ה' פּעלו.

ה' דעליאַן און די גענעראַלין קאַרטיע דע שאַלמאַ האָבן שטילערהייט געשמועסט.

— טייערע מאַדאַם, מיין זון גוסטאַװ הייבט אָן דאָס יאָר זיין מיליטער־דינסט. איך װאָלט זייער געװאָלט, ער זאָל דינען אונטער די באַפעלן פון גענעראַל קאַרטיע דע שאַלמאַ.

— װינטשט עס אייך בעסער נישט, מיין הער. מיין מאַן האָט פיינט יעטװעדע פּראָטעקציע און גיט נישט אַזוי שנעל קיין אורלויבן; ער האַלט, אַז די זין פון חשובע פאַמיליעס דאַרפן

זיין פאר אַנדערע אַ ביישפּיל. און די דאָזיקע פּרינציפּן האָט ער איינגעפלאַנצט אין אַלע זיינע אָפיצירן.

... — און די רעד פון דער דאָזיקער ביקס, — האָט ד׳ מאָריסע ווייטער גערעדט, — פּאַסט זיך נישט צו קיין שום קאַטאַלאָגירטן קאַליבר, ריוואָלווער מוז זיך דעריבער באַנוצן מיט גאָר קליינע קיילעכלעך. איר שטעלט אייך לייכט פאָר...

דער פּרעפעקט האָט ווייטער אַנטוויקלט פאַר דער מאַדאַם דעליאָן זיינע אָנשויונגען, וואָס האָבן זי געוואָלט מאַכן פאַר אַן אָנהענגערין פון רעפּובליקאַנישן רעזשים. זיינע רייד האָט ער פאַרענדיקט מיט פאָלגנדן שכלדיקן געדאַנק:

— אינם מאָמענט, ווען דער צאַר מאַכט אַ באַזוך אין פראַנקרייך, איז אומבאַדינגט נויטיק, אַז די רעפּובליק זאָל צובינדן צו זיך די העכערע ספערן פון פאָלק, כדי זיי זאָלן קענען קומען אין קאָנטאַקט מיט אונזער גרויסער באַפריינדעטער מלוכה, מיט רוסלאַנד.

אין דער זעלבער צייט האָט נעמי, מיט דער גלייכגילטיקייט פון אַ הייליקער, געמוזט טאָלערירן די קונצשטיקלעך פון פּרעזעס, ה׳ פּעלוז, וואָס האָט אונטערן טיש געזוכט אירע פיס.

דער יונגער גוסטאַוו דעליאָן האָט גאָר שטיל איינגערוימט אין אויער אַריין דער מאַדאַם גראַמאַנס:

— כ׳פאַרהאָף, אַז דאָס מאָל וועסטו מיך נישט אויסשטעלן פאַר אַ נאַר, ווי יענעם טאָג, ווען דו האָסט זיך אַרומגעשלעפּט מיטן אַלטן דאָן-זשואַן דע מאַריסע, בעת מיר איז אויסגעקומען צו שפּילן זיך מיטן זייגער אין אייער גערן זאַל.

— וואָס פאַרא פּראַכטפולע פרוי עס איז די מאַדאַם לאַ-פּראַ-טעלע! — האָט אויסגערופן מאַדאַם דעליאַן אין אַן אומגעריכטן אויסברוך פון פריינדשאַפט.

— זי איז פּראַכטפול, — האָט געזאָגט דער פּרעפעקט, איינשלינגענדיק אַ פערטל באַרנע — אַ גרויסער שאָד, וואָס זי איז טויב ווי די וואַנט. איר מאַן איז אויך אַ פּראַכטפולער מענטש, און אַן אינטעליגענטער. איך קאָנסטאַטיר מיט צופרידנקייט, אַז מ׳הייבט זיך ווידער אָן צו רעכענען מיט אים.

ער האָט דורכגעמאַכט אַ שווערן פעריאָד. די שונאים פון דער רעפּובליק האָבן אים געוואָלט קאָמפּראָמיטירן כדי צו דיס-קרעדיטירן דעם הערשנדן רעזשים. ער איז געפאַלן אַ קרבן פון די מאַנעוורן, וואָס האָבן געהאַט דעם צוועק צו דערוויטערן פון פּאַרלאַמענט אַלע הויכע פּערזענלעכקייטן, וואָס געהערן צו דער פינאַנסיעלער וועלט. אַזאַ עקסקלוזיווע פּאָליטיק וואָלט דערגיד-ריקט דעם ניוואָ פון דער נאַציאָנאַלער רעפּרעזענטאַנץ און וואָלט באַדאַרפט שטאַרק באַדויערט צו ווערן.

ער האָט זיך פאַרטראַכט אַ ווײַלע, דערנאָך האָט ער זיך אָנגערופן מיט אַ מעלאַנכאָלישער שטים:

— קיין סקאַנדאַלן קומען שוין איבעריקנס מער נישט פאָר; מ'מאַכט שוין היינט נישט מער קיין געשעפטן. דאָס איז אַ טרויעריקער פועל-יוצא פון דער זלוולים-קאָמפּאַניע, וואָס ווערט געפירט מיט אַן אומדערהערטן קוראַזש.

— ס'קאָן זיין! — האָט מאַדאַם דעליאָן אַ זיפץ געטון, פאַרטראַכטע און אַ פאַרזונקענע אין אירע געדאַנקען.

מיטאמאל האָט זי אויסגערופן מיט כוח:

— הער פּרעפעקט, קערט אונז אום אונזערע טייערע מאָנאַכן, דערלויבט אונזערע באַרמהאַרציקע שוועסטערס זיך צו-ריקצוקערן אין די שפּיטעלער, פירט איין צוריק די רעליגיע אין די שולן, פון וואַנען איר האָט זי ארויסגעטריבן. פאַרוואָרט אונז נישט מער צו מאַכן פון אונזערע זין גוטע קריסטן און... דעמאָלט וועלן מיר זיך לייכט פאַרשטענדיקן.

הערנדיק די דאָזיקע רייד, האָט דער פּרעפעקט וואָרמס-קלאָוועלען אויפגעהויבן זיין מעסער, וואָס אויף זיין שפּיץ האָט געשטעקט אַ שטיקל קעז, און ער האָט אויסגערופן מיט אַן אויפריכטיקער שטים:

— מיין טייערע מאַדאַם דעליאָן! צי זעט איר דען נישט, ווי ווי די גאַסן פון אונזער שטאָט זענען שוואַרץ פון גלחים, און אַז פון יעדן ווינקל קוקט ארויס די פּריסטערלעכע סוטאַנע? וואָס שייך ווידער אייער יונגן זון גוסטאַוו, שטער איך אים אוודאי און אוודאי נישט צו גיין יעדן טאָג אין קירך אריין, שטאָט

נאָכצוּלויפן אַלע קורצע קליידלעך!

ה׳ מאָריסע האָט אינמיטן אַלגעמיינעם ליאַרם און געלעכ־טער און דער געקלאַפּעריי פון זילבערנעם געשיר אין די פּאָר־צעלאַיענע כלים, פאַרענדיקט די באַשרייבונג פון דער וואונדער־באַרער ביקס.

דער פּרעפעקט וואָרמס־קלאַוועלען, וועלכער האָט זיך גע־איילט צו פאַרויכערן א סיגאַר, איז דער ערשטער אַריבער אינם בילאַרד - זאַל. באַלד איז צו אים צוגעשטאַנען דער פּרעזוס ה׳ פּעלו, און דער פּרעפעקט האָט אים מכבד געווען מיט אַ ציגאַר.

— נעמט, זייט מוחל, ער איז אויסגעצייכנט.

און אַז ה׳ פּעלו האָט אים אָנגעהויבן צו דאַנקען, האָט ער געענטפערט, ווייזנדיק דאָס קעסטעלע:

— דאַנקט מיר נישט: דאָס זענען די ציגאַרן פון אונזער באַלעבאָס.

דאָס איז געווען זיין געוויינלעכער שפּאַס.

לסוף האָט זיך אויך באַוויזן ה׳ דעליאָן, און נאָך איבע־ריק געסט, וואָס האָבן נאָך אַ געוויסע צייט געוויילט די דאַמען. ער האָט מיט גרויס אינטערעס זיך צוגעהערט צו די רייד פון ה׳ גראָמאַנס, וואָס האָט אים געוויזן, ווי נויטיק ס׳איז בעת דער יאַגד גענוי אָפּצושאַצן דעם דיסטאַנס.

— אַ האָז למשל, — האָט ער ווייטער גערעדט. — ווייזט זיך אויס אויף אן אומגלייכער פלאכקייט, ווי ער וואָלט געווען ווייט פון אונז, בעת אויף א גלייכער פלאכקייט, אויף א שטרע־קע פון פופציק מעטער, ווייזט ער זיך אויס צו זיין גאָר נאָענט. דערמיט ווערט פאַרענטפערט...

— ה׳ פּעלו, — האט געזאגט דער פּרעפעקט ווארמס־קלאוועלען, נעמענדיק א שטעקן פון בילארד־טיש. — אפשר ווען מיר שפּילן א פּארטיע?

דער פּרעפעקט ווארמס־קלאוועלען האט גלענצנד גע־שפילט אין בילארד, אבער דער פּרעזוס פּעלו האט גארנישט ערגער געשפּילט פאר אים. דער אומבאדייטנדער נארמאנדישער

באַסאר איז צוליב עפּעס אַן אומאנגענעמען ענין מיט ערד, געצוווּנגען געווען צו פאַרקויפן זיין קאנצעלאריע, און ער איז באַשטימט געוואָרן אויפן פּאָסטן פון א ריכטער אין דער צייט, בעת די רעפּובליק האט דורכגעפירט די רייניקונג פון דעם געריכטס-וועזן.

מ'פלעגט אים איבערשיקן פון איין עק לאנד אין אנדערן. אין די טריבונאלן, ווו די קענטעניש פון די געזעצן איז כמעט אינגאַנצן פאַרלוירן געגאַנגען, איז ער שטאַרק צונוץ געקומען מיט זיינע יורידישע ידיעות, און זיינע מינ־סטעריאַלע באַציונגען האָבן אים פאַרזיכערט אַן אַוואַנס. אים האָבן אָבער כסדר פאַר־פּאַ״גט די אומקלאָרע קלאַנגען וועגן זיין פאַרגאַנגענהייט, און אומעטום פלעגט מען זיך אָפּזאָגן אים צו רעספּעקטירן.

ער האָט אָבער געהאַט אַ מעלה, וואָס ער פלעגט רויק אויפנעמען יעדע גרינגשעצונג פון זיין פּערזאָן. ער פלעגט רויק אויפנעמען אַלע זלזולים. ה' לעראָן, אַ דימיסיאָנירטער געהילפס-פּראָקוראָר, איצט אדוואָקאַט ביים געריכט אין * * *, פלעגט אין אַ שמועס מיט זיינע קאָלעגן זיך אויסדריקן וועגן אים אויף פאָלגנדן אופן: „דאָס איז אַ פאַרשטענדיקער מאַן, האָט מעסט דעם דיסטאנס צווישן זיין פאָטעל און דער באשול־דיקונגס-באנק.״

דער עפנטלעכער רעספּעקט, וואָס האט ביז איצט אויס-געמיטן דעם הער פּעלוג, האט זיך אומגעריכט צוריקגעקערט צו אים.

די לעצטע צוויי יאר האט מען אין די געריכטס-קרייזן געהאלטן דעם ה' פּעלוּ פאר זייער אַ טיכטיקן און נאַבעלן ריכטער. מ'האט באַוווּנדערט זיין קוראזש בעת ער האט אַ רוזי־קער און אַ שמייכלענדיקער צווישן ביידע בלאַסע אסעסארן, געהאַט פאַרמשפּעט אויף פינף יאר תּפיסה דריי אנארכיסטן, וואס האבן פונאנדערגעטיילט אנארכיסטישע פּלוּגבלעטלעך, ווו זיי האבן אויפגעפאָדערט דאָס פאָלק צו פאַרברודערונג.

— צוועלף, — האט אויסגערופן דער פּרעזעס פּעלוּ. אינם שטילן קאפע אין דער פּאַרוואַרפענער פּראווינץ-

שטאט האט ער זיך איסנעלערנט גוט צו שפילן אין ביליארד; ער פלעגט שפילן ווי א פאכמאן, צונויפזאמלען די באלעמס אין א ווינקעלע, און מאכן דעמאלט די פארשידנארטיקסטע קא־ראמבאלן.

דער פרעפעקט ווארמס־קלאוועלען פלעגט שפילן מיט א סך מער שוווּנג און האזארד אינם סטיל פון די ארטיסטישע קאפעען פון מאנמארטר און קלישי. און ארויפווארפנדיק די שולד פון זיין אומגעלונגענער שפיל אויפן ביליארד גופא, האט ער זיך באקלאגט אויף דער הארטקייט פון די טיש־קאנטן.

— אין טיולער, ביי מיין קוזין זשאק, — האט זיך אנגע־רופן ה׳ דע טערמאנדר, — איז פאראן א ביליארד, וואס שטאמט פון קיניג לואי דעם פופצנטנס צייטן. ער געפינט זיך אין זיי־ער א נידריק־געוועלבטן, ווייס געקאלעכטן זאל. מקאן נאך ביים היינטיקן טאג איבערלייענען אויף דער וואנט פארגנדע אויפ־שריפט: „זייערע דורכלויכטן ווערן געבעטן נישט צו רייבן די שטעקנס אן דער וואנט.“ די דאזיקע בקשה איז קיינמאל נישט אויסגעפירט געווארן, ווארים דער גאנצער באלקן איז באזייט מיט אומציילינקע, קליינע, קיילעכדיקע רעכעלעך, וואס זייער אפשטאמונג פארטייטשט אונז טאקע די דערמאנטע אויפ־שריפט.

אייניקע געסט האבן זיך גלייכצייטיק געווענדעט צום הער פעלו וועגן פרטים אינם ענין פון הויז פון דער קיניגין מאר־גערייט. די דערמארדונג פון דער אלמנה אוסיע האט געמאכט א שטארקן רושם אין דער גאנצער ארומיקער געגנט און אומעטום געוועקט א סך נייגיריקייט.

ס׳איז געווען אלגעמיין באקאנט, אז א שטארקער חשד איז געפאלן אויפן ביינצניעריקן קצבי־יונג, מיטן נאמען לעקער; מען פלעגט אים זען צוויי מאל אין דער וואך אריינגיין מיט א קוישל אויפן קאפ אין דער וווינונג פון דער אלטיטשקער. מ׳האט אויך געוווסט, אז ס׳זענען געווען ארעסטירט צוויי טאפיציר־בעל־עגלן אין עלטער פון פופצן ביז זעכצן יאר, וואס זענען געווען פארדעכטיקט אין שותפות מיטן מערדער. מ׳האט אויך געשמו־

פּסט, אַז דער מאָרד איז אויסגעפירט געוואָרן אין געוויסע אומ־שטענדן, וואָס זענען געווען ביז גאָר אינטערעסאַנט.

דער פּרעזעס פּעלוּ האָט אויפגעהויבן פון בילאַרד־טיש זיין קיילעכדיקן, געלן קאָפּ, אַ ווונק געטון מיט איין אויג און גע־זאָגט:

— די אויספאָרשונג איז שוין פאַרענדיקט. מ׳האָט פול־שטענדיק רעקאָנסטרוירט די דערמאָרדונגס סצענע. איך גלייב גישט, אַז ס׳זאָל נאָך זיין אַ געוויסער ספק בנוגע די אויסגע־לאָסענע שטיקלעך, וואָס זענען געשען פאַרן מאָרד און האָבן נאָך פאַרלייכטערט זיין אויספירונג.

ער האָט גענומען דאָס גלעזעלע אין האַנט אַריין, האָט אָפּגעזופּט אַ שלוק וויין, זיך באַלעקט מיט דער צונג און גע־זאָגט:

— טעם גן־עדן! אויסגעצייכנט!

און אַז מ׳האָט אים אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן, אויס־פרעגנדיק זיך וועגן איינצלהייטן, האָט דער פּרעזעס אויסגעגעבן שטילערהייט אייניקע פּרטים, וואָס האָבן אַרויסגערופן אַ שטאַרקע פאַרוווּנדערונג און עקל.

— צי איז דאָס טאַקע מעגלעך? — האָט מען געהערט פון אַלע זייטן. — אַן אַכציקיעריקע פרוי!

— דער דאָזיקער פאַקט, — האָט געענטפערט דער פּרע־זעס פּעלוּ, — איז נישט קיין אָפּגעזונדערטער. מיינע הערן, איר קאָנט גלויבן מיין לאַנגיעריקער דערפאַרונג, די יונגע אויסוואָרפן פון די פאָרשטעט, האָבן אין די זאַכן אַ פיל גרעסערע ידיעה, ווי מיר.

— דער מאָרד אינעם הויז פון דער קיניגין מאַרגעריט איז אַ פאַרברעכן פון באַקאַנטן מין, כ׳קאָן זאָגן: אַ פאַרברעכן פון קלאַסישן טיפּ. איך האָב באַלד דערזעען, אַז מ׳האָט דאָ צו צו טון מיט אַ זקנה־אויסגעלאַסנקייט און כ׳האָב גאַנץ גוט גע־וווּסט, אַז ראָקענקור, ווען מ׳האָט אַנפאַרטרויט די אויספאָר־שונג, גייט אויף אַ פאַלשן וועג. ער האָט נאַטירלעך געהייסן אַרעסטירן אַלע וואַגאַבונדן און שלעפּערס, וואָס האָבן זיך אַרומ־

געבלאנקעט אין א קרייז פון איניקע מייל פון דער שטאט.

יעדער האָט געוועקט אין אים א חשד; אינגאנצן אראפּ-געפירט פון וועג האט אים דער פאקט, וואס איינער, א געוועסער סיערעץ, אן אלטער רעצידיוויסט. באקאנט אונטערן נאָמען לערכן-פיסל, האט זיך מודה געווען אין מארד.

— ווי אזוי?

— ס׳איז אים געווען לאנגווייליק צו זיצן אליין אין דער קאמער. מ׳האט אים צוגעזאגט צו געבן א לולקע און טיטון, אויב ער וועט זיך מודה זיין. נו, האט ער זיך מודה געווען, ער האט אויסגעזונגען אלץ, וואס מ׳האט פון אים געוואלט.

דער דאזיקער סיערעץ איז שוין זיבן און דרייסיק מאל געווען פארמשפּעט פאר ארומשלעפּן זיך איבער דער געגנט און ער איז אפילו נישט פעיק א פליג צו דערהרגענען. ער האט נאך קיינמאל גארנישט צוגעגנבעט. ס׳איז א קרעטין, און אן אומשעדלעך באשעפעניש. בעתן מארד האבן זשאנדארמען אים געזען אויף די הויכקייטן פון דיוראָק; ער האט זיך געשפּילט מיט די קליינע קינדער און געמאכט פאר זיי פאנטאנגעס פון שטרוי און שיפעלעך פון שטאפעכצער.

פּרעזעס פעלו האט זיך ווידער גענומען צו זיין פארטיע ביליארד.

— ניינציק ביז פערציק... און דער זעלבער צייט האט זיך דער אמתער מערדער באַרימט פאר אַלע מיידלעך פון דער גאַס קאָרא-לערו, אז ער איז באגאנגען דעם מאָרד, און די אייגנטימערינס פון פריילעכע הייזלעך האָבן טאָג טעגלעך געבראכט אין פּאָליציי-קאָמיסאַריאט אוירינגלעך, קייטעלעך און רינגלעך פון דער אלמנה אוסיע, וואָס זייערע מיידלעך האבן באקומען פון קצב-יונג.

דער דאזיקער לעקער, ווי א סך אנדערע פארברעכער, האט זיך אליין אויסגעגעבן. ראָקענקור איז אָבער שטאַרק אין כעס געוואָרן, און נישט געוואָלט ארויסלאָזן דאס לערכן-פיסל פון ארעסט. ער זיצט נאָך אלץ דאָרטן. ניין און ניינציק... און קונדערט

— גוט ! — האָט געזאָגט דער פּרעפעקט וואָרמס-קלאַ-װעלען.

— די דאָזיקע דריי און אַכציקיעריקע זקנה, — האָט זי דעליאָן שטיל געמורמלט, — האָט גאָך געהאַט אַ... דאָס איז ממש אומגלויבלעך !

דער דאָקטאָר פּאָרנעראָל האָט אָבער אויך מסכים געווען מיט דער מיינונג פֿון פּרעזעס פּעלו און פּאַרזיכערט, אַז דאָס איז נישט אַזאַ זעלטענער פֿאַל, ווי מ'שטעלט זיך עס אין אלגעמיין פֿאָר, און ער האָט אָנגעהויבן צו פֿאַרטײַטשן דעם גאַנצן ענין פֿון פיזיאָלאָגישן שטאַנדפּונקט. מ'האָט זיך צוגעהערט צו זיינע רייד מיט גרויס אינטערעס. דערנאָך האָט ער בע-בראַכט אַ ריי ביישפּילן, ווען די מעדיצין האָט געהאַט צו טון מיט עולעכע פּאַטאָלאָגישע פֿאַלן, און פֿאַרענדיקט :

— ווען דער טייוול זאָל אונז אַרויפנעמען אין דער לופטן און אַראָפּרייסן פֿאַד אונזערע אויגן די דעכער פֿון די שטאָטישע הייזער, וואָלטן מיר דערזעען שרעקלעכע זאַכן. מיר וואָלטן פּשוט פֿאַרציטערט געוואָרן, געפינענדיק צווישן אונזערע מיטבירגער אַזוי פֿיל משונהדיקע מענטשן, משוגעים און דע-געגערירטע לייט.

— יאָ, — האָט זיך אָנגערופֿן דער פּרעפעקט וואָרמס-קלאַוועלען. — מ'טאָר זיך נישט צוקוקן פֿון גאָר נאָענט. באַזונ-דערס געבומען זענען אפשר די מענטשן טאָקע אַזעלכע, ווי איר האָט אונז איצט פֿאַרציילט, אָבער צוזאַמען גענומען שאַפֿן זיי אַ פּראַכטפֿולע אַדמיניסטראַטיווע גאַנצקייט. אַ באַפעלקערונג פֿון אַ פּראַכטפֿולער דעפּאַרטאַמענטאַלער הויפּטשטאָט.

אין דער זעלבער צייט איז דער סענאַטאָר געזעסן ביים בילאַרד-טיש און געגלעט זיין לאַנגע, גרויע באָרד. זיין פּנים האָט אויסגעדריקט די מאַיעסטעטישקייט פֿון אַ טייך.

— איך, — האָט ער געזאָגט, — גלויב באָר אין דאָס גוטע. וו איך זאָל מיך נישט אומקוקן, אומעטום זע איך אָרגטלעכקייט און צניעות. ס'איז מיר, נישט איינמאָל שוין אויס-געקומען צו קאַנסטאַטירן, אַז די מידות פֿון די פּראָנצויזישע

פרויען, באַזונדערס אין די מיטעלע קלאַסן, זענען זינט דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע זייער מאָראַליש.

— איך בין שוין נישט אַזאַ אָפּטימיסט, — האָט זיך אָנגערופן ה' דע טערמאָנדר, — איך האָב אָבער באמת קיינ־מאָל נישט געגלויבט, אַז די פּאַרפּוילטע מויערן און שמאָלע פענצטער פונם הויז פון דער קיניגין מאַרגעריט, באַדעקט מיט אַ נעץ פון שפּינוועבס, זאָלן באַהאַלטן אַזעלכע אומבאַרשעמטע סודות. כ'האָב אייניקע מאָל באַזוכט די אלמנה אוסיע; כ'האָב זי געהאַלטן פאר א קאַרגע, אָפּגעזונדערטע אַלטיטשקע, נישט אינגאַנצן ביי די ריינע געדאַנקען. אָבער אין אַלגעמיין גע־נומען, ענלעך צו אַלע אנדערע אין אירע יאָרן. איבריקנס, ווי פלעגט מען עס זאָגן אין די צייטן פון דער קיניגין מאַר־גערייט:

„די רו פון איר נשמה
„וועט שוין מער נישט געשטערט ווערן."

זי וועט שוין מיט אירע אויסגעלאסענע געננג מער נישט באַליידיקן דעם הערב־שילד פון אָרנטלעכן פיליפּ טריקויאר.

ביי דעם נאָמען האָבן זיך אַלע פריילעך פונאנדערגע־לאַכט. אַט דער עמבלעמאטישער שילד, א באַווייז פון דרייפאַ־כיקער העלדישקייט. וואָס האט דעם דאָזיקן פּארצייטישן שטאט־בירגער געשטעלט אין איין ריי מיטן קאָנדאָטיער פון בערגאַמאַ, האט פארשאפן דער גאנצער שטאט א באַהאַלטענע פרייד.

די שטאט־איינוווינער האבן ליב געהאַט דעם דאָזיקן העל־דישן אור־אור־עלטערזיידן זייערן, זייער פּאַרצייטיקן ראטמאַן פיליפּ טריקויאר, הגם דעם אמת זאָגנדיק, איז ער זיי באַקאַנט געווען נאר פון זיינע נאַטירלעכע מעלות*), און זיי האט ער טאַקע צו פאַרדאַנקען זיין באַרימטן צונאָמען.

אין משך פון ווייטערדיקן געשפּרעך האט דער דאקטאר

*) ווארט־שפּיל אין דער פראַנצויזישער שפּראַך. טריקויאַר באַדייט אין לאַטייניש: qui tres testes habet וואָס איז אויף יידיש: דער, וואס האָט דריי בצים. (באַמ. פ. איבעדזעצער).

פאַרנעראַל געבראַכט נאָך איינִיקע ביישפּילן פון דער דאָזיקער אַנאָמאַליע, אין פאַרזיכערט, אַז לויט געוויסע שרייבער, ווערט די דאָזיקע פּאַטאָלאָגישע דערשיינונג איבערגעגעבן בירושה און באַגעגנט אין געוויסע פאַמיליעס, צום אומגליק איז די פאַמיליע פון פיליפּ טריקויאַר שוין אויסגעשטאָרבן העכער צוויי הונדערט יאָר.

אין צוזאַמענהאַנג דערמיט, האָט ה׳ דע טערמאַנדר, פּרעזעס פון דער אַרכעאָלאָגישער געזעלשאַפט, פאַרציילט אַן אמתע געשיכטע.

— אונזער דעפּאַרטאַמענטאַלער ארכיוואַר, הער מאַזור, האָט ערשט נישט לאַנג געפונען איפן בוידעם פון דער פּרעפעקטור דאָקומענטן, וועלכע האָבן א שייכות צו א פּראַצעס, וואָס איז גראָד אין דער עפּאָכע פון פיליפּ טריקויאַר, אין סוף פון פופצנטן יאָרהונדערט, פאַרפירט געוואָרן דורך יאָהאַן טאַבורע קעגן סידאַניע קלאַש, זיין פרוי.

די דערמאַנטע סידאַניע האָט געבוירן א דריילינג, אבער איר מאַן ה׳ טאַבורע האָט דערקלערט, אַז ער איז דער טאַטע בלויז פון צוויי, און דאָס דריטע קינד איז פון א צווייטן מאַן. דערביי האָט ער אָנגעגעבן, אַז פון דער נאַטור איז ער נישט פעיק צו מאַכן מער ווי צוויי קינדער מיטאַמאָל. און ער האָט געבראַכט א ריי באַווייזן, וואָס שטיצן זיך אויף די באַהויפּטונגען פון באַבעס, שערערס, אַפּטייקערס, וועלכע גלויבן, אַז די נאָרמאַלע סטרוקטור פון א מענטש איז נישט פעיק מער, ווי אויף צו ברענגען אויף דער וועלט בלויז איין צווילינג.

דאָס געריכט האָט מסכים געווען מיט די טענות פון באַעולהטן מאַן, און צוגעפּסקנט, אַז סידאַניע האָט מסתמא געמוזט האָבן נאָך א געהילף.

מ׳האָט זי אַרויפגעזעצט א נאַקעטע אויף אַן אייזל, מיטן פּנים צום ווידל און זי אַרומגעפירט איבער דער גאַנצער שטאָט ביז צום טייך, וווּ מ׳האָט זי דריי מאָל איינגעטונקען ביז איבערן קאָפּ. זי וואָלט באַפרייט געוואָרן פון דער דאָזיקער שטראָף, ווען איר ביזוויליקער מאַן וואָלט אזוי רייך באַשאַנקען געוואָרן פון דער נאַטור, ווי אונזער פיליפּ טריקויאַר

XVII

פאר דער הינטערשטער טיר פון ראנדאנאס הויז האט דער פרעפעקט זיך אומגעקוקט אויף רעכטס און אויף לינקס, צי עמיצער שפּירט אים נישט אמאל נאָך. ער האט געהערט, אז אין שטאט שמועסט מען וועגן זיינע באזוכן אין דער וווינונג פון ראנדאנא, אז מ'האט פלומרשט געזען די מאדאם לאקארעל, וואס איז בגנבה אריין נאך אים אין דעם דאזיקן הויז, וואס האט זיך גערופן דאס הויז פון ביידע סאטירן.

דאס דאזיקע האט אים שטארק פארדראסן. ער האט געהאט נאך א גרונט נישט צו זיין צופרידן. „דער ליבעראל," וואס האט אים ביז איצט געלאזט צורו, האט ווידער באנייט זיינע אָנפאַלן אויף אים אין צוזאַמענהאַנג מיטן דעפּאַרטאַמענט-בודזשעט. דאָס קאָנסערוואַטיווע בלאַט האָט אים פאָרגעוואָרפן, אז ער זאָל מלוכהשע געלטער האָבן פארנוצט אויף וואַל-צוועקן. דער פרעפעקט וואָרמס-קלאַוועלען איז געווען אַ מענטש פון אן אויסגעפרוווטער אָרנטלעכקייט.

געלט האָט געוועקט אין אים רעספעקט און גלייכצייטיק ליבע. דאָס רייכטום האָט געוועקט אין אים אַ געפיל פון רעליגיעזער מורא, ענלעך צום געפיל, וואָס עס וועקט די לבנה ביי די הינט. ער האָט געהאַט אַ קולט פאַר עשירות.

זיין בודזשעט איז גאנץ אָרנטלעך געשלאָסן געוואָרן, חוץ געוויסע אומרעגלמעסיקייטן, וואָס זענען אָבער בארעכטיקט געוואָרן אַ דאנק דער שלעכטער אַדמיניסטראציע אין דער גאנ-

צער רעפּובליק, האָט טען דעם בודושעס גאָרנישט געקענט פאַרוואַרפן. הער וואָרמס-קלאַוועלען האָט געוווּסט וועגן דעם. ער האָט זיך געפילט שטאַרק אין זיין אָרנטלעכקייט.

די אַנפאַלן פון דער פּרעסע האָבן אים אָבער אַרויסגעבראַכט פון די כלים. די אומגינציקייט פון די קעגנער און די שונאים פון דער פּאַרטיי, וועלכע עס איז אים געלונגען אָפּצושוואַכן, האָט אים שטאַרק פאַראומערט. ער האָט געליטן, וואָס נאָך אַזוי פיל קרבנות איז אים נישט געלונגען זיך צו דערוואַרבן דעם רעספּעקט פון די קאָנסערוואַטיסטן, פון וואָס ער האָט אין האַרצן געהאַלטן אַ סך שטאַרקער, ווי פון דער פריינדשאַפט מיט די רעפּובליקאַנער.

מ'האָט געמוזט אינספּירירן די „לאַמטערן" צו ענערגישע און דרייסטע רעפּליקעס, פירן אַ לעבעדיקע און אפשר אַ לאַנגע פּאָלעמיקע. דער דאָזיקער געדאַנק האָט באַאומרויקט די טיפע פוילקייט פון זיין גייסט און פאַרשטאַנד, וואָס האָט זיך געשראָקן פאַר יעטוועדן שריט, ווי פאַר אַ קוועלע פון ביי-געפאָרן.

ער איז דעריבער געווען אין זייער אַ שלעכטער שטימונג. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן לעדערנעם פאָטעל און טרוקן אַ פרעג געטון דעם ה' ראַנדאַנאַ, צי דער גלח גיטרעל איז שוין געקומען. דער גלח גיטרעל איז נאָך נישט אָנגעקומען. ה' וואָרמס-קלאַוועלען האָט גענומען אַ צייטונג און געפּרוווט לייענען, פאַרויכערנדיק אַ ציגאַר. אָבער נישט די פּאָליטיק, נישט דער רויך פון ציגאַר, זענען נישט געווען אימשטאַנד צו פאַרטרייבן די טונקעלע בילדער, וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט אין זיין נשמה.

ער האָט געלייענט מיט די אויגן, אָבער אין דער אמתן געטראַכט וועגן די אַנפאַלן פון „ליבעראַל": איבערגעטראָגענע פּאָזיציעס פון בודושעט!

— אין דער גאַנצער שטאָט איז נישט פאַראַן קיין פּופּציק מענטשן, וועלכע זאָלן וויסן, וואָס דאָס באַדייט. און כ'זע אַלע שטאָטישע שוטים, ווי זיי שאָקלען מיט די קעפּ און הער

איבער מיט אַן ערנסטער מינע פון זייער בלאַט:
„מיר באַדויערן זייער, וואָס מיר זענען געצוווּנגען צו באַהויפּטן, אַז דער ה' פּרעפעקט דהאָט נישט איבערגעריסן מיט דער אומדערטרעגלעכער און באַדויערנסווערטער פּראַקטיק פון אײַבערטראָגן און באַהאַלטן די בודזשעט-פּאָזיציעס".

דאָס אַש פון ציגאַר האָט זיך אַן אויפהער געשיט אויף זיין וועסטל, און דער פּרעפעקט האָט ווייטער געטראַכט: „פּאַר-וואָס פאַלט דער „ליבעראַל" אָן אויף מיר? כ'האָב דורכגע-פירט זיינס אַ קאַנדידאַט אַלס דעפּוטאַט. אין מיין דעפּאַרטאַ-מענט האָט מען אויף אַלע אַמטן אויסגעקליבן די גרעסטע צאָל מעסיקע מאָנאַרכיסטן". ער האָט איבערגעדרייט די צייטונג אויף דער אַנדערער זייט.

ער האָט ווייטער געטראַכט: „איך האָב נישט באַהאַלטן קיין שום דעפיציטן. די סומעס, וואָס זענען אַנערקענט געוואָרן ביי דער עפענונג פון קרעדיט, האָט מען אויסגעגעבן אַזוי שנעל, ווי מ'האָט פּאָראויסגעזעען. די דאַזיקע לייט קענען זיך נישט להלוטין אויף קיין בודזשעט. זיי פירן אַ פּאָ-ליטיק מיר צו להכעיס". ער האָט געהויבן מיט די אַקסלען, און נישט אומקוקנדיק זיך לגמרי אויף דאָס אַש, וואָס האָט זיך כסדר געשיט אויף זיין וועסטל, האָט ער מיט אַ פינצטער פּנים זיך פאַרטיפט אין לייענען די צייטונג.

זיינע אויגן האָבן איבערגעלייענט פאָלגנדע ווערטער:
„ווי מיר ווערן געוואָויר, איז אין דער פאָרשטאָט פון טאָבאָלסק אויסגעבראָכן אַ ריזיקע שׂרפה. זעכציק הילצערנע הייזער זענען אַוועק מיטן רויך. העכער הונדערט פאַמיליעס זענען געבליבן אָן אַ ביסן ברויט און אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ".

לייענענדיק די דאַזיקע ידיעה האָט דער פּרעפעקט אַרויס-געלאָזן אַ טיפן אויסגעשריי, אַ מין טריומפאַלן ברום און אַ קלאַפּ געטון מיטן פוס אין גאָלדשמידס טישל.

-- ראַנדאַנאַ, זאָגט מיר נאָר, טאָבאָלסק איז אַ שטאָט אין רוסלאַנד, נישט וואָר?

ראָנדאנא האט מיט אַן אומשולדיקער מינע אויפגעהויבן זיין גאלן קאפּ און געענטפערט, אַז טאבאלסק איז באמת אַ שטאָט אין אַזיאטישן רוסלאַנד.

— אַזוי גאָר! — האָט אויסגערופן דער פּרעפעקט האָרמס-קלאוועלען — מיר אָרדנען איין אַ פּאַרוויילונג לטובת די נשרפים פון טאָבאָלסק.

און ער האָט צוגעגעבן דורך די ציין:

—כ׳וועל זיי געבן אַ רוסישע פאַרוויילונג; כ׳וועל האָבן די גאַנצע זעקס וואָכן, און די בלעטער וועלן לכל-הפחות אויפהערן צו שרייבן וועגן בודזשעט.

אין דער רגע איז אין מאגאַזין פון גאָלדשמיד אַריינגעקומען דער גלח גיטרעל, מיטן הוט אונטערן אָרעם און זיך אומרויק אומגעקוקט.

— איר הערט, טייערער פּראָפעסאר, -- האט דער פּרעפעקט זיך געווענדעט צו אים. — אויף דער אַלגעמיינער באַדערונג דערלויב איך איינצואָרדנען ביי אונז אין שטאָט אַ ריי פּארוויילונגען לטובת די נשרפים פון טאבאלסק. מיר וועלן איינאָרדנען קאָנצערטן, גאַלאַ-פאָרשטעלונגען, וווילטעטיקע באַזאַרן און ד. גל. כ׳פאַרהאָף, אַז די קירך וועט זיך נישט אָפּזאָגן אָנטיילצונעמען אין די דאָזיקע אונטערנעמונגען.

— די קירך, הער פּרעפעקט, — האָט געענטפערט דער גלח גיטרעל — האָט שטענדיק אַן אָפן האַרץ פאַר אַלע אומגליקלעכע, וואָס ווענדן זיך צו איר נאָך הילף. און בלי ספק וועלן אירע תפילות...

— ווייסט איר וואס, פּאטער גיטרעל, אייערע עניניםזענען גאר נישט אַזוי פרייליך. כ׳קער מיך אום פון פּאריז. כ׳האָב מיך געזעען מיט מיינע פריינד אין בילדונגס-מיניסטעריום. כ׳ברענג שלעכטע נייעס. ערשטנס, איז פאראן אַכצן קאַנדידאטן.

— אכצן?

— אכצן קאנדידאטן אויפן עפּיסקאָפּאט אין טורקיען. אין דער ערשטער ריי אַליווע. אַ גלח אין איינער פון די רייכסטע

פּאַריזער דיעצעזיעס, דער קאַנדידאַט פון פּרעזידענט. יעדנאָך נייט דער גלח לאַוואַרדען, גענעראַל-וויקאַר אין גרענאָבל. ער ווערט זייער שטאַרק געשטיצט פון נונציוס.

— כ׳האָב נישט דעם כבוד צו זיין באַקאַנט מיטן גלח לאַוואַרדען, כ׳גלויב אָבער נישט, אַז ער זאָל זיין דער קאַנדידאַט פון נונציוס. ס׳קאָן זיין, אַז דער נונציוס האָט שוין זיין אויסגעוויילטן, זיכער איז אָבער, אַז דער דאָזיקער קאַנדידאַט איז נאָך אומבאַקאַנט, די נונציאַטור באַמיט זיך קיינמאָל נישט וועגן אירע פּראָטעזשירטע, זי װיל, אַז מ׳זאָל זיי איר ליבער אָנוואַרפן.

— העט, העט, זיי זענען נישט קיין נאַראָנים, דאָרט אין דער נונציאַטור.

— ה׳ פּרעפעקט, נישט אַלע מענטשן צייכענען זיך אויס מיט באַדייטנדע פעיקייטן, זיי האָבן אָבער הינטער זיך אַ לאַנגדויערנדע טראַדיציע און טרעטן נישט אָפּ פון די אָנגענומענע כּללים. און דאָס איז אַ קראַפט, הער פּרעפעקט, אַ גרויסע קראַפט.

— יאָ, צו אלדי רוחות! כ׳האָב דאָך אייך שוין געזאָגט, אַז ס׳זענען פאַראַן קאַנדידאַטן פון פּרעזידענט און פון נונציוס. ס׳איז נאָך דאָ אַ קאַנדידאַט פון אונזער ערצבישאָף. לכתּחילה האָב איך געמיינט, אַז דאָס זענט איר... מיר האָבן אָבער אַ טעות געהאַט, מיין אַרעמער; כ׳גיי אין אַ געוועט, אַז איר וועט קיינמאָל נישט טרעפן, ווער עס איז דער פּראָטעזשירטער פון זיין עמינענץ, דעם קאַרדינאַל שאַרלאָ.

— געוועט אייך נישט, הער פּרעפעקט, געוועט אייך נישט. כ׳בין זיכער, אַז דער קאַנדידאַט פון זיין עמינענץ, דעם קאַרדינאַל ערצבישאָף איז נישט קיין אַנדערער, ווי זיין גענעראַל-וויקאַר, גלח דע גולע.

— פון וואַנען ווייסט איר? איך האָב גאָרנישט געוווּסט וועגן דעם.

— הער פּרעפעקט, איר מוזט אַוודאי וויסן, אַז זיין עמינענץ שאַרלאָ האָט מורא, מ׳זאָל אים נישט צוגעבן אַ

קאָאַדיוטאָר, און די דאזיקע מורא איז דאס געשפּענסט פון זיין זקנה, וואס איז איבריקנס אזא ערפארכטיקע און לויטערע.

ער האט מורא, אַז ה׳ דע גולע — אַזוי צו זאגן — זאל נישט אַמאל באַקומען די נאמינאַציע, און דאס אַדאַנק זיינע פערזענלעכע פאַרדינסטן, ווי אויך צוליב זיין באַהאַונטקייט אין די ענינים פון דער דיעצעזיע.

זיין עמינענץ וואָלט פון גאנצן האַרצן געוואָלט ווי צום גיכסטן פּטור ווערן פון זיין גענעראל־וויקאר, דעם גלח דע גולע, וואָרים יענער געהער צו דעם ארומיקן אַדל און דעריבער גיט ער ארויס פון זיך אַ גלאנץ, וואס באַליידיקט די אייגנליבע פון זיין עמינענץ.

פאַרוואס זאָל זיך זיין עמינענץ בעסער נישט פרייען, וואָס ער איז אַ זון פון אַן אָרנטלעכן בעל־מלאכה, וואָס איז ווי דער היילוקער פאַוועל, געווען אַ טאַפּיצירער ?!

— וויסן זאָלט איר, נעערטער פּאַטער. אז מ׳רעדט אויף וועגן דעם גלח לאַנטען. ער איז דער פּראָטעזשירטער פון דער גענעראלין קאַרטיע דע שאַלמאָ. און גענעראל קאַרטיע דע שאַל־מאָ, נישט געקוקט דערויף, וואָס ער איז אַ קלעריקאַל און רע־אַקציאָנער, ווערט אָבער שטארק געאַכט אין פּאריז.

מ׳האלט אים פאַרן פעיקסטן און אינטעליגענטסטן דיוויזיע־גענעראַל. זיין מיינונג וועט אין איצטיקן מאָמענט ברענגען מער הילף, ווי שאדן. ביי אַ קאָאַליציאָנס־רעגירונג וועלן די קאָנסער־וואַטיסטן באַקומען אַלץ, וואָס זיי וועלן נאָר וועלן. זיי זענען גוויטיק, זיי זענען די שטיצע פון דער רעגירונג.

חוץ דעם שפּילן דאָ אַ גרויסע ראָל די גוטפריינדשאַפט מיטן צאַר און דער פראנצויזיש־רוסישער אָפּמאַך, וואָס האבן גורם געווען, אַז מ׳זאָל מיט מער רעספּעקט זיך אָנהויבן צו באַציען צו דער אריסטאָקראַטיע און ארמעע. מיר ווילן, אַז די רעפּובליק זאָל זיך אויסצייכענען מיט מער עלעגאַנץ און בעסערע מאַניערן.

עס לאָזט זיך אויך באַמערקן אַן אַלגעמיינע טענדענץ צו פאַרפעסטיקן די מאַכט. ס׳ווייזט זיך מיר אָבער נישט אויס, אַז

דער גלח לאַנטען זאל האבן גוטע אויסזיכטן. קודם-כל האב איך וועגן אים געגעבן זייער א שלעכטע אויסקונפט. איך האב אים פארגעשטעלט, ווי א קעמפנדן מאַנאַרכיסט. כהאב אויפמערקזאם געמאכט אויף זיינע פאַנאַטישע אַנשויאונגען און שלעכטן כאראקטער.

— און אייך, גלח גיטרעל, האב איך פארגעשטעלט אין זייער א גינציקן ליכט. כ׳האב זיך אָפּגעשטעלט אויף אייער מעסיקייט, בויגעוודיקייט, פאליטישער באהאוונטקייט און אויף אייער רעספּעקט פאר די רעפּובליקאנישע אינסטיטוציעס.

— א גרויסער יישר־כוח פאר אייער גינציקייט, הער פרעפעקט, און וואָס האט מען אייך געענטפערט?

— איר ווילט דווקא וויסן? גוט. מ׳האט מיר געזאגט: „מיר קענען זיי, די דאָזיקע קאנדידאטן, ווי אייער גיטרעל. קוים באקומען זיי די נאָמינאַציע, ווערן זיי ערגער פון אנדערע. זיי ווערן אונזערע גרעסטע שונאים. דאס איז פארשטענדלעך. זיי מוזן באקומען די הסכמה פון זייער פארטיי.״

— צי קאָן עס זיין, הער פרעפעקט, אז די מאַכט זאָל האבן וועגן אונז אזא שלעכטע מיינונג?

— יאָ, יאָ! מיין באקאנטער אין מיניסטעריום האָט מיר נאָך געזאגט: „כ׳האב נישט ליב קיין קאנדידאטן אויפן פאסטן פון עפּיסקאפּאט. וואס ווייזן ארויס צופיל צוגעבונדנקייט צו אונזער רעזשים. אויב מ׳זאל מיך פאלגן, וואלט מען באדארפט אויסקלויבן דווקא נישט פון זיי.״

„מ׳טוט זייער ריכטיק, וואס מ׳נעמט צו אויף רעגירונגס-אמטן, מענטשן, וואס זענען פון גאנצן הארצן צוגעבונדן צום רעזשים. ס׳זענען אָבער נישט פאראן קיין גלחים, וואס זאלן זיין צוגעבונדן צו דער רעפּובליק. אין אזא פאל איז צום בעסטן אויסצוקלויבן די ארגטלעכסטע.״

און דער פרעפעקט האָט אוועקגעוואָרפן זיין אויסגעברענטן ציגאר און געענדיקט:

— איר זעט, טייערער פאטער גיטרעל, אז אייערע ענינים זענען גאר נישט אזעלכע פויגלדיקע.

גיטרעל האט געשעפטשעט:

— כ׳זע נישט, הער פרעפעקט, כ׳פארשטיי נישט, פארוואס די דאזיקע רייד האבן געזאָלט מאכן אויף אייך אזא שלעכטן איינדרוק... איך, פארקערט, וואלט געשעפט פון זיי האָפנונג... בטחון...

דער פרעפעקט וואָרמס־קלאווועלן האט פארוויכערט א ציגאר און געזאגט מיט א שמייכל:

— ווער ווייסט, צי מ׳איז נישט גערעכט אין מיניסטעריום... בארויקט אייך אבער, טייערער פאטער גיטרעל, איך וועל אייך נישט פארלאזן, לאָמיר צוזאמען בארעכענען, וועמען מיר האבן צו אונזער דיספאזיציע?

ער האט געעפנט די לינקע האנט און אנגעהויבן ציילן אויף די פינגער.

ביידע האבן אנגעהויבן צו זוכן.

זיי האבן געפונען עפעס א סענאטאר, וועלכער האט אָנגעהויבן צו קומען צו זיך נאך דער סקאַנדאליעזער אפערע, אין וועלכער ער האט זיך לעצטנס פארפלאנטערט, א דימיסיאָנירטן גענעראל, א פאליטיקער, א פובליציסט, א פינאנסיסט, דעם בישאף פון עקבאטאנע, וואס איז נעווען באקאנט אין דער קונסט-וועלט און איינעם טעאָפיל מייער, א פריינד פון מיניסטארן.

— אָבער מיין טייערער גיטרעל, — האט אויסגערופן דער פרעפעקט, — איר האט מיר דא אויסגערעכנט גאָר קנאַפע יחסנים.

דער גלח גיטרעל פלעגט טאַ־ערירן אַזעלכע שפאסן, ער האט זיי אבער נישט ליב געהאט. ער האט א קוק געטון אויפן פרעפעקט מיט א טרויעריק פנים און פארצויגן זיינע שמאָלע ליפּן. וואָרמס-קלאווועלן. וועלכער האָט נישט געהאט קיין שלעכ-

טע כוונות, האט באלד באדויערט זיין האסטיקן שריט און זיך באמיט צו בארויקן דעם אלטן.

— נו, נו, דאס איז נאך נישט גאר די ערגסטע פראַ־טעקציע. איבריקנס, מיין פריינד, מיין פרוי האַלט מיט אייך. און נעמי איז נאך בכוח צו נאָמינירן א בישאף.

ענדע

## אלע ווערק פון וויקטאָר מאַרגעריט אין יידיש!!!

וויקטאָר מאַרגעריט איז ביים היינטיקן טאָג איינער פון די צים מייסטנס געלעזענע שרייבער אין דער גאַנצער וועלט. זיינע ווערק זענען אין אַ קורצער צייט פאַרשפרייט געוואָרן אין הונדערטער טויזנטער עקזעמפּלאַרן און איבערגעזעצט געוואָרן כמעט אין אַלע אייראָפּעישע שפראַכן.

וויקטאָר מאַרגעריט איז דער מוטיקער, אומדערשראָקענער קעמפער פאַר די רעכט פון דער אונטערגעדריקטער און פאַרשקלאַפטער פרוי אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט.

וויקטאָר מאַרגעריט האָט דער ערשטער אין פראַנקרייך געהאַט דעם מוט אויפצודעקן די אייטערדיקסטע ווונדן פון אונזער געזעלשאַפטלעך לעבן און צו ווייזן אונז זייער אמתן, שרעקלעכן, נישט פאַרשלייערטן פּרצוף.

אין פאַרלאַג ש. גאָלדפאַרב איז ביז איצט דערשינען די באַרימטע טרילאָגיע „אויפן וועג":

די בחורטע — יידיש פון ה. ראַקאָווסקא

דער חבר — „ „ „

דאָס נייע דור — „ „ „

צום דרוק ווערט צוגעגרייט דער ערשטער טייל פון דער צווייטער נישט ווייניקער באַרימטער טרילאָגיע: „צום גליק":

דיין קערפּער געהערט צו דיר

די מענטשלעכע חיה (צווייטער טייל פון דער טרילאָגיע)

דער געזאַנג פון פאַסטוך (דריטער טייל פון „ „)

די גאַסן פרוי.

# אַלע ביכער פון אַנאַטאָל פראַנס אין יידיש!!!

אַנאַטאָל פראַנס איז איינער פון די גרעסטע און בארימטעסטע מאָדערנע פראַנצויזישער שרייבער.

אַנאַטאָל פראַנס איז איינער פון די גרעסטע שפראך-מייסטער אין דער וועלט-ליטעראטור. זיינע ווערק זענען א מוסטער פון געניאלער פשטות אין סטיל און פאָרם, און גלייכצייטיק פון ראפינירטעסטער געדאנקען-קאָמפּליצירטקייט.

אַנאַטאָל פראַנס איז דער קטיגור און גלייכצייטיק סניגור פון אונזער צייט, זיינע ווערק זענען א געניאלע אָפּשפּיגלונג פון די סאָציאַל-פּאָליטישע און קינסטלערישע ראַנגלענישן פון דער מענטשהייט.

דער פארלאַג ש. גאָלדפאַרב אין ווארשע איז צוגעטרעטן ארויסצוגעבן אין דער יידישער שפראַך אלע ביז איצט נאָך ניט דערשינענע ווערק פון בארימטן פראַנצויזישן שריפט-שטעלער און נאָבעל-לאורעט אַנאַטאָל פראַנס:

ביז איצט זענען דערשינען פאָלגנדע ווערק:

| | |
|---|---|
| קאָמישע געשיכטע | |
| דער פּינגווינען-אינזל — | יידיש מ. האָלצבלאַט |
| דאָס פאַרברעכן פון סילוועסטער באָנאַר | „ „ „ |
| אינם שאָטן פון דער קירך | „ „ „ |

עס גרייטן זיך צום דרוק און דערשיינען אינגיכן:

| | |
|---|---|
| עפּיקורס גאָרטן — | יידיש מ. האָלצבלאַט |
| דער הילצערנער מאַנעקען | „ „ „ |
| דער אַמעטיסטן-רינג | „ „ „ |
| ה' בערזשערע אין פאַריז | „ „ „ |
| די זיבן פרויען פון בלויבאָרדיקן | „ „ „ |
| זשאָקאַסטע — | „ „ „ |

עס דרוקט זיך און דערשיינט אינגיכן:

געאָרג בראַנדעס — אַנאַטאָל פראַנס זיין לעבן און ווערק.

